# A SHTOT OYF DER VOLGE

Ephraim Kaganowski







NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

אפרים קאַגאַנאַווסקי

# אַ שטאָט אויף דער וואָלגע

פארלאג 

ווארשע

1961

E. KAGANOWSKI

# MIASTO NAD WOŁGĄ

Redaktor: D. SFARD

רעד: ד. ספארד

Okładkę projektował: R. Chwoles

הילע געצייכנט: ר. כוואלעס

*Printed in Poland*

WYDAWNICTWO „IDISZ BUCH" WARSZAWA, NOWOGRODZKA 5

Nr. zam. 1695. Nakład 3.500 egz. Papier druk mat. V kl. 61x86 70 g. Ark. druk. 18,5. Ark. wydawn. 15. Druk ukończono w lutym 1961 r. Druk. RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. S-72

.1

אין די שווערע, טונקעלע טעג, אין טיפן האַרבסט טויזנט נײַן הונדערט איין און פערציק, איז ער, נאָך לאַנגע חדשים אַרומוואַנדלען, טעג און נעכט, אָנגעקומען אין דער אַלטער רוסישער וואָלגאַ־שטאָט.

די אַלטע, ברייטביימיקע, רוסישע שטאָט האָט זיך אין דעם אָסיענדיקן טאָג באַלד פאַר אים געעפנט ווי איינס פון די הונדערטער רוסישע ביכער, וואָס ער האָט פאַר זיין לעבן דורכגעלייענט, נאָך דאָרט, אין דער היים, אין פוילן.

עס האָט באַלד אין אים אויפגעלעבט דאָס געמיט, וואָס ער האָט פון די ביכער אַרויסגעזויגן אין יענע ווייטע נעכט, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל אין דעם טאַטנס שטוב, מיט דעם געוועלבל, ווו ס'איז געווען ענג. און אין דער ענגשאַפט האָבן זיך געריבן: דעם טאַטנס אַ ביסל פרומקייט, צוזאַמען מיט זיין וועלט פון „שטורעם און דראַנג“, וואָס ער האָט אַרייַנגעבראַכט אין דער אָרעמער, יידישער שטוב פון דער נייער צעשטורעמטער גאַס. ער האָט נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, צי איז דאָס געווען אַ ריח, צי אַ פאַרב, צי ביידע צוזאַמען. ער האָט נאָר געפילט ווי עס גיסט זיך אין אים אַריין אַ פריידיקער אומעט, וואָס האָט אים שטענדיק אָנגעפילט, ווען ער האָט אין זיין פאַרשטעלונג אַרויסגערופן פאַר זיך: ר ו ס ל אַ נ ד.

ער האָט איצט, שפּאַצירנדיק און בלאָנדזשענדיק איבער די ברייטע, האַלב־דאָרפישע גאַסן, מיט דעם וואַנדער־זעקל אויף דער פלייצע, פאַרגעסן אַ סך יאָרן, זינט יענע טעג, וואָס זענען אים אויפגעשטיגן אין זיין זינען. ער האָט כמעט פאַרגעסן אין זיין שווערער זאָרג פון זיין היימלאָזיקייט און עלנט, אין וועלכער נאָר אַ פוילישער ייד האָט זיך געקאָנט געפינען אין יענע טעג.

אַ שווערער פראָסטיקער ווינט האָט געיאָגט און געשמיסן די פייכטע בלעטער, וואָס זענען איינגעקנאָטן געוואָרן אין דער גליטשיקער לײמיקער ערד. אַ ביטערלעך־זיסער טעם פון דער שטאַרבנדיקער נאַטור, ווי דער ריח פון צעלייגונג האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די ליפּן. שווערע, קילע וואָלקנס האָבן געצויגן איבער די אַלטע, גרינגע דעכער. די שטאָט איז געלעגן ברייטצעוואָרפן באַרג־אַראָפּ, מיט שטיקער וועלדער, פּלעצער, מיט סעדער, גערטנער, און אַלטע, זאַפּטיקע פּלויטן, גאַסן און געסלעך האָבן זיך געקניפּט און געקנוילט, ווי אַלטע שטריק, אַראָפּ צו די פאַרנעפּלטע ברעגן פון דער וואָלגאַ.

דאָ איז נאָך געלעגן דער דרימל פון דער אַלטער רוסישער פּראָווינץשטאָט מיט האַלב־דאָרפישע גאַסן. די פון גרויען האָלץ געשניטענע, ביזאַנטישע און כאַנישע טויערלעך, די אַלטע, הילצערנע „אָסאָבניאַקן“, ווי פאַרגעסן אין אַ טיפער אַלטפרענקישקייט, איינגעגראָבענע אין דעם טיפן האַרבסטיקן גרינס, האָבן אָנגעהיצט ביי דעם פּוילישן ייד אַ גליענדיקן נייגיר צו דער אַלט־באַזעסנקייט פון די נעסטן, פון די גרינגע דעכער, וואָס האָבן ווי אַלטע שמות דערציילט פון ווייטע, פאַרלאָפענע צייטן. די געשניצטע הענער אויף די קוימענס און די צירונגען אויף די פענצטער־ראַמען זענען ענלעך געווען צו די אַלטע מעשיות, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעלייערט די געשטאַלטן, וועלכע ער האָט געקענט פון די רוסישע ביכער.

אָט דאָ האָבן געשפּאַנט די גוטמוטיקע, פּשוטע ריזן מיט זייער פּיין און אַמפּערניש. ער האָט טיף איינגעאָטעמט אין זיך די פייכטע, נעפּלדיקע לופט, וואָס האָט ווי איינגעהילט אין אַ שלייער די גרויסע, הודזשענדיקע שטאָט, וואָס איז געלעגן העכער, אַרויף באַרג. פון דאָרט האָט זיך דערטראָגן דאָס אייזערנע קלימפּערן פון דעם טראַמוויי און די רייסנדיקע סירענעס פון די אויטאָמאָבילן.

אויבן אין דער וואָלגאַ־שטאָט האָבן שוין די גאַסן און די טעג געלעבט מיט דער פיבערהאַפטיקייט. און נישט ווייט, אויף די וועגן צו מאָסקווע, האָט זיך שוין געקייקלט דער פייערדיקער ראָד פון דער מלחמה.

דעם מלחמה־פיבער האָט ער שוין געזען אויפן וועג. ער האָט נישט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף פון דער צייט, ווי לאַנג, וויפל טעג און וויפל נעכט ער האָט געוואַנדערט ביז אַהער פון די ברענענדיקע, ווייסרוסישע שטעט, ווהין דער שונא האָט זיך פלוצלונג אַריינגעריסן. און עס האָט זיך אַ דריי געטאָן פאַר אים אַ בלענדנדיק ראָד פון פייער און משוגהדיקן טויטגעלויף. די צייט האָט אויפגעהערט זיך טיילן אויף טאָג און נאַכט. ווי

אַ ווינט איז געלאָפֿן די צייט און אומגעוואָרפֿן יעדע אָרדענונג. צענדליקער משונהדיקע צופֿאַלן האָבן זיך צונויפֿגעלייגט דערויף, ער זאָל קאָנען אַרויס פֿון דער פֿייערדיקער נעץ. נאָך וואַנדלען צופֿוס און אין לאַנגזאַמע, צופֿעליקע באַנען, נאָך טעג און נעכט וואַגלען אויף די ווייטע, פֿאַרשטומטע און פֿאַרנעפּלטע ווייטן, האָט ער איצט, אָטעמענדיק מיט דער פֿייכטקייט פֿון דער נאָענטער, אַלטער וואָלגאַ, אָפּגעשטעלט אין זיך דעם טויט־געלויף.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינער פֿון די בענק, נעבן אַן אַלט, געשניצט טויערל, ווו עס איז געלעגן פֿאַר אים אַ פֿרעמדע, זעלטזאַמע ריו פֿון פֿרידלעכן, זיכערן וווינען, וואָס האָט איצט פֿאַר דעם פּוילישן ייִדן אַזוי פֿרעמד און ווילד אויסגעזען.

* *
*

דער אָוונט האָט זיך אַריינגעקליבן אין די הויפֿן־סעדער, וואָס זענען פֿאַרהילט געווען אינעם שפּעט־האַרבסטיקן, לעצטן, גרויען, און רויט־גריינעם געביש און אָנגעדראָלענער, ליל־גרינגער, פֿייכטער ערד.

דער וואַנדערער האָט נאָך געהאַט אַ סך צו פֿרעגן ביי די דורכגייער וועגן גאַסן און הייף, פֿון וואַנען עס האָט פֿאַר אים אַרויסגעשלומערט אַ שוואַכע האָפֿענונג אויף אַ נאַכטלעגער. ער האָט געהאַט אַ פֿאַרשריבענעם אַדרעס, וואָס האָט געגעבן אַ צווייפֿלהאַפֿטע רעכט צו פֿאַרנעמען אַ ווינקל אין עפּעס אַ שטוב.

מיט אַזעלכע צעטלען זענען די היימלאָזע באַזאָרגט געוואָרן אויף דעם עוואַקואַציע־פּונקט, ווו אַ בלייך, נישט־אויסגעשלאָפֿן מיידל האָט אויף אַ פּאַפּירל אויפֿגעשריבן עפּעס אַ גאַס און אַ נאָמען.

דער נאָמען פֿון דער גאַס האָט פֿאַר אים געקלונגען ווי דער נאָמען פֿון אַ פּעקל ביליקע פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט אַמאָל געקויפֿט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל און ערשט אָנגעהויבן בגנבה רויכערן. דער נאָמען פֿון דער גאַס האָט געהאַט אַ לייכטן, פֿאַרביקן קלאַנג: „ציגאַנקאַ“. דאָס האָט באַדאַרפֿט זיין אַ שטאָט־טייל, וואָס האָט אָנגעזאָגט פֿון איר הפֿקרדיקער רעפּוטאַציע.

דערפֿאַר אָבער דער נאָמען פֿון דעם מענטש, ביי וועמען ער האָט באַדאַרפֿט געפֿינען אַן אָרט, האָט אים געקלונגען פֿרעמד און שטרענג. „סטעפּאַנידאַ איוואַנאָווונאַ“. ביים קלאַנג פֿון דעם נאָמען האָט פֿאַר אים אַ שימער געטאָן די גרינע און גאָלדענע קופּאָלן פֿון די צערקוועס, וואָס

האָבן זיך אַרויסגעשיילט פֿון דעם נעפּל, און געוואַקסט איבער דער אַלטער,
רוסישער שטאָט. אָבער די איבערמענטשלעכע מידקייט, האָט אים געמאַכט
גלײַכגילטיק צו דעם עול פֿון היימלאָזיקייט, און צו דעם, וואָס מיט אים
וועט געשען ווייטער. פֿאַרקערט, דער שטייגער פֿון די פֿרעמדע, רוסישע
שטובן האָט אין אים אויפֿגעהויבן אַ רייצנדיקן נייגיר. ער האָט אין פֿאַר=
בראָגנקייט געפּרוווט אַרויסרופֿן פֿאַר זיך דאָס געשטאַלט, וואָס האָט גע=
טראָגן דעם שטרענגן נאָמען. און פֿאַרמאַכנדיק די אויגן פֿון מידקייט, האָט
ער שטיל, פֿאַר זיך, איבערגעחזרט: „סטעפּאַנידאַ“...

* *
*

אין מערב האָט זיך דער נעפּל איבערגעריסן מיט אַ לאַנגן, דינעם
פּאַס, ווי אַ ריזיקער, זילבערנער פֿיש. באַלד האָט ער זיך ווי אַ פֿאָרהאַנג
פֿאַרנומען אויפֿן האָריזאָנט. דער לאַנגער זילבער=פּאַס האָט זיך געשפּאָלטן
אין בלייכע, ראָזע, גאָלדיקע שטרייפֿן.

אין איין רגע האָט די גאַנצע געגנט אויפֿגעשפּילט מיט אַ גאָלדענעם
שטויב פֿון דער זון. דער וואַנדערער האָט געקוקט, ווי אין דעם ליכט=שטויב
האָבן זיך אַ כאָפּטע קינדער געשפּילט. ער האָט זיך פֿאַרקוקט, ווייל דאָס
האָט אים איצט אַזוי וווּנדערלעך אויסגעזען, נאָך דער לאַנגער קייט ברע=
נענדיקע און לויפֿנדיקע מענטשלעכע נעסטן, פֿון וועלכע ער איז אָנגעקומען.
ער איז געזעסן אויף דער האַרטער באַנק, וואָס איז איצט פֿאַר אים מיט
אַ ווייכער רו אונטערגעבעט געווען.

לויפֿנדיק דורך די פּלויטן פֿון איין פֿורטקע אין דער צווייטער, האָבן
זיך די יינגלעך געשפּילט. זייערע קרעפּטיקע קולות האָבן פֿאַריאָגט זיין מידן
דרימל, וואָס האָט אים שוין מיט אַ קראַנקהאַפֿטער וואַרעמקייט אַרומגע=
נומען.

אויף אַ נידעריק, גרין דעכל פֿון אַ פֿעדער=הייזל האָט אַ צען=יעריקער
„באָמבאַרדירט“ פֿון אַן אַעראָפּלאַן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט שווערע שטיי=
נער און דערביי געהודזשעט ווי אַ מאָטאָר. די שטיינער זענען געפֿאַלן מיט
אַ פֿייף. די איבעריקע האָבן אָנגעבויגן זייערע פֿלאַקסענע קעפּ, זיך געגנבעט
מיט זייערע הילצערנע ביקסן, געפֿאַלן צו דער ערד, אויפֿגעהויבן זיך און
איבערגעלאָפֿן מיליטעריש. און איינער, אַ קליינער, אַן אָפּגעריסענער, מיט
אַ זויט פּנים פֿון אַ נאַר=וואָס געבוירענעם און גרינע, שטייענדיקע אויגן,
ווי שאַרפֿע גלעזלעך, האָט מיט אַ קרום=אויפֿגעריסן מויל געשריגן.

— שלאָגט די דייטשן... די פֿאַשיסטן... או=ר=ר=ראַ....

די חברה האָט זיך אַ שאָט געטאָן פֿון אַלע זייטן. זיי זענען געשפּרונ=גען און געלאָפֿן מיט אַ ווילדן אימפּעט. נישט געקוקט אויף די באָמבע=שטייגער, וואָס דער „אַעראָפּלאַן" אָן אויפֿהער האָט געוואָרפֿן, האָבן זיי זיך ווי די קעץ אָנגעכאַפּט אין דעם גרינעם דעכל. דער „אַעראָפּלאַן" האָט שוין איצט געאַרבעט מיט די הענט און מיט די פֿיס, אָבער נאָר אַ מינוט האָט געדויערט די אַמפּעריגיש און שוין איז דער „באָמבאַרדירער" גע=קראָכן אויף די קני, געשלעפּט פֿון די זיגער.

— זאָל ער „באַלטייען" אויף דייטש... — האָט איינער געשריגן. און דער „געפֿאַנגענער" האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, זיך געמאַכט פֿאַר אַ נאַר און ציטערנדיק פֿאַר שרעק, גענומען אויסשרייען עפּעס משונהדיקע ווער=טער, וואָס האָט באַדאַרפֿט הייסן: דייטש.

.2

מיטאַמאָל האָט דאָס קליינוואַרג איבערגעריסן די מלחמה=שפּיל און זייערע פֿאַרמריזשעטע בליקן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין דעם פֿרעמדן מיטן זעקל, אויף זיין קאַפּעליוש און אין דעם העלן, פֿאַרשטויבטן און פֿאַר=ברודיקטן זומער=מאַנטל, וואָס האָט נאָך געהאַט דעם שניט און דעם פֿאַסאָן פֿון וואַרשע. זיין פֿרעמדער הולך און אויסזען האָט מיטאַמאָל צוגעצויגן זייער אויפֿמערקזאַמקייט און זיי האָבן זיך ווי אַ סטאַיע אָנפֿאַלער אַרומ=געשטעלט אַרום אים, שטיל זיך איבערגעוואָרפֿן מיט האַלבע ווערטער און סיגנעס.

דער פּוילישער ייד איז שוין דערמיט אויך געפּרווט געוואָרן אין די טעג פֿון זיין וואַנדלען. נישט איין מאָל, פֿאַר די לעצטע וואָכן, אין יעדן דאָרף, אין יעדער קלייגער שטאָט און אויף די וואָקזאַלן האָט זיין פֿרעמדער אויסזען אַרויסגערופֿן אַן אומצוטרויִלעכן בליק. די פּשוטע רוסישע גאַס האָט — אין די טעג — אין אַלעם, וואָס האָט אויסגעזען פֿרעמד, געזען עפּעס פֿון דעם דייטש, פֿון דעם שרעקלעכן שונא, וואָס האָט זיך גערוקט אויפֿן לאַנד. דער פֿרעמדער האָט שוין געוווּסט פֿון דעם אומהיימלעכן געפֿיל פֿון פֿאַרלוירנקייט, וואָס כאַפּט אַרום ווען מען דער=הערט נאָך דעם ברום פֿון דעם דערצערנטן פֿאָלק — אין יענע טעג. ער האָט אָבער אויך געוווּסט די ברייטהאַרציקייט און גוטמוטיקייט, וואָס מען באַגעגנט דאָ יעדעס מאָל, און ער האָט מיד געשמייכלט. ער האָט געוווּסט,

אַז דאָס דראָענדיקע אַרומריגגלען אים וועט זיך ענדיקן מיט אַ געבראַכטן פון ערגעץ לאַנגזאַמען מיליציאָנער, וואָס וועט מיט אַ געמאַכטן ערנסט אַדורכשטודירן זייַנע פּאַפּירן.

אָבער די פּנימער ביי די ייִנגלעך זענען געוואָרן וואָס אַמאָל ערנסטער און אָנגעשטרענגטער. און מיטאַמאָל האָט דער דערוואַקסענער פון זיי, דער זעלבער, וואָס האָט נאָר־וואָס געשפּילט דעם דייטשישן פּליער, זיך דערנע־ענטערט צו אים און שטרענג אַ פרעג געטאָן:

— עי, „דיאַדיאַ“... ווער אַזעלכער ועסטו זיין?... נאָך וואָס ביסטו אַהערגעקומען?...

דער פרעמדער האָט מיט דעם זעלבן שמייכל געענטפערט:

— איך... איך בין אַ „ביעזשעניעץ“...

די ייִנגלעך האָבן זיך כיטרע איבערגעקוקט:

— וואָס רעדט ער דאָרט... זאָל ער זאָגן... — האָט איינער געשטופּט דעם צווייטן.

— ער איז אפשר אַ שפּיאָן... אַ גערמאַנסקי... — האָט געשריגן דער קליינער, מיטן רויטן פּנים, איבערשטעלנדיק די הילצערנע ביקס און שפּיי־ענדיק ווי אַן אמתער זעלנער.

אַ צווייטער, וואָס איז איגנאַנצן באַשיט געווען מיט זומער־שפּרענקע־לעך, האָט אַ זאָג געטאָן:

— אָט איז ער אין אונדזערע הענט... אַ „גערמאַנסקי“ שפּיאָן אַריינ־געפאַלן...

און ער האָט אַרויסגעשטעלט זייַנע גרויסע, געלע ציין.

דער פּוילישער ייִד האָט נאָך אַלץ געפּרוווט שמייכלען. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געהאַט אַרום זיך קינדער מיט הילצערנע ביקסן, האָט ער דאָך דערפילט אַן אומבעכטיקייט, ווען פון זיי האָט מיט־אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אַן איינגעשפּאַרטער כוח. ער האָט דערפילט אַרום זיך אַ פאַרמאַכטע וועלט, נישט צום אָפּווענדן, ווי א ים וואָלט אויף אים געאָטעמט. ער האָט זיך אומבאַהאָלפן אַרומגעקוקט און דערזען, אַז אַרום אים פאַרגרעסערט זיך דאָס ראָד. עס האָבן זיך שוין איצט אויך פאַר־האַלטן דערוואַקסענע, עטלעכע ווייבער און מענער האָבן שוין איבערגעהזרט דאָס דראָענדיקע וואָרט: „שפּיאָן“. ער האָט געוואָלט עפּעס קלאָר מאַכן און האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז אים פעלט שפּראַך, און די רוסישע ווער־טער, וואָס ער האָט געברויכט, ווערן ביי אים מאָדנע צערונען און דער־

גייען נישט צו די אַרומיקע. דעמלט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— רופט אַ מיליציאָנער!...

ער האָט געפּרוווט זיך צוריק אַוועקזעצן, אָבער די קינדער זענען שוין געווען אין טראַנס. דער גאַנצער האַזאַרד פון דער מלחמה־שפּיל איז אַריבער אויף אים.

— דאַוואַי נאַ מיליציו... — האָט שוין געשריגן דער געוועזענער „אַעראָפּלאַן" און צענער הענט האָבן אים גענומען אונטערשטופּן.

אַרום זענען שוין געשטאַנען רעדלעך. און עפּעס אַ באַבע מיט לאַנגע, טרוקענע, פאַרביילטע הענט און טיפע, צעריסענע קאַלאָשן האָט דער־ציילט גרויליקע מעשיות פון געכאַפּטע דייטשע שפּיאָנען, וואָס אַלע האָבן געטראָגן „שליאַפּעס" און אויסגעזען אָט אַזוי ווי דער „דיאַדיאַ". אַן עלטערער מאַן מיט דראָטענע ברילן, אין אַ גרינעם, האַלב־זעלנערישן מאַנטל, האָט געטענהט, אַז מען האַרף „פּראָווירען". ער האָט גערעדט רואיק, מיט די הענט אין די קעשענעס. דער פרעמדער האָט מיטאַמאָל דערזען די ווייכע גוטסקייט, וואָס האָט אַרויסגעבליקט פון זיינע בלויע אויגן און זיך אַ לאָז געטאָן צו אים:

— אָט וועל איך אייך, „טאָוואַרישטש", קלאָר מאַכן... אָט זענען מיי־נע דאָקומענטן... איך בין פון פּוילן... ביי אונדז איז דער דייטש... איך בין אַנטלאָפן...

דער עלטערער מאַן האָט אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס׳

— וואָס זאָל מען טאָן, טייערינקער... מיר מוזן היטן... קיינער וויל דיך נישט „אָבידיען"....

און קוקנדיק אויף די יינגלעך, וואָס האָבן זיך וועלפיש געדרוקט און מיט זייערע פאַרברודיקטע, קליינע, קרעפּטיקע הענט שוין געהאַלטן די ברעגן פון דעם פרעמדנס זומער־מאַנטל, האָט ער מיט זיין וואַרעמער, ני־דעריקער ברוסט־שטימע גערעדט:

— בעסער וואָלט איר „רעביאַטאַ" אַזאַ מענטשן... אַ „ביעזשעניעץ"... אַ שטיקל ברויט... אַ ביסל „קיפּיאַטאָק" געברענגט... אַ מענטש איז מיד פון וואַנדערן... אַך, צייטן... „קאָניעטשנאָ" דאַרף מען קוקן... היטן... אָ, גער־מאַניאַ האָט נישט איין שפּיאָן צו אונדז אַריבערגעוואָרפן... אָבער דאָס דאַרף מען „פּראָווערייען"... אָט...

און אין מיטן דעם גאַנצן רעש, האָט מען פון ערגעץ אַראָפּגעבראַכט אַ קליינעם מיליציאָנער מיט לאַנגע אַרבל. ער האָט זיך אָפּגעיאָגט פון די ייִנגלעך און פון די באַבעס:

— גו, „לאַדנאָ"... „לאַדנאָ"... און אַ קוק מוטנדיק אויף דעם ייִדישן יונגנמאַן מיט דעם פּעקל, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— „דאָקומענטי"...

אַלץ אַרום איז שטיל געבליבן און מיט פאַרכאַפּונג אַריינגערוקט די קעפּ אין די עטלעכע פּאַפּירלעך, וואָס דער מיליציאָנער האָט געהאַלטן אין די הענט און געפּאַרשט. עס האָט לאַנג געדויערט. דער מיליציאָנער האָט צומאָל פאַרמאַכט די אויגן, עפּעס געפרעגט, אויף וואָס דער פרעמדער האָט שנעל געענטפערט:

— צו וואָס זענט איר אַהערגעקומען?...

— איך בין עוואַקואירט, אָט איז דאָס צעטל פון דעם עוואַקואַציע-פּונקט... איך דאַרף אויף „ציגאַנקאַ"...

— אויף „ציהאַנקע" גייט מען גישט דאָ... גאָר אַרויף... — האָט דער מיליציאָנער אַ וויז געטאָן מיט דעם צו לאַנגן אַרבל. אָפּגעגעבן דעם פרעמדן זיינע פּאַפּירן, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו די אַרומיקע:

— גו, וואָס „רעביאַטאַ"... אַלץ אין אָרדענונג... „עוואַקויראָוואַני"...

דער עולם האָט אויפגעכאַפּט דאָס נייע, משונהדיקע וואָרט און עס איבערגעחזרט אויף פאַרשידענע אופנים. איינער, פון די קליינע „סאָל-דאַטן", האָט אַ גלעט געטאָן דעם פרעמדן איבער דער פּלייצע און מיט אַנטציקונג אַ זאָג געטאָן:

— ער, טי, „עוואַקויראָוואַני"....

און די ברייטביניקע אַלטע פאַרנעפּלטע שטאָט האָט זיך מיטאַמאָל פאַר דעם פרעמדן געעפנט מיט אַ האַרציקער אָפנקייט.

*　　*

*

דער נעפּל האָט זיך צוריק געשטעלט. די בלייכע שטראַלן פון דער זון זענען פאַרשוואונדן. ביי די זייטן זענען געשטאַנען אַלטע קלאָגן-ביימער, וואָס האָבן מיט זייערע נאַקעטע צווייגן איבער אים געאָטעמט מיט פרי-שער קילקייט.

די שטאָט איז צוליב די מעגלעכע אָנפליען פונעם שונא נישט באַ-לויכטן געוואָרן. דערפאַר האָבן פון אַלע זייטן מענטשן געוואַלט מיט

אַ באַזונדער געאייל. מיט אַ שווער געקלימפּער האָט זיך דורכגעטראָגן אַ טראַמוויי, באַלויכטן מיט אַ קליין, בלוי לעמפּל. דער טראַמוויי איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, און דעם פרעמדן האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז די בלויע, בליצנדיקע ליכט פונעם טראַמוויי פירט ערגעץ צו אַ היים. און קוקנדיק אין דער ווייט, ווו די גראָקייט האָט זיך געטונקלט, האָט ער פאַרשנעלערט זיינע טריט. פּלוצלונג האָט עפּעס אַ האַרטע האַנט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אַרבל, אַן אומהיימלעכער ראַץ איז אים אַריבער איבערן האַרצן, ווען ער האָט דערזען נעבן זיך דאָס בלייכע, גרינלעכע פּנים פון דער באַבע, וועלכע האָט דערציילט וועגן די דייטשישע שפּיאָנען, וואָס האָבן אַלע געטראָגן „שליאַפּעס“.

אָבער איידער ער האָט צייט געהאַט צו דערהערן וואָס זי האָט אים געזאָגט, האָט זי אים אַ רוק געטאָן אין דער האַנט אַריין אַ שטיק וואַרעם, טונקל ברויט, און אַריינלאָזנדיק דעם קאָפּ אין די אַקסלען, וואָס זענען געווען אַרומגעבאַבלט מיט אַ גראָב טוך, איז זי מיט גיכע, ווייכע טריט פון אירע צעריסענע קאַלאָשן פאַרשווּנדן אין דעם נעפּלדיקן טונקל...

## .3

דער הינטערשטאָטישער טייל „ציגאַנקאַ“ איז געלעגן נידעריק אין טאָל פון דער שטאָט, פון וואַנען עס האָבן זיך אין אַלע זייטן אויפגעהויבן געסלעך, באַרג־אַרויף צום צענטער. אין דער טיפער אָוונט־טונקלקייט האָט די „ציגאַנקאַ“ אויסגעזען ווי אַן אַלט בילד פון אַ ווייטער, פאַרגאַנגענער צייט. לאַנגע, שמאָלע, נידעריקע הייזער, פאַרפינטלטע מיט שורות פענצטערלעך ווי תּפֿיסות אָדער שפּייכלער; אַנדערע הייזער האָבן אויסגעזען ווי גרויסע טויבן־שלאַקן, האָבן געקוקט שטאַר און סודותפול, מיט אייזערנע, שווערע, געהעמערטע טירן. אַ קיילעכדיקער מאַרק מיט הילצערנע בוידן, באַמאָלטע מיט קינדערישע, גרעלע קאָלירן, רויטע, בלויע און געלע, און אין דער סאַמע מיט: אַן אַלטער, הויכער, אייזערנער ברונעם מיט אַ לאַנגן, געדרייטן פּלומפּ.

אין דער טונקלקייט פונעם אָוונט האָט ער קוים דערכאַפּט דעם אָפּגעריבענעם נומער פונעם הויז, און אַריבערגעשפּאַנט דעם נידעריקן, קרומען טויער. דער הויף איז געווען אַ לאַנגער, ווי אַ גאַס. פון ביידע זייטן טונקעלע נידעריקע הייזער. אין די פענצטער איז קיין ליכט נישט געווען, דען זיי זענען געדיכט געווען פאַרהאָנגען. שאָטנס פון מענטשן האָבן געווימלט

פון אַלע זייטן, פון אַלע טונקעלע טירן, פונעם גאַנצן לאַנגן און שמאָלן הויף האָט זיך געטראָגן ווי אַ צוגעשטיקטער רעש.

דעם פרעמדן האָט אַרומגענומען דאָס אומהיימלעכע געפיל, וואָס באַהערשט אַ יידן צווישן בלויז נישט־יידן. ער האָט אָבער קיין צייט נישט געהאַט זיך אָפּצוגעבן דעם געפיל, ווייל דער אָוונט האָט גיך געטונקלט, און די מידקייט האָט אים אונטערגעיאָגט ווי מיט אַ בייטש. ער האָט געוואָלט נאָך אָפּשטעלן דאָס באַוועגן מיט די פיס, אויפהערן טראָגן די איינגענע וואָג און לאָזן אָפּשטראָמען די מידקייט פון די ביינער. עס האָט אים אויך געשראָקן דער אומבאַקאַנטער דרויסן און די נאַכטיקע פינצטערניש אָן אַ ברעג.

ער איז אַריין אין דער ערשטער, אָפענער הויז־טיר, אויף עטלעכע האַלב־צעשטערטע, שטיינערנע טרעפּ. דאָ איז שוין אינגאַנצן פינצטער געווען. אַ בלייכע ליכט־מראה האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן פון אַ קליין פענצטערל, אויסגעשניטן אין דער קאָרידאָר־וואַנט. ער האָט אַריינגעקוקט אינעם לאַנגן קאָרידאָר, מיט טירן פון ביידע זייטן. אין דער מינוט האָט זיך איין טיר געעפנט און ער האָט דערזען דעם פלעק פון אַ פרויען־געשטאַלט. זי האָט אים דערזען אין דער טונקל, זיך אַ וואַקל געטאָן פון דער פּלוצלונגער באַגעגעניש, און זיך פאַרהאַלטן, ווען ער האָט זיך געווענדעט צו איר, האַלטנדיק דאָס צעטל אין דער האַנט.

— סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ?... — האָט זי איבערגעפרעגט, ווי צוגויפנעמענדיק זיינע צעשיטע ווערטער, וואָס האָבן איר נישט פול געקלונגען, צוליב זיין אַקצענט: — סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ... יאָ, דאָס איז דאָ... די צווייטע טיר...

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט. אויב מען וועט אים דאָ נישט אַריינלאָזן, וואָלט ער כאָטש געבליבן דאָ איבער נאַכט, אין קאָרידאָר. ער האָט נאָך באַוויזן אויפצוכאַפּן דעם בליק פון אירע אויגן, דאָס איז געווען אַ יונג מיידל.

— סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ... אָט, דאָ...

זי האָט אים געפירט פאַר זיך, ער האָט געפילט די וואַרעמקייט פון איר פולן, געזונטן אָטעם. זי איז געווען זייער אַ יונגע, אַ הויכע און אַ שלאַנקע.

ער האָט איר נאָך באַוויזן צו דאַנקען, ווען זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין איינער פון די טירן און איז פאַרשווונדן אין דער פינצטערניש פונעם קאָרידאָר.

פאַר אים האָט זיך געעפנט אַ טיר און די ליכט פון אַן עלעקטריש לעמפּל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ לאַנגן שנור, האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין די אויגן. ער האָט געמוזט מיט דער האַנט פאַרשטעלן די שאַרפע, נאַקעטע ליכט, ערשט איצט האָט ער דערזען פאַר זיך אַ הויכע עלטערע פרוי. זי איז געווען גרויס און האָט פאַרשטעלט מיט זיך כמעט אַ העלפט פון דעם צימער.

„אָט דאָס איז סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ“ — האָט אים ווי אַ זאָג געטאָן אין מוח. אַזוי האָט ער זי געזען אין זיין פאָרשטעלונג.

איר ברייט, געלבלעך, עלטערלעך־געקנייטשט פּנים, די טאָרבעלעך אונטער אירע קליינע, גראָע, קינדערישע אויגן האָבן ביים ערשטן בליק אַלץ געזאָגט — און זיין שטים האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ היימישן און זיכערן קלאַנג:

— אַ גוטן אָוונט.

— אַ גוטן אָוונט.. טייערינקער...

זי איז געשטאַנען פאַר אים אין איר מעכטיקער, גלייכער וווקס, די הענט צונויפגעלייגט אין אַ שיפעלע אויפן האַרץ, ווי בעתן דאַוונען. פון אירע מאַטע, פאַרוואָלקנטע ליפּן האָבן אַרויסגעשמייכלט אירע יוגנטלעכע, שטאַרקע ציין.

— איך בין געקומען צו אייך... וועגן אַ וווינונג....

ער האָט איר דערלאַנגט דאָס צעטל, אָבער עס איז געבליבן ביי אים אין דער האַנט...

— גוט, טייערינקער... ווייז געזונטערהייט...

ער האָט באַדאַרפט נאָך עפּעס זאָגן וועגן דעם אָפיציעלן פּאַפּירל מיט דער רעכט צו באַקומען די וווינונג.

— צו וואָס... ליבינקער?... אָט האָסטו אַ האַלבע שטוב... אַפילו אַ ווענטל אָוועקגעשטעלט.... אַליין געבליבן... די זין... די איידעמס... אַלע דאָרט... אויפן פראָנט... וואָס זשע דאַרף איך, אַלטע... וווהין. טייערינקער...

אַ וואַרעמער וואָלקן האָט זיך אויפגעהויבן און שטיין געבליבן ביי אים אין האַלדז, זיינע אויגן זענען פאַרטונקלט געוואָרן פון אַ בריענדיקער פייכטקייט. ער האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין קלאַנג. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון דער פּלייצע דאָס וואַנדער־זעקל און זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אויף אַ הילצערן בענקל, וואָס איז געשטאַנען נעבן טישל. אים האָט זיך פאַרוואָלט אַזוי זיצן אָן אַ סוף.

זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען. אירע הענט האָט זי פאַרלייגט אויף די זייטן און דער בליק פון אירע קליינע, גראָע, קינדעריש־ריינע אויגן האָט געקוקט אויף אים רואיק און צופרידן. אָבער ז ײ ן בליק האָט פי־בערהאַפט געזוכט אין אַלע ווינקעלעך פון דעם שטיבל. אים איז געווען שווער צו גלויבן, אַז אין דער וועלט פון פייער און טויט איז צוגעגרייט פאַר אים דאָס רואיקע, פרידלעכע ווינקל. ער האָט געקוקט אויף די פּשוטע ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, וואָס האָבן געהאַט די פריידיקייט פון גוט־געוואַשן האָלץ, און ער האָט אין א זיסער פאַרשטאַרבונג פון האַרץ גע־קלערט וועגן אויסציען די פיס, אַט אַזוי, אויף פרידלעכע ברעטער, מיט דעם זעקל אונטערן קאָפּ.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַוועקגעזעצט מיט גלייך־פאַרלייגטע הענט. אי־רע שטרענג־אויסגעשניטענע, בולטע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, ווי זי וואָלט אַרויסגעשטופּט פון מויל ווערטער, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַראָפּגיין:

— פון וואַנען... פון וואַנען, מיין טייערינקער?....

ער האָט טיף אַריינגעאָטעמט אין זיך די לופט פון דער שטוב. ער האָט געוואָלט מיט זיין אָטעם אַריינדרינגען אין אַלע ווינקעלעך פון דעם ווייטן און פרעמדן לעבן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַז ער געפינט זיך אין אַן אַלטער רוסישער שטוב, אין איינער פון די, וואָס איז דורך דורות נישט באַטרעטן געוואָרן דורך די מענטשן, מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן מיט בלוט און מיט גורל: אַז די געוויינלעכע שטוב איז די אַרענע פון די גרויסע רעטעניישן, וואָס ער האָט נאָר פון די ביכער גע־קענט. ער האָט דערפילט די אור־פרעמדקייט, וואָס ליגט צווישן מענטשן, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, עפּעס אַריינברענגען אַזוינס, וואָס זאָל דאָ ווערן פאַרשטענדלעך. און ער האָט נישט געקאָנט אַזעלכעס געפינען, נישט אין זיין זינען, נישט אין זיין שפּראַך.

### .4

דער פּוילישער ייד האָט געפילט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, עפּעס ווענדעלעכס, וואָס דאַרף צורעכט מאַכן, אונטערשפּאַרן זיין רעכט אויף דער רו. זיין מוח האָט גיך געאַרבעט. ער האָט געוואָלט איר עפּעס קלאָר מאַכן, אָבער פון וואַנען ער איז געקומען האָט זי נאָך אַלץ נישט פאַר־שטאַנען.

זיין שפּראַך איז געווען צו אָרעם איר אַלץ מיטאַמאָל קלאָר צו מאַכן. און אים האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז דאָס, וואָס ער קאָן נישט געפינען די פּשוטע ווערטער, דערוועקט אין איר אַ חשד. אין אירע קליינע, גראָע, קינדערישע אויגן האָט אַ צאַפּל געטאָן ווי אַ שרעק. זי האָט געזאָגט:

— דו רעדסט נישט ווי אונדזערע...

— האָט איר געהערט... באַלעבאָסטעלע... פון אַ לאַנד... פּוילן?...

— יאָ... דאָרט איז דער דייטש,,, „גיסטשאַסניע"...

און עס איז אים גרינגער געוואָרן איר צו דערציילן. ער האָט מיט־אַמאָל געפונען ווערטער איר פאַרשטענדלעך צו מאַכן, ווי לאַנג עס דויערט שוין זיין וועג.

— פון דאָרט בין איך געלאָפן צו אייך אין לאַנד... מאַטושקאַ. געפונען ביי אייך אַ היים... פון שונאַ געלאָפן...

אירע קליינע, גראָע אויגן האָבן צוריקבאַקומען דעם קינדערישן גלאַנץ. און ער האָט מיטאַמאָל דערזען אין זיי קליינע, גלאַנציקע טראָפּן, ווי זיי וואָלטן אויפגעזאָטן און זיך צעלאָפן איבער די קנייטשן פון עם פּנים אַרום, ווי ריטשקעלעך.

— יאָ, יאָ... — האָט זי אַ טיפן זיפץ געטאָן און דער שמייכל פון אירע ווייסע ציין האָט זיך ווידער באַוויזן.

— איז... אויף וואָס זשע וועסטו שלאָפן, קרובֿל,... דו מוזט דאָך האָבן אויף וואָס צו שלאָפן.

דאָס ריינע שטיקל פּאָדלאָגע, נעבן טיש, ביי דער וואַנט, האָט אים אויסגעזען צו זיין גענוג, נאָך פיל נעבעכט אויף די וואָקזאַלן, אין שייערן, אָדער אויף דער פייכטער ערד. די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אָבער אַנדערש געמיינט:

— עס איז דאָך אָסיען, ליבינקער... ביינאַכט איז שוין ביי אונדז קאַלט... אַ מענטש קאָן נישט אַזוי...

אירע אויגן האָבן זיך פאַרטראָגן אינעם טונקעלן ווינקל, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשימערט אין טונקל גאָלד אַ קליינע איקאָנע.

— דאָרט... ליגן אונדזערע... טייערע אויף דער ערד... אָבער דאָ... כל־זמן מען איז נאָך אין שטוב....

דעם פּוילישן ייִד איז זיס געוואָרן, ער האָט נישט געפונען וואָס צו זאָגן און האָט געשמייכלט אין פאַרלעגנהייט.

זי האָט ווייך און שווער אַ שפּאַן געטאָן אינעם צווייטן שטיבל אַריין דורך דער טיר פונעם דינעם ווענטל. איר גרויסער, ברייטער שאָטן אויף דער וואַנט איז איר נאָכגעגאַנגען.

ער איז געבליבן אַליין אינעם צימער מיטן נאַקעטן, צו־ליבטיקן לעמפּל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ לאַנגן דראָט. די ליכט האָט שאַרף באַלויכטן דעם מיט פון דעם פּראָסטן, הילצערנעם טיש. ער האָט אָנגע־שטרענגט זיין מידן בליק און געוואָלט מיטאַמאָל באַקענען אַלץ, וואָס האָט זיך דאָ געפונען; אָבער האָס צימער איז כמעט ליידיק געווען. עס איז נאָר ביי דער זייט געשטאַנען אַן אַלטער קאַסטן, איבערגעדעקט מיט אַ שטיקל גרינעם טוך. ער איז אַריבער אין דעם צווייטן טייל צימער, ווו דאָס ליכט איז נישט דערגאַנגען. דאָס פענצטער איז געווען מאָדנע הויך און טיף איינגעמויערט אין דער וואַנט, פאַרדעקט און פאַרהילט אין שוואַרצן געוואַנט. ער האָט פאַרהויבן אַ ברעג פון דעם געוואַנט און ער האָט נאָר געזען די גלאַנציקע שטיינער פונעם הויף אין דעם ליכט, וואָס האָט זיך פון דעם פענצטער אַרויסגעריסן. ער האָט גיך צוריק פאַרדעקט דאָס פענצטער און ערשט דערפילט די שווערע קעלט, וואָס האָט גע־צויגן פון דער גאַס. די קעלט האָט אים דערמאָנט אין דעם שווערן גאַנג. זיין געדאַנק האָט אים גיך פאַרטראָגן צו די וועגן, פון וואַנען ער איז געקומען. דאָרט אַהין זענען געגאַנגען די, וועמענס אָרט ער פאַרנעמט איצט דאָ. דאָס איז אים איצט מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן און אַ גרויסער עול האָט זיך אַ לייג געטאָן אויף אים.

ער האָט געוווסט, אַז אין די טעג האָבן פיל פרויען, וואָס זייערע זין און מענער זענען אַוועק אין פייער, מיט אָנגעווייטיקטע בליקן געקוקט אויף אים, אַ גאַנצן און געזונטן יונגנמאַן, וואָס איז נישט קיין זעלנער, כאָטש קיינער האָט עס אים נישט געזאָגט. ער האָט פאַרשטאַנען זייער פאַרדרוס, זייער ווייטיק. און נישט איינמאָל איז אים געקומען דער גע־דאַנק , אַז ער האָט נישט קיין רעכט דאָ צו זיין; אַמייסטן, ווען ער האָט זיך געפונען אין דער ענגשאַפט פון אַ שטאָטישן ברויט־מאַגאַזין, ווו מען האָט פאַרקויפט גרויסע, ווייסע, זיסע רוסישע „פלושקעס", ווייסע בול־קעס, וואָס זענען נאָך דאָ, אין דעם וואָלגאַ־קאַנט, געווען צו באַקומען.

ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז ער געפינט זיך צווישן בלויז פרויען און קינדער. און צום ערשטן מאָל האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער נעמט עפּעס ביי עמעצן צו.

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט און נישט געוואָלט וועגן גאָרנישט קלערן. כאָטש ביז מאָרגן, ווען עס וועט קומען אַ נייער טאָג.

ער איז געזעסן און זיך צוגעהערט צו דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך געטראָגן הינטער דער טיר אין קאָרידאָר. פון מאָל צו מאָל האָט זיך געעפנט אַ טיר און עס האָבן זיך געהערט שטימען, דער עיקר פון פרויען. עס האָט זיך אויך געהערט אַ ברייטע און טיפע באַריטאָן־שטימע פון אַ מאַן. ער האָט גערעדט הויך און זיכער, מיט אַ רוסישן צוזינג. און ביי דעם פרעמדן האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיין קומען צו דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אַרויסגערופן דעם גערודער אין דעם קאָרידאָר. אַמיינסטן האָט זיך אים געדאַכט, הערט ער די טריט פון דעם הויכן יונגן מיידל, וואָס האָט אים די ערשטע געזען, און זיין האַרץ האָט געצאַפּלט פון עפּעס אַ מאָדנער רעגונג. די שטים פון דעם מאַן איז צומאָל געוואָרן דאָ נעענטער און דאָ — ווייטער. יעדעס וואָרט פון דעם מאַן האָט אַרויסגערופן אַ הייטערקייט צווישן די פרויען. און דעם פוילישן ייד האָט די שטים פון דעם מאַן, צוליב עפּעס אַ גישט קלאָרן זין, נישט געלאָזט געניסן פון דער רו.

אין זיין מידן מוח איז געגאַנגען אַ פיבערהאַפטע, קרענקלעכע אַר־בעט. דאָס, וואָס איז דאָ נאָך אַ מאַן אין דעם הויז, אַ מאַן, וואָס איז נישט דאָרט, אויפן פראָנט, האָט טיילווייז באַדאַרפט באַרעכטיקן אויך זיין אָנוועזנהייט דאָ. און ווער איז ער, דער מאַן? אָט רעדט ער זיך אַזוי זיכער און פרייליך איבער מיט די פרויען. ער איז געווים הויך און שטאַרק און מיליטעריש געקליידט; און זי, דאָס הויכע מיידל מיט די שטרענגע ברעמען און הויכע פּיס, איז נעבן אים. ער איז אפשר צו איר געקומען... זי דערציילט אים... אַז אַהער איז געקומען אַ פרעמדער, מיט אַ וואַנדער־זעקל אויף די פּלייצעס...

ער הערט כסדר אירע טריט אינעם טונקעלן קאָרידאָר. און ווען עס ווערט שטיל, דערפילט ער מיטאַמאָל אַ בייסנדיקע אייפערזוכט צו דעם נישט־געזעענעם מאַנצביל.

נאָר אָט האָט ער דערהערט אינעם צווייטן צימער דורכן ווענטל די שווערע, ווייכע טריט. דאָס זענען אירע טריט: ביי יעדן שאָרך אין דעם אומבאַקאַנטן הויז, פול מיט סודות פאַר אים, טוט זיין האַרץ אַ צאַפּל ווי ביי אַ פויגל. ער הערט סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַס טריט. אָט באַלד וועט זי מיט אירע ברייטע, ווייכע הענט אים אָנווייזן אויף דער טיר.

„טייערינקער — וועט זי זאָגן — גיי... איך וויים דיך נישט... איך קען דיך נישט“...

און אָט האָט זי זיך באַוויזן אויף דער שוועל. ער האָט ערשט איצט דערזען ווי ברייט און מעכטיק זי איז. זי פאַרנעמט מיט זיך די גאַנצע ברייט און הויך פון דער טיר. זי שמייכלט און ווייזט אירע יונגשלעכע, געזונטע, טונקעלע ציין. אויף דער האַנט האַלט זי אַ גראָע, האָריקע קאָלדרע.

— אָט האָסטו... — זאָגט זי — „ראָדנאַי“... וועסט דיך איינדעקן... מאָרגן וועל איך נאָך עפּעס געפינען פאַר דיר אונטערצולייגן...

זי האָט צוריק פאַרלייגט אירע הענט ווי צום געבעט און אַ געזונטע, קילע ריינקייט איז געגאַנגען פון איר.

דער פּוילישער ייד האָט נישט געזאָגט קיין דאַנק. ער האָט געפילט, אַז קיינער וואָרט נישט דערויף. ער איז נאָר צוגעגאַנגען נאָענט צו דעם גרויסן, שטאַרקן, פרעמדן מענטשן־געשטאַלט און דערפילט דעם אייביקן ריח פון איר גאַנצקייט. און ער האָט אַליין נישט וויסנדיק וואָס ער וויל זאָגן, נישט מיט זיין קול און מיט עפּעס אַ נייער שפּראַך, וועלכע ער האָט ביז איצט נישט געקענט, האָט ער הויך און דייטלעך געזאָגט:

— עס וועט זיין גוט... „מאַטושקאַ“... עס וועט זיין גוט...

.5

נאָך דעם קורצן, פאַרטראָגענעם שלאָף האָט דער פּוילישער ייד אויפ־געוואַכט, און דאָס גוטע געפיל, אַז דאָס שטיקל אָרט אויף די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע איז זיינס, וו ער האָט דאָס רעכט צו ליגן, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, צוליב די פעדעם בלייכע טאָג־ליכט, וואָס האָבן זיך דורכ־געריסן דורך דעם מיט שוואַרצן פאַרהאָנגענעם פענצטער. ער האָט דער־פילט ווי אַ פּאַרדראָס אויף דער קורצקייט פון דער נאַכט — וואָס איז אַזוי לאַנג, ווען מען שלאָפט נישט — ווי עמעצער וואָלט אים אָפּגע־נאַרט.

ער האָט זיך איינגעהערט, און מיט דער נייער שאַרפקייט פון זיין געהער, וואָס ער האָט דערוואָרבן מיט דער צייט פון זיין וואַנדערן, האָט ער אויפגענומען די וועלט אַרום זיך. ער האָט מיט צענדליקער סימנים, וואָס זענען אים אַליין נישט געווען באַקאַנט, דערפילט, אַז עס איז נאָך זייער פרי. ער האָט מיט אַ פּאַנישן געאייל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט

צו פאַרשפּעטיקן, מיט דעם באַזונדערן תענוג פון אַ פאַרוועטער זיינד זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, מאָס און וואָג, ווי ער וואָלט אָפּגעמאָסטן די פאַרבליבענע כוחות. זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט אין אַן אומעטיקן שמייכל צו דעם געפּלדיקן, אומבאַוווסטן, וואָס די בלייבע ליכט פון דעם נייעם, אומבאַקאַנטן טאָג האָט געבראַנגט.

אַרום איז געווען נאָך גאַכטיק שטיל. פון די שכנותדיקע דירות און פון דעם לאַנגן קאָרידאָר האָט זיך צומאָל געהערט אַ ווייטער קלאַפּ פון אַ טיר. פונעם הויף האָט זיך דערטראָגן דאָס הייזעריקע פּלומפּן פון וואַסער, און יעדע באַוועגונג פון דעם אויפוואַכנדיקן טאָג האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אומרו אין דעם זינען פון דעם וואַנדערער און אויפגעוועקט דעם דרימלענדיקן עול, וואָס איז אָנגעוואַקסן אין אים. צוזאַמען מיט אים האָט אויך אויפגעוואַכט עפּעס אַ דינער אָנגעווייטיקטער פאָדעם, וועלכער האָט אים פאַרבונדן מיט דעם מלחמה=פייער, וואָס איז געלאָפן נאָך אים, און דאָס געפיל, אַז דער שטח ווערט אַלץ קלענער, האָט אים נישט געלאָזט בלייבן אויף אַן אָרט. אַ וואַכזאַמקייט האָט געשטעקט אין אים ווי אַ דינע שפּיז, און עס האָט זיך געוואָלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסרייסן דעם גליענדיקן שפּליטער פון האַרץ און מוח, געפינען עפּעס אַן אָרדענונג, אַ צילמעסיקן גאַנג, אַ קלאָרן און געפּלאַנטן. און ווידער האָט ער דערפילט ווי אַ קנאה צו די פול=געפּאַקטע וואַגאָנען זעלנער, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף די וועגן צום פראָנט, קעגן שונא, מיט זייער געאָרדנטן, רואיקן גאַנג צו דער געפאַר און צום טויט.

עס האָט זיך אים, ליגנדיק אויף דער קאָלדרע, פון וועלכער ער האָט געפילט דעם ריח פון אַ פרעמדער, געזונטער רואיקייט — דער ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער גאַנצער אַלטער רוסישער שטאָט — דערמאָנט דאָס שמייכלענדיקע פּנים פון דעם יונגן רוסישן זעלנער, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן וועג אין דעם פענצטער פון אַ צוג, וואָס איז געפאָרן צום פראָנט. דאָס איז געווען בעת אַן אָנפאַל פון דייטשישע באָמבאַרדירער אין מיטן וועג, אין די ערשטע מלחמה=טעג, ווען דער פּוילישער ייד איז נאָך געפאָרן מיט אַ צוג עוואַקואירטע. דער צוג איז געווען איבערגעפּולט פון ציווילע; מענער, פרויען און קינדער, אַנטלאָפענע פון די אַרומיקע שטעט. מען איז געפאָרן טאָג און נאַכט, זיך פאַרהאַלטן אויף לאַנגע שעהן אינמיטן וועג, דורכלאָזנדיק הונדערטער צוגן מיט זעלנער, וואָס זענען געפאָרן אַהין, פון וואַנען מען איז געלאָפן; צום פראָנט, צום פייער.

די מיליטערישע צוגן זענען אָפּט געקומען שוין געלעכערטע פון

קוילן און באָמבעס, וואָס די דייטשן האָבן געוואָרפן פון דער הויך, אָבער די זעלנער זענען געשטאַנען אין די פענצטער און טירן פון די וואַגאָנען, געזונגען און געשפּילט אויף האַרמאָשקעס. זיי זענען אײַליק געפאָרן אַהין, פון וואַנען ער איז געלאָפן. זיי זענען געפאָרן אין פייער און ער, דער פּוי־לישער ייִד, האָט אויסגעמיטן צו קוקן זיי אין די אויגן.

בעת אַ דייטשן אָנפאַל זענען ביידע צוגן געשטאַנען איינער קעגן אַנ־דערן. ווי עס האָט זיך דערהערט דאָס וואַיען פון די דייטשע מאָטאָרן האָט זיך אויפגעהויבן אַ יללה. די עוואַקואירטע זענען אַרויס פון צוג, וואָס האָט אַליאַרמירט מיט אַ ווילדן פּייפעריי פונעם לאָקאָמאָטיוו. עס זענען געלאָפן אַלט און יונג אונטער דער געדיכטער קנאַקעריי פון קוילן. די מענטשן האָבן זיך געלאָזן אין דעם לייִדיקן פעלד, זוכנדיק אַ שוץ אונטער אַ בוים, אָדער אַ בערגל, פאָטערס און מוטערס האָבן אַרונטער־גענומען אונטער זיך זייערע קינדער, כדי זיי צו שיצן פון די דייטשע קוילן. די דייטשע פליער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן נידעריק, כדי בעסער צו צילן אין די שוצלאָזע מענטשן.

דעמלט האָט דער פּוילישער ייִד אין דעם פענצטער פון דעם קעגנ־איבערדיקן מיליטער־צוג דערזען דאָס פּשוטע פּנים פון דעם יונגן רוסישן זעלנער, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט אַ מילדן שמייכל פון זיינע הע־לע, בלויע אויגן. ערשט איצט האָט דער פּוילישער ייִד דערזען, אַז קיינער פון די זעלנער איז נישט אַרויס פון די וואַגאָנען.

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט דורך די נאָענטע וואַגאָן־פענצטער. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט. דער פּוילישער ייִד האָט דערפילט, אַז ער איז אונטער דער מאַכט פון דעם מענטשלעכן פּנים מיט די בלויע, מילדע, שמייכלענדיקע אויגן, און איז פאַרבליבן אויפן אָרט.

ער האָט איצט, דאָ ליגנדיק, זיך דערמאָנט דעם לעצטן בליק פון דעם פרעמדן זעלנער, ווען דער צוג האָט גערירט צום פראָנט.

ער האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אין דער גרויסער נאָענטקייט, וואָס ער האָט דעמלט דערפילט צו דעם זעלנער אין דער מינוט פון טויט־געפאַר, וואָס פאַר אַן אומבאַקאַנט געפיל פון שטאָלץ עס האָט דעמלט גע־קלאַפּט אין זיין האַרץ.

ער האָט זיך אויך איצט דערמאָנט וויפל פּשוטע, מענטשלעכע גוטס־קייט עס איז געווען אין דעם בליק פון דעם זעלנער, ווען זיין צוג האָט גערירט אַהין, אין דער פייערדיקער ווייט, מיט וואָס פאַר אַ בלויער וואַ־רעמקייט אין די אויגן ער האָט אַ געשריי געטאָן פונעם וואַגאָן־פענצטער:

— „פּראָשטשיי“...

דעמלט האָט דער פּוילישער ייד אָן מורא אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון זיין וואַגאָן צו זען נאָך אַמאָל דעם אומבאַקאַנטן און אַזוי נאָענט געוואָרענעם מענטש, און דאָ האָט ער נאָך דערכאַפּט זיין שטים, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו אים דורך דעם אייזערנעם רויש פון די רעדער:

— מיר וועלן נקמה נעמען... פאַר אייך...

איצט איז אים איינגעפאַלן אַ מאָדנער געדאַנק. פון דעם געדאַנק איז אים מיטאַמאָל היים געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעזעצט און צוגעדריקט די האָריקע קאָלדרע צום האַרץ. עס איז אים, געמלעד, איינגעפאַלן, אַז די קאָלדרע, וואָס וואַרעמט אים, איז אפשר יענעם רוסישן זעלנערס, וואָס ליגט איצט אונטערן פייער אויף דער קאַלטער ערד.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ ראַציק גרעגערן, וואָס האָט דעם פּוילישן ייד דערשראָקן, ווי יעדער קלאַנג אַרום אים, ווי אַ מעטאַלענע פליג וואָלט זיך אַריינגעריסן אין דער שטילקייט פון פאַרטאָג. עס האָט געדויערט אַ מיגוט איידער ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס רעדט דער ראַדיאָ, וואָס איז געהאָנגען הינטערן ווענטל. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ בלעכן טעלערל, וואָס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין כמעט יעדער רוסישער שטוב. באַלד איז דער רעש פאַרשוונדן און דעם ספּיקערס שטים איז אַריין אין אַן אומעטיקן, פאַרבלאָזן שטייגער, וואָס איז שוין אַזוי באַקאַנט געווען אין ד י טעג. באַלד די ערשטע ווערטער האָט דער ספּיקער געמאָלדן, אַז „אונטער דעם דרוק פון דעם שונאס איבערוויגנדיקע כוחות... האָבן מיר פאַרלאָזן די שטעט“...

יעדע שטאָט, וואָס דער ספּיקער האָט אָנגערופן, האָט ווי איבערגעלאָזן אַ שוואַרצן שאָטן אין דעם בלייכן ליכט פון דער שטוב. דער פּוילישער ייד איז אויפגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס אָנטון און איז געווען גרייט צו פאַרלאָזן די שטוב, ווי ער וואָלט געווען שולדיק פאַר די פאַרלוירענע שטעט.

איצט איז ער שוין געווען אָנגעטאָן און גרייט צו וואַנדערן. ער האָט מיט אַ באַזונדערער זאָרגפעליקייט צוגויפגעלייגט די קאָלדרע, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט עפּעס גוט מאַכן.

ער האָט שוין נישט געהערט די באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע נעמען פון די פאַרלאָזענע שטעט. ער האָט נאָר געוווסט, אַז יעדע שטאָט, וואָס דער שונא נעמט צו, איז נאָענטער צו אים, אַז דער דייטש יאָגט זיך נאָך אים. די פייערדיקע מאַפּע געפלאָכטן פון ברענענדיקע אָדערלעך, וואָס

דער פּוילישער ייִד האָט דעמלט געטראָגן אויף זיין מוח, האָט זיך אָנגע־רופן מיט אַ טיפן שטאָך ביי יעדן וואָרט פון ספּיקער. און דער שטח צווישן אים און די דייטשן איז יעדע רגע געוואָרן קירצער און ענגער, ווי עס וואָלטן שוין פאַרשטעלט געוואָרן אַלע וועגן. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז ער דאַרף איצט שטיל עפענען די טיר און אַוועקגיין, ער האָט אַפילו אַ שפּאַן געטאָן צו זיין וואַנדער־זעקל. און דאָ האָט ער, ביי דעם ווענטל אויף דער שוועל דערזען די הויכע, ברייטע געשטאַלט פון דער אַלטער פרוי. סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ איז געשטאַנען מיט די הענט פאַרלייגט, ווי פאַרגליווערט. ביי יעדן וואָרט פונעם ספּיקער האָבן זיך אירע אויגן פאַר־מאַכט און איר קאָפּ האָט זיך אַ נויג געטאָן, ווי זי וואָלט אויפגענומען אַ קלאַפּ פון אַ האַמער:

— גאָט... — האָט זי שטיל געפליסטערט — גאָט... ווי לאַנג?.... ווי לאַנג נאָך?

דער פּוילישער ייִד איז געשטאַנען קעגן איר מיט זיין זעקל אין דער האַנט. זי איז געשטאַנען אין דער טונקלקייט פון איר טייל שטוב, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעבלינצלט אַ בלוי פלעמל איבער דער איקאָנע און גע־צאַפּלט אויף דעם גאָלדענעם רעם. אויך זי אַליין האָט אויסגעזען ווי אַ הייליקע אין איר פאַרצערטער שטרענגקייט.

דער ראַדיאָ איז שטיל געוואָרן, און סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי זי וואָלט זיך איינגעהערט אין דער ווייט. מיטאַמאָל האָט זי געעפנט די אויגן און די מילדע, קינדערישע בלויקייט האָט זיך גלייך באַוויזן אין זיי:

— גוט מאָרגן, באַלעבאָסטעלע... — האָט דער וואַנדערער שטיל געזאָגט.

— ניין, ליבינקער... נישט קיין גוטער מאָרגן איז ביי אונדז היינט... האָסט געהערט ווי דער שונא... רייסט און פאַרוויסט אונדזערע שטעט?... נישט קיין גוטער מאָרגן... וואָס זשע האַלסטו שוין דאָס זעקל אין דער האַנט?... עס איז דאָך נאָך גאָר פרי... ליבינקער... וווּ ווערסטו גיין?...

דער פּוילישער ייִד האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען ביי דער טיר אַ הילצערנעם עמער, וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ברעטל. ער האָט זיך דערביי דערמאָנט אין דעם הייזעריקן פּלומפּ, וואָס ער האָט געזען אין אַ ווינקל פון דעם לאַנגן הויף. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם עמער.

אָבער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ איז שוין געשטאַנען נעבן אים. ער האָט געפילט דעם רייצעם, קעלטלעכן ריח פון איר גרויס געשטאַלט און דערהערט איר ברייטע, זינגענדיקע שטים. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט איר ווייסער האַנט און פּשוט געזאָגט:

— לאָז, טייערינקער... נישט צו טראָגן וואַסער... זענען איצט אונדזערע יונגע... דאָס טוען אונדזערע ווייבער... און אַלטע לייט... פאַר זיי איז עס...

דער פּוילישער ייד איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. ער האָט געזוכט עפּעס וואָס צו טאָן, ער האָט געוואָלט צוגיין צו דער אַלטער פרוי און איר עפּעס פייערלעך צוזאָגן, עפּעס וואָס זאָל אים געבן די רעכט דאָ צו זיין אַ נאָענטער, אַן אייגענער.

— איך וועל גיין... באַלעבאָסטע... — האָט ער געזאָגט, כדי נישט צו לאָזן הערשן די שטילקייט — אפשר וועל איך אויך געפינען... עפּעס צו טאָן... עפּעס צו העלפן..

זי האָט לאַנג פאַרהאַלטן אירע קליינע, בלויע אויגן אויף אים. די אויגן האָבן זיך לאַנגזאַם אָנגעפילט מיט אַ וואַרעמער פייכטקייט:

— ביסט אפשר אַן אָרנטלעכער מענטש, ליבינקער... אַ „ניעסטשאַסנע"... פאַרשידענע מענטשן גייען איצט אַרום ביי אונדז... אָבער אַזוי וועל איך דיך דאָך נישט לאָזן... אָן אַ ביסל וואַרעמס... וואַרט, ליבינקער... אָט וועל איך אויפקאָכן טיי... און אַ שטיקל צוקער וועט זיך נאָך געפינען...

זי האָט זיך אַריינגעלאָזן אין דער טונקלקייט פון איר טייל שטוב, ווי עס איז נאָך געווען נאַכט. אַ מינוט איז זי שטיל געשטאַנען מיט אַ געזונקענעם קאָפּ פאַר דער איקאָנע.

דער וואַנדערער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ בענקל מיט דעם זעקל אין דער האַנט און געפילט ווי אַ וואַרעמער דרימל נעמט אים אַרום.

## 6.

דער פּוילישער ייד איז אַזוי אין דעם דרימל געבליבן זיצן אויפן בענקל. ער האָט ערשט איצט דערפילט די ראַציקע שווערקייט פון זיינע קליידער, דורכגענומענע פון דער פייכטער קעלט. צו דער אויסגעקילטקייט אין די ביינער, צו דעם שטענדיק נאָגנדיקן באַגער זיך צו דערוואַרעמען, איז ער שוין געווען געוווינט פון פיל טעג און נעכט; אויך איצט, נאָך דעם קורצן שלאָף, איז איבער זיין לייב כסדר אַרומגעלאָפן אַ ציטער, ווי קאַלטע,

נאַסע נעגל וואָלטן געבלאָנדזשעט איבער זיין הויט... אין דעם האַלבן טונקל, פאַר די פאַרמאַכטע אויגן, האָט זיך באַלד גענומען דרייען פאַר אים דער חלומדיקער קנויל פון זעונגען, וואָס האָבן כסדר געלויערט אויף אים. און איבער אַלעם האָט געוואַכט דער שטענדיקער אומרו, וואָס האָט באַפוילן צו גיין אַלץ ווייטער און ווייטער.

ווי יעדעס מאָל, ווי גאָר די וואָג פון זיין קערפּער האָט דערפילט אַן אָנשפּאַר, האָבן זיך זיינע אויגן פאַרמאַכט אין אַ דרימל, און צוזאַמען מיט דעם דרימל האָט גלייך אויפגעטויכט דאָס שרעק-בילד, וואָס האָט אים פאַרפאָלגט אומעטום. דאָס בילד פון דעם דייטש מיט דעם הונט, וואָס ער האָט פון דער ווייטנס געזען, ערגעץ אויף אַ וועג, אין די ערשטע טעג פון זיין וואַנדערן, ערגעץ ביי אַ פאַרברענגטער פּוילישער שטאָט. עס איז אים פאַרבליבן מיט אַ שטעכיקער שאַרפקייט דער שפּיציקער גלאַנץ פון דעם דייטשס שטיוול און די לאַנגע, שפּיציקע נאָז פון דעם הונט. אַ בהלהדיק געלויף ערגעץ איבער אַ פעלד, ווו מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט און די צעיושעטע, שפּרינגענדיקע הינט איבער זיי. ער האָט נישט געדענקט דעם וועג און נישט דעם פאַל, אָבער דאָס בילד פון דעם דייטש מיט דעם הונט איז פאַרבליבן פאַר אים ווי די איינציקע זעונג פון גאַפּאַר און טויט. דאָס בילד האָט פאַרמאַכט אַלע וועגן און אויסגעלאָשן די וועלט אַרום אים.

באַדעקט מיט אַ קאַלטן שוויים און אַ שטעכיקן צאַפּל איבערן לייב, האָט ער איצט אויפגעוואַכט און דערזען די גרויע ליכט פונעם טאָג. די שוואַרצע פאַרטונקלונג פונעם פענצטער איז געווען פאַרהויבן, און אין דער קילער, גרויער ליכט האָט ער דערזען די אַלטע פרוי, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים.

זי האָט אים, זעט אויס, געוועקט, ווייל איר האַנט איז נאָך געווען אויסגעשטרעקט צו אים:

— ביסט פאַרמוטשעט, נעבעך... מיד... — האָט זי געזאָגט — וואָס זשע וועט זיין מיט דיר?...

ער איז אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל, אָבער זי האָט מיט אַ לייכטער באַרירונג אים צוריק אַוועקגעזעצט.

דאָס ווינקל פון דער שטוב האָט איצט אויסגעזען אַנדערש. ער האָט ערשט דערזען, אַז אַחוץ דעם וועגטל, וואָס איז געשטאַנען, איז נאָך געווען אַ טיר, וואָס האָט געפירט אין דער ווייטערדיקער דירה, וואָס איז געווען געדיכט באַשטעלט מיט טונקעלן אַלטן מעבל און מיט בילדער אויף

די ווענט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס שטיבל איז אָפּגעגעבן געוואָרן פֿאַר אים, עס האָט אים אויסגעוויזן צופֿיל, אַז ער האָט נישט קיין רעכט דאָס צו פֿאַרנעמען.

מיטאַמאָל האָט ער אויף דעם נאַקעטן טישל, נעבן זיך, דערזען אַ בלוי טעפּל, פֿון וועלכן עס איז געגאַנגען אַ פּאַרע, נעבן דעם טעפּל איז געלעגן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, און אויף אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר זענען געלעגן עטלעכע קליינע שטיקלעך צוקער: פֿון דעם אַלעם איז געגאַנגען אַ וואַרעמער ריח, וואָס האָט באַלד אויפֿגעוועקט דעם דרימלענדיקן הונגער. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פֿאַר אים און ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אָבער איידער ער האָט באַוויזן צו קלערן, האָט סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ אַ רוק געטאָן דאָס טישל, זי האָט פֿאַרלייגט די הענט אויפֿן האַרץ און האָט פּשוט געזאָגט:

— האָב נישט קיין פֿאַריבל, קרובל... נעם, טרינק אַ ביסל וואַרעמס... מיר זענען איצט נישט רייך... שווערע צייטן, ליבינקער...

זי איז געשטאַנען מיט די הענט אויפֿן האַרץ און ווי אַליין צו זיך האָט זי גערעדט וועגן דער שטאָט, וואָס האָט געהאַט דאָס שענסטע און דאָס ווייסטע ברויט אינעם לאַנד, די בעסטע מילך און דאָס בעסטע פֿלייש, מיט אַלעם גוטן האָט זיך די שטאָט אויף דער „וואָלגאַ מאַטושקאַ“ גערימט:

— גייסט אַרויס אויפֿן מאַרק... און דאָס אויג ווייסט זיך נישט אויף וואָס פֿריער צו פֿאַרהאַלטן... פֿון פּרוכט און פֿון גרינס... אַ פֿאַרשוטעניש... די דייטשן... אַרום דער שטאָט... אונדזערע דייטשן פֿון די קאָלאָניעס... דאָס בעסטע אַרויסגעברענגט... איצט זענען זיי קעגן אונדז... העלפֿן זייערע... „ער, האָספּאָדי“...

דער וואַנדערער האָט נישט געפֿונען וואָס צו זאָגן, ער האָט נאָר אַרומגענומען דאָס טעפּל און דורך די פֿינגער דערפֿילט די וואַרעמקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעגאָסן אין זיינע ביינער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך אין זיין זעקל אַ שטיקל ברויט, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן דער אַלטער פֿרוי, אַז ער האָט נישט קיין רעכט ביי איר עפּעס צו נעמען. אָבער ער האָט געפֿילט, אַז נישט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

זי איז אַלץ געשטאַנען פֿאַר אים. זי האָט איצט אויסגעזען ווי קלענער און עלטער ווי נעכטן; זי האָט געטראָגן אַ פּאָר קורצע, ווי מענערישע שטיוול מיט אַ ברייט פֿאַרטעך; זי האָט, זעט אויס, זיך ערגעץ געקליבן גיין און אים איז איינגעפֿאַלן, אַז דאָס וואַרט זי, ער זאָל אַוועקגיין,

זי זאָל קאָנען פאַרשליסן די שטוב. דער פּוילישער ייד האָט אײליק געטרונקען דאָס הייסע געטראַנק, ער האָט נישט גערירט דאָס ברויט.

— איך גיי באַלד... באַלעבאָסטעלע... — האָט ער געזאָגט. ער האָט געוואָלט זי אָנרופן ביים נאָמען, אָבער איר נאָמען: „סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ" האָט זיך נישט איינגעלייגט אין זיין מויל.

— איר דאַרפט גיין אין גאַס... איר דאַרפט פאַרשליסן די שטוב. איך גיי שוין...

— וואָס רעדסטו, ליבינקער... קיינער יאָגט דיך נישט... איך האָב מיר מיין שלאָס... מיין טיר... דו קאָנסט זיך זיין וויפל דו ווילסט. דאָס איז דיין ווינקל... האָסט דערויף רעכט...

אירע קליינע, בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט זאָרג:

— אָבער וואָס וועסטו טאָן... דו מוזט דאָך זיך... ווי עס איז איינאָרדענען... זאָרגן וועגן ברויט... מען זאָגט, אַז מען וועט שוין ביי אונדז אויך דאַרפן „קאַרטאָטשקעס"... דאַרפסט זיך באַזאָרגן מיט אַ ביסל געקעכץ... אַ מענטש מוז דאָך לעבן... דו וועסט שוואַך ווערן...

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און שטיל צוגעגעבן:

— און אין דער „באַניע" וואָלסטו באַדאַרפט אַראָפּגיין... דאָ, נישט ווייט... זיך אויספּאַרען... מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן... קראַנק ווערן...

זי האָט מיט איר ווייסער, פולער האַנט צוגעשאַרט דאָס ברויט צו אים:

— עס... עס, אָרעמער... דערווייל איז נאָך דאָס שטיקל ברויט ביי אונדז... גאָט פאַרלאָזט נישט... אָבער ווי עס וועט זיין... ווייסט מען נישט... דער שונא רייסט זיך צו אונדז.. וויפל שטעט... יעדן טאָג... ער קריכט צום האַלדז... מען זאָגט... צו סאַמע מאָסקווע... אָ, „האָספּאָדי"...

אירע קליינע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט מיט בלויע פייערלעך. זי איז אין דער מינוט צוריק גרויס געוואָרן, און איר פּנים האָט אָנגענומען אַ האַרטקייט פון שטיין.

דער פּוילישער ייד האָט געוואָלט איר עפּעס זאָגן, מיט עפּעס פאַרזיכערן, עפּעס וואָס זאָל פאַר איר זיין נישט באַוווסט, אָבער ער האָט געפילט, אַז די אַלטע פרוי ווייסט אַלץ, אַז זי איז פאַרבונדן מיט יעדן צאַפּל פון דעם לאַנד און מען קאָן זי מיט גאָרנישט טרייסטן.

ביסלעכווייז איז איר פּנים צוריק באַהויכט געוואָרן מיט אַ ווייכער וואַרעמקייט. זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אירע קליינע, בלויע רייִנע אויגן און אירע הענט האָבן זיך צונויפגעלייגט ווי צום געבעט:

— און דיינע... אָרימענקער... האָסטו פֿאַרלוירן... איבערגעלאָזן. אַ מאַמע... אַ שוועסטער... אַ?...

— איך האָב שוין נישט קיינעם... מאַטושקאַ... מײַנע זענען שוין אַלע... דאָרט, בײַם דײַטש... געווים אומגעקומען... מיט וואָס פֿאַר אַ טויט... ווייס איך נישט... איך וועל שוין קיינעם נישט ראַטעווען...

דער פּוילישער ייד האָט געהערט דאָס, וואָס ער האָט יעדן טאָג געהערט פֿון די טויזנטער וואַנדערער יידן, איבער די וועגן, אין די איבערפֿולטע וואַגאָנען, „עוואַקאָפּונקטן“. ער האָט געהערט, זעענדיק פֿאַר זיך דעם חורבן, וואָס האָט נישט געגעבן קיין האָפֿענונג צו זען ווער עמען פֿון די, וואָס מען האָט איבערגעלאָזן דאָרט.

אָבער מיטאַמאָל האָט ער דערזען דאָס פּנים פֿון סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ נאָענט נעבן זיך, איר פּנים איז איצט געווען ווי פֿון שטאָל. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר איר, און האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון בענקל.

זי האָט גערעדט שטיל, אָבער די וואָג פֿון אירע ווערטער האָט זיך געלייגט אויף אים מיט אַן אומבאַקאַנטער שווערקייט, פֿון עפּעס אַ פֿרעמדן מעטאַל, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט באַגעגנט.

— נישט „פּראַווילנאָ“ רעדסטו, ליבינקער... א ו נ ד ז ע ר ע רעדן נישט אַזוי... אַזוי רעדט נישט קיין „מוזשטשינאַ“... מען טאָר נישט זאָגן, אַז מען קאָן נישט ראַטעווען... אָט דו „ראַססוזשדאַיעטש“... און זיי דאָרטן... אפֿשר שרייען... אין זייערע ווייטיקן. אָט דאָרט, בײַם דײַטש... אַ מאַן... אַ זון, דאַרף אײַלן... אפֿשר וועסטו „אוספּעיען“... העלפֿן... אין דער לעצטער מינוט... אָט... ווי אונדזערע... אַזוי רעדן טאָר מען נישט... אָט, ווי דו וואָלסט געזאָגט... בײַ אַ שׂרפֿה... אַ קינד איז געבליבן. וועסטו זאָגן — עט, נישטאָ וואָס צו לויפֿן אין פֿײַער... שוין פֿאַרברענט... ניין... ערשט דעמלט דאַרף מען אײַלן... יעדע מינוט איז טייער...

זי האָט לאַנג געזוכט בײַשפּילן. עס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די אַלטע פֿרוי ווייסט פֿון אַזוי פֿיל פּיין און געפֿאַרן, ווי זי וואָלט געלעבט הונדערטער יאָרן. עס איז נישט געבליבן קיין אָרט זיך צו פֿאַרהוילן פֿון אירע פּשוטע רייד. דער פּוילישער פֿאַריאָגטער ייד האָט געקוקט אויף דער אַלטער רוסישער פֿרוי, וואָס איז, דאַכט זיך, געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און מעכטיקער און אים איז קלאָר געוואָרן, אַז זי וועט פֿאַר קיין שום שונא נישט אָפּטרעטן.

ער האָט זיך איצט דערמאָנט, ווי איר קאָפּ האָט זיך געבויגן בײַ יעדער פֿאַרלוירענער שטאָט, וואָס דער ספּיקער האָט דורכן ראַדיאָ געמאָלדן,

און אים איז געוואָרן שווער אויסצוהאַלטן די קראַפּט און די וואָג, וואָס איז געגאַנגען פון איר. ער האָט זיך איצט אויך דערמאָנט אין דעם פּשוטן פּנים פון דעם זעלנער, וואָס איז געפאָרן אויפן פּראָנט און זיין צוזאָג נקמה צו נעמען.

אויך אים האָט זיך איצט געוואָלט עפּעס צוזאָגן, אַראָפּוואַרפן פון זיך די פייכטע שמאַטעס, גיין אַ באַרעכטיקטער איבער דער ערד מיט שטאַרקע, גלייכע, פּשוטע מענטשן, ער האָט געוווסט, אַז ער דאַרף איצט גיין אויף דעם „וואָקאָפּונקט", אין דעם אַלטן הויז אין ברעג שטאָט, באַגעגענען די הונדערטער וואַנדערער, אַזוי ווי ער, געוויקלטע אין שמאַטעס, מענער און ווייבער, וואָס האָבן שוין פאַר די פיל חדשים פון זייער וואַגלען, צוזאַמען מיט דעם קראַנקן ריח פון נישטגעוואַשענעם לייב, הונגער און נויט, איינגעזאַפּט אין זיך אַ געפּאַלנקייט און זאָרגלאָזיקייט פון הפקר־מענטשן און בעטלער, וואָס האָבן שוין אַלץ פאַרלוירן.

די ווערטער פון סטעפּאַנידאַ איוואַנאָווגאַ, אַז: „מען דאַרף איילן, אפשר וואַרטן זיי דאָרטן... אין פייער... אין דער לעצטער מינוט"... זענען געשטאַנען פאַר אים ווי אַ וואָרענונג. ווען ער קאָן אָפּגעבן דעם חוב, וואָס ער פילט זיך שולדיק, ווען ער קאָן זיך באַווייזן פאַר דער אַלטער רוסישער פרוי, יונג און שטאַרק ווי אַ זעלנער, וואָס שיצט זיינע נאָענטע.

די אַלטע איז שוין איצט נעבן אים נישט געווען, אָבער אירע ווערטער זענען נעבן אים פאַרבליבן און נישט געוואָלט אַוועקגיין. ער האָט געהערט פון איר צווייטער שטוב ווי זי האָט עפּעס שטיל ווי צו עמעצן גערעדט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און דערזען ווי זי שטייט פאַר דער איקאָנע. באַלד האָט זי זיך צוריק באַוויזן אויף דער שוועל. זי האָט אויף אים אַ מינוט געקוקט, ווי זי וואָלט נאָכגעדענקט, און מיטאַמאָל שטיל געזאָגט:

— געמיינט... שוין.. צו לעבן די לעצטע יאָר אין רו... אָבער... זעט אוים — גאָט וויל נישט... וויפל איך האָב שוין אין מיין לעבן איבערגעטראָגן... קום... גיי אַריין... ווערסטו זיי זען... מיינע... „צאַרסטוואָ ניעביעסנאָיע"...

און זי האָט אים אַ רוף געטאָן.

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן און זיך פאַרהאַלטן. אַ טויטלעכע ריינקייט האָט אַרויסגעשלומערט פון דער ענג־פאַרשטעלטער שטוב. עפּעס אַ ריח פון אַ געדייכטן וואַלד האָט זיך געטראָגן פון פאַרטריקנטע צווייגן און בלעטער, שענק און טישלעך, באַדעקטע מיט אַלטע רוסישע געוואַנטן; און די

וועגט, געדיכט באַהאָנגענע מיט בילדער, אַלטע, אויסגעבלייכטע, זענען געווען באַשלאָגן מיט דעם געדעמפּטן ליכט פון געדיכט־פאַרשלייערטע פענצטער.

דער פּוילישער ייד האָט אַ שפּאַן געטאָן אויף די שפּיץ פון די טריט, די אַלטע איז אויך געווען פול מיט פייערלעכקייט:

— קום וועל איך דיר ווייזן...

זי האָט אים באַרירט דעם אַקסל און אים אַ פיר געטאָן איבער די קלאָרע גליטשיקע ברעטער פון דער פאָדלאָגע.

— אָט זענען זיי, מיינע צוויי זין. ביידע נאָך אין אָנהייב פון דער רעוואָלוציע... דערנאָך דער ייִנגערער... פון אייגענע אומגעקומען... אָט איז ער... דער מאַן. נאָך אין יענע מלחמה... נישט צוריקגעקומען... ביי די דייטשן אין „פּלען" פאַרמאַטערט... איצט זענען ווידער אַלע דאָרטן... אויפן פראָנט. אַלע... איידעמס און אייניקלעך. ווידער געבליבן אַליין און ביידע טעכטער... אויך אַליין... „אָ, האָספּאָדי"...

זי האָט מיט אַן אָנגעצונדענעם בליק אַ קוק געטאָן צו דער איקאָנע.

דער פּוילישער ייד איז אַרויס פון דעם האַלב־טונקעלן צימער, ווו עס איז געלעגן אַ ריזיקע גאַנצקייט און נישט גערירטקייט פון הונדערטער יאָרן. אַן אָטעם פון אייביקייט האָט דאָ געשלאָגן פון יעדן ווינקל.

די אַלטע פרוי איז איצט געשטאַנען אַ רואיקע אויף דער שוועל. אירע קליינע בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט אַ ווייכער מילדקייט און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן איבער איר מויל, ווי זי וואָלט געפונען אַ טרייסט.

דעם פּוילישן ייד האָט זיך נישט געוואָלט אַזוי אַוועקגיין פון דער שטוב. ער האָט געפילט, אַז דערמיט וואָס זי האָט אים געהייסן אַריבערצושפּאַנען די שוועל פון איר שטוב, האָט ער זיך באַהאָפטן מיט דעם גרויסן און אייביקן כוח, וואָס זאָל אים מעגלעך מאַכן דאָס צוריק קומען אַהער אין דעם ווינקל. ער האָט זיך אין געדאַנק פאַרמאָסטן מיט אירע זין, וואָס ער האָט געזען אויף די בילדער, און זיי זענען אויסגעוואַקסן פאַר אים ווייט און פרעמד. ער האָט לאַנג געקוקט מיט אַ פאַרטראָגענעם בליק פאַר זיך און מיטאַמאָל דערזען זיין היים, איינגעהילט אין רויכיקן, טריבן נעפּל, ער האָט דערזען זיין שוועסטער שרה, דאָס שוואַכע, יידישע ווייבל מיט די הייסע, אָנגעגליטע אויגן פון פאַרלוירנקייט. ער האָט דערזען איר קראַנק קינד, מיט וועלכן זי איז פאַרבליבן ערגעץ אויף אַ וועג, ער האָט דערזען זיין טאַטן מיט דעם ווייסן פאַרמעטן פּנים מיט דער באָרד, מיט

די אָנגעצויגענע אָדערן אויפן שטערן, און די דערשראָקענע אויגן, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר אַ פרעמדער גאַס, פאַר גויים, די מאַמע, נאָענטע, יונגע און אַלטע, פון זיין שטוב, פון זיין גאַס, אַלע זיי, האָט ער איצט געזען מיט אָפענע מיילער פון ווייטיק און געשריי, פאַרשטיקטע אין אַ טויטענגשאַפט, אין פייער און רויך מיט אויסגעצויגענע הענט צו אים.

.7

די ידיעות וועגן די פאַרלוירענע שטעט, וואָס דער ראַדיאָ האָט בסדר איבערגעגעבן, האָבן זיך געלייגט מיט אַ בלייערנער שווערקייט. דער שונא האָט זיך געריסן צו דער הויפּטשטאָט און אויך באַדראָט די שטאָט אויף דער וואָלגאַ, כאָטש זי איז געלעגן אין אַ זייט. דער שונא האָט זיך אַריינגעביסן אַלץ טיפער און נעענטער צו די וועגן פון דער וואָלגאַ, צו דעם טייך, וואָס האָט ווי אַ האַרץ באַזאָרגט מיט לעבן גרויסע טיילן פון דעם ריזיקן לאַנד.

די גרויסע, צעוואָרפענע שטאָט, מיט דער אַלטער רוסישער רחבות, האָט אַ ציטער געטאָן. ווי אַ קרעכץ האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון אַ ריזיק לייב, וואָס איז קראַנק געוואָרן. איבער די ברייטע, האַלבדאָרפישע גאַסן און סקווערן, ווו הונדערט־יאָריקע נאַקעטע ביימער, אָנגעפּוישטע מיט דער קאַלטער, גראָער אָסיען־לופט האָבן גערוישט אויפן ווינט און געוויגט די קראען, וואָס האָבן זיך געטראָגן מיט אַן אומעטיק קראַקעריי. ביי די אַלטע רוסישע הייזער מיט די געשניצטע לאָדן און גרוי־גרינע דעכער האָבן זיך געזאַמלט רעדער מענטשן, אָנגעבאבלטע אין שווערע קליידער קעגן דעם פייכטן ווינט. צומיינסט ווייבער אין שווערע, מענערישע שטיוול, וואָס האָבן איינגעגראָבן זייערע הענט אין די באַקן, זיך געצלמט מיט פאַרקוקטע, שטרענגע בליקן אין דער קאַלטער, נעפלדיקער ווייט.

מען האָט זיך איבערגעגעבן די דראָענדיקע ידיעות און מיט זאָרג געקוקט אינעם גראָען הימל. עס זענען כסדר געוואַקסן שרעקיקע דערציילונגען וועגן דייטשע אַעראָפּלאַנען, וואָס מען האָט געזען אויפן הימל, וועגן געהיימע פייערן און סיגנאַלן איבער דער וואָלגאַ. מען האָט גערעדט וועגן פאַרקליידטע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן־וואַנדערער, וואָס מען האָט געכאַפּט מיט באָמבעס ביי די פאַבריקן און זאַוואָדן, און וועגן די היימישע דייטשן פון די אַרומיקע קאָלאָניעס, וואָס האָבן אין דער נאַכט געפּרווט אַריבערגיין צום שונא.

הייגט אין דער פרי האָט זיך באַשטעטיקט די ידיעה, אַז די צענער טויזנטער דייטשן פון די קאָלאָניעס אַרום דער שטאָט ווערן אַרויסגעשיקט. די דייטשן זענען געווען דאָ־געבוירענע, באַזיצער פון די רייכסטע דערפער, וואָס האָבן געשפּייזט די גאַנצע געגנט. פיל האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר שונאים און זיך געגרייט באַגעגענען און העלפן דעם שונא.

אין מערק און געדעקטע באַזאַרן האָט זיך געריוועט אַן ענגשאַפט פון טויזנטער מענטשן. עס איז נאָך דאָ געווען צו זען די גרויסע רחבות פון גרינט און פּרוכטן. די קרעפּטיקע ריחות פון געזייערטע קרויט, עפּל און אַרבוזן האָבן גערייצט מיט קעלטלעכער אייביקייט פון לעבן און גע־זונט. טויזנטער קאָלירן האָבן אַראָפּגעשפּילט פון די ריזיקע טישן, פע־סער און „לארעס“. מאַרק־זינגער און הייליקע משוגעים האָבן געזונגען, געשפּילט אויף „לירעס“ און געדרשנט „נביאות“ מיט אומהיימלעכן נוסח, דערציילט פון „סמוטעס“ און העלדן־„באָגאַטירן“.

אומעטום, ביי יעדער ראָד מענטשן, האָט מען גערעדט וועגן די דיי־טשע שכנים פון הונדערטער יאָרן אויף דער ערד, אַרום דער „מוטער־וואָלגאַ“, וואָס האָבן פאַראַטן. אַן אַלטער, מיט אַ גרויסער באָרד און לאַנ־גע האָר, אָנגעטאָן אין אַ צעפליקטער סוטאַנע פון אַ געוועזענעם גלח, אַרומגעבונדן מיט אַ לעדערנעם רימען, האָט מיט אַ שנייד־נדיקער שטים, ווי מיט אַ בייטש, אַריינגעשריגן אין דער ענגשאַפט. ער האָט אויפגע־הויבן די הענט מיט אַ בהלהדיקן יאָמער:

— ברידערלעך... די שלאַנג האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ... מיר האָבן זי געוואַרעמט אויף אונדזער ברוסט...

עפּעס אַן אַלטע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ זעלנעריש פעלצל, מיט שווע־רע, גלייכע האָר, וואָס האָבן זיך אַפּערגעריסן פון דער „קאָסינקע“, מיט אַ רויט, אויסגעקרימט פּנים און ווייסע אויגן, האָט געשריגן:

— אַרויסיאָגן די „גיעמטשורעס“... גענוג האָבן זיי ביי אונדז גע־געסן ברויט... רייך געוואָרן... שונאים...

זי איז געשפּרונגען אויף אירע שווערע, זעלנערישע שיך און עמעצן געדראָט מיט אַ רויטער, געבייזלטער האַנט.

אַנדערע האָבן שטיל, באַדויערנדיק געמורמלט:

— וואָס וועט זיין... מען וועט אַרויספירן די דייטשן... מיר וועלן שטאַרבן פון הונגער. ס׳וועט נישט זיין... נישט קיין מילך... נישט קיין פּוטער... אַזאַ רייכטום וועט צו נישט ווערן...

אויף אַ פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט מענטשן, זענען געזעסן אויסגעזעצט די וואָלגא־דייטשן מיט זייערע ווייבער און קינדער. דאָ האָבן זיי אויסגעשטעלט צו פאַרקויפן זייער האָב און גוטס. עס זענען געשטאַנען שווערע שענק, בעטן, קיך־געשיר, פאַנען און טעפּ. זיי האָבן פאַרקויפט אַלטפרענקישע, געבלומטע טישטעכער, געהאָפטענע בילדער, מיט מלאכים שפּילנדיקע אויף פידלען, בעטגעוואַנט און קליידער, געהאָפטענע האַנטעבער מיט דייטשע אויפשריפטן, בילדער פון הייליקע, ניי־מאַשינען, ווייסע חופּה־קליידער און גרויסע צילינדערס פונעם נייענצנטן יאָרהונדערט, דאָס אַלץ איז געלעגן אין אַ שטרענגער ריינקייט און אָרדענונג. די דייטשן זענען געזעסן שטילע און פאַרעקשנטע. אויפן ערשטן בליק זענען דאָס געווען רוסישע פּויערים, פאָלקס־מענטשן, אָבער פון דער נאָענט האָט מיטאַמאָל פון זיי אַ קלאַפּ געטאָן עפּעס אַ האַרטער און פרעמדער מעטאַל. צומערסטן די ווייבער האָבן געקוקט פרעמד. מיט זייערע קליינע, טרוקענע, בלויע אויגן, ווי שאַרפע מעסערלעך, און האַרטע פּנימער, ווי באַצויגענע מיט פּאָדעשווע־לעדער, האָבן זיי געקוקט פאַר זיך מיט טעמפּער רוגזה. דער פּשוטער עולם פון מאַרק האָט זיי טיילווייז באַדויערט, טיילווייז געשטראָפט:

— וואָס פאַראַ דייטשן זענען דאָס?... זייערע זיידעס זענען שוין דאָ געב״ן... גוטע באַלעבאַטים... קאָנען אַרבעטן... אָ, גאָט... וואָס פאַראַ צייטן... נישטאָ אַזאַ מילכוואַרג ווי ביי זיי... קאַרגע, אָבער נישט קיין אָפּנאַרער... זייערע הייזער... זייערע פעלדער.... אַלץ „פּראַווילנאָ“, אַזוי ווי אַ מאַשין... נאָר קיין נשמה האָבן זיי נישט...

אַנדערע האָבן זיך אָנגערופן מיט פאַרדראָס:

— מיר רוסישע, זענען לייכטגלויביקע... אַ „גידראַ“... פונדערווייטנס מיינסטו... אַ פרידלעכער הונט... אָבער ווען עס קומט זיין צייט... וואַרפט ער זיך צום גאָרגל...

— זיי לעבן מיט אונדז הונדערטער יאָרן... זענען אַליין באַלעבאַטים איבער זייער גוטס... און דער חשק צו רויבן... איז פאַרבליבן... אהא... גיט זיי נאָר די געלעגנהייט... און זיי זענען די זעלבע ווי ד׳... וואָס זענען אויף אונדז אָנגעפאַלן... דאָס איז אַ „גיעפּריאַטיעל“... מען דאַרף זיי האַלטן וואָס ווייטער...

אַ קליינע דאַרע פרוי מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, האָט מיט אַ געוויין שטיל אַרויסגעזונגען:

— „האָספּאָדי“... אָן זיי... וועלן מיר אפשר שטאַרבן פאַר הונגער...

דאָס ראָד מענטשן איז געשטאַנען. טייל האָבן באַוואונדערט די אַרויסגעשטעלטע זאַכן, אָבער קיינער האָט זיך נישט דערוועגט צוגיין עפּעס קויפן ביי די דייטשן, קיינער האָט אויך צו זיי נישט גערעדט קיין שלעכטס, נאָר אַן אַלטער, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס, האָט כסדר כליפּענדיק גערעדט:

— אָרעמע... וואָס פעלט אייך דאָ?... איר האָט דאָ מיט אונדז... געקאָנט לעבן ווי ברידער... איצט וועט איר גיין ווייט... אויף סיביר... אָרעמע...

* *

*

דעם פּוילישן ייִד האָט זיך נישט געוואָלט פאַרבלייבן אַליין, ווען די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין פון שטוב. אין דער פריער שעה האָט שוין דער לאַנגער הויף הינטערן פענצטער געוואָרן מיט אַ פיבערהאַפטן לעבן, עס האָבן זיך אָנגערופן קולות. מען האָט געשלעפּט און געטראָגן. מען האָט געהאַקט האָלץ, געזעגט, געפּלומפּט וואַסער, זיך איבערגעשריגן, עס זענען אַרייַנגעפאָרן וועגענער, און דעם פרעמדן האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלע קלאַנגען זענען נישט קיין געוויינלעכע, אַז עס קומט פאָר עפּעס, וואָס דראָט אים; אַז די געפאַרן האָבן אים דעריאָגט און ער וועט שוין נישט אַרויס.

אויך פון דעם לאַנגן קאָרידאָר, הינטער דער טיר, האָט זיך געטראָגן אַ רעש. עס האָבן געקלאַפּט טירן, עס האָבן געזשומעט פּרימוס־מאַשינקעס און פרויען־שטימען האָבן זיך איבערגערעדט. דער פּוילישער ייִד האָט זיך איינגעהערט און יעדעס פּשוטע וואָרט האָט אים געקלונגען ווי עפּעס אַ דראָונג. אַלץ איז דאָ נאָך דער נאַכט פאַר אים געווען פאַרהוילן און נישט זיכער, ווי עמעץ וואָלט געלויערט אויף אים. ער האָט געוואָלט דערכאַפּן די שטים פון דעם נעכטיקן מיידל, וואָס האָט אים אָנגעוויזן די טיר. אָבער אַלע שטימען זענען געווען ענלעך מיט דעם באַזונדערן קלאַנג פון דער אָרטיקער רוסישער שפּראַך, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהערט. דאָס איז געווען עפּעס אַ ברייטער, צעוויגטער קלאַנג, מיט אַ נאָכקלאַנג, וואָס האָט פאַר אים געמאַכט אומפאַרשטענדלעך די פּשוטע רוסישע ווערטער.

געהערט האָט מען נאָר די שטימען פון פרויען און דאָס האָט דעם פּוילישן ייִד געגעבן אַ געפיל פון געדריקטקייט ביי דעם געדאַנק, אַז אַלע זייערע מענער זענען אַוועק אין דער מלחמה. צוליב דעם האָט ער נאָכ־

מער געוואָלט זיך באַווייזן אינעם קאָרידאָר צוזאַמען מיט סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, נעבן וועלכער ער האָט זיך באַדאַרפט פילן זיכערער. און ווען זי האָט זיך באַוויזן, אָנגעטאָן אין אַן אַלטמאָדישן פּלושענעם מאַנטל, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, האָט דער וואַנדערער געמומען זיין זעקל:

— איך וועל אויך גיין... באַלעבאָסטעלע.. איך דאַרף מיך באַזאָרגן... דאָקומענטן באַקומען... — האָט ער צוגעגעבן, גלויבנדיק, אַז דאָס וועט אים מאַכן חשובער. און כדי זיך נאָך היימישער צו מאַכן, האָט ער גע־זאָגט:

— און אין דער „באַניע“, ווי איר האָט געזאָגט... וועל איך צו־גיין...

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן:

— אָט דאָס... וועסטו טאָן אַ גוטע זאַך... וועסט זיך אויסוואַשן... וועסטו אָננעמען כוח... אָבער ... ווו וועסטו נעמען זייף?... עס איז דאָך שווער איצט... ביי אונדז, ליבינקער... וועגן זייף...

זי האָט זיך אַ מינוט פאַרקלערט, און אַוועקשטעלנדיק דעם קויש, איז זי פאַרשוווּנדן אין אַ זייט שטוב. דער פּוילישער ייד איז געשטאַנען ביי דער טיר און זיך צוגעהערט צו יעדן קלאַנג. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די דינגע טיר טיילט אים איצט אָפּ פון אַ ים, ווו ער וועט באַלד ווי אַ פלעווע געטראָגן ווערן איבער די פרעמדע וועגן, אָן אַ ציל. אַ גרויסע מידקייט איז אויף אים מיטאַמאָל אָנגעפאַלן. ער האָט געוווּסט, אַז די רו־סישע פרויען אין דעם קאָרידאָר, דורך וועלכן ער דאַרף פאַרבייגיין, די ווייבער און מאַמעס, וועלן קוקן אויף אים און קלערן וועגן זייערע מענער און זין, וואָס געפינען זיך איצט אין פייער. זיי וועלן קוקן אויף אים, און זייערע בליקן, וואָס זענען פאַר אים אַזוי נישט קלאָר, וועלן אים טרייבן אָן אַ וועג, דערנאָך וועט ער גיין איבער די גאַסן, באַגעגענען אַזעלכע ווי ער, הפקרע, בלאָנדזשענדיקע, אָן אַ ציל.

.8

מיטאַמאָל האָט זיך איבערן קאָרידאָר דורכגעטראָגן אַן איינגעהאַלטע־נער געוודער. עס האָבן זיך דערהערט האַרטע און שווערע טריט, וואָס זענען געוואָרן אַלץ נעענטער. די טירן האָבן זיך געעפנט און די שטימען פון די פרויען האָבן זיך אויסגעמישט, אָבער איבער אַלע שטימען האָט זיך דערהערט מיטאַמאָל אַ ברייטע און טיפע מענער־שטים, וואָס האָט מיט אַ האַרציקער הייטערקייט ווי אויסגעזונגען:

— „זדראַווסטווויטיע“... א גוט־מאָרגן... מאַמעלעך...

— אַ גוט־מאָרגן... אַ גוט־מאָרגן... — האָבן די ווייבער געענטפערט פון אַלע זייטן. און די האַרטע און שווערע טריט האָבן ווייטער געשפּאַנט אַלץ נעענטער.

דער פּוילישער ייד האָט דערפילט ווי זיין האַרץ האָט זיך רייסנדיק אַ וויג געטאָן. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער געפינט זיך אין אַ שטייג, ווו עס קאָן באַלד מיט אים עפּעס געשען. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָר־שטעלן וואָס ער האָט אין דער מינוט פאַרגעסן אין אַלע געפאַרן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט. און ווי יעדעס מאָל, ווען עס האָט אים עפּעס גע־דראָט, האָט ער אין איין רגע זיך אַ טראָג געטאָן צוריק, ווו ער האָט אי־בערגעלאָזן זיינע נאָענטע, און האָט זיך באַהאָפטן מיט זייער גורל.

איצט איז ער געשטאַנען הינטער דער טיר, און די שווערע, מענערשע טריט האָבן ווי געשפּאַנט איבער זיין מוח, און דאָ האָט ער דערהערט אַ ברייטן און זיכערן קלאַפּ אין דער טיר.

אין דער מינוט איז די אַלטע אַריינגעלאָפן פון איר שטוב. אירע אויגן האָבן געלויכטן, זי האָט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים אַ געשריי געטאָן:

— אַ בריוו, אַ בריוו... אָ, „האָספּאָדי“...

זי האָט פרום פאַרהויבן אירע קליינע אויגן אַרויף, מיט פרייד און שרעק.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ קליינער, ברייטער מענטש, מיט אַ טונקל פּנים און לאַנגע, ווייסע וואָנסן. ער האָט געשמייכלט מיט אַ סך קנייטשן אַרום זיינע גראָע, ווייכע, גוטע אויגן. ער איז געווען אַרומגע־נומען מיט אַ ברייטן פּאַס, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען אַ טאָרבע. אין דער האַנט האָט ער געטראָגן אַ קורצן, רויען שטעקן, געמאַכט פון אַ צווייג:

„זדראַווסטוווי“, סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ... באַבושקאַ... דיר אַ בריוו, אַ גוטער בריוו...

— פון וואַנען ווייסטו... „באַטיושקאַ“?...

— אָ... מיר ווייסן שוין... שלעכטע ידיעות זענען, באַבושקאַ, די קאָנווערטן אַנדערע.... זאָל גאָט היטן... פונעם „שטאַב“. נישט איינעם אַזעלכן... שוין אָפּגעגעבן...

די אַלטע איז געשטאַנען מיט דעם בריוו אין דער האַנט, און פון אירע אויגן האָבן געפלאָסן קליינע, פינקלדיקע טרערן. אינעם קאָרידאָר

איז געוואָרן שטיל. הינטער דער טיר זענען געשטאַנען די שכנות. זיי האָבן שטיל און פייערלעך געוואַרט.

די אַלטע האָט אַ לויף געטאָן. זי האָט אַראָפּגענומען פון דער שאַנק אַ גרויס אַלט בוך מיט אַן אָפּגעפּרעגטן צלם און אַן אויפשריפט „ביבל־יאַ", פון וועלכן זי האָט אַרויסגענומען אַ פּאָר אַלטמאָדישע, דראָטענע ברילן; זי איז אַוועק צום פענצטער פון איר צימער, פאַרהויבן דעם גע־דיכטן פאָרהאַנג, און ווישנדיק די טרערן, גענומען לייענען דעם בריוו. דער אַלטער בריוו־טרעגער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם פוילישן ייד. זיין לעבהאַפּט, יונגטלעך מויל הינטער די ווייסע, שמייכלענדיקע וואָנסן איז פול געווען מיט ווערטער. ער האָט געקוקט אויף דעם פרעמדן מיט גוטמוטיקן נייגיר, אָבער די ווייבער האָבן אים פאַרוואָרפן מיט פראַגעס. ער האָט זיך געווישט דעם שטערן הינטער דעם שווערן, פוטערנעם היטל, און געענטפערט צו אַלע:

— עך, מאַמעלעך... ווידער מלחמה... ווידער אַ שונא אויף אונדז אָנגעפאַלן. געמיינט... עס וועט שוין זיין רו ביי אונדז... עך, עך... דער־לעבט.

עס איז געגאַנגען אַ שטיל געשפּרעך, מיט קרעכצן און דערמאָנונ־גען וועגן גוטע און שלעכטע בריוו, וואָס דער אַלטער האָט געבראַנגט נאָך ביי יענער מלחמה:

— איך בין נאָר אַ שליח... איך דאַרף נאָר איבערגעבן... וואָסער ידיעה... אַ גוטע, צי אַ שלעכטע... דאָס איז שוין גאָנץ זאַך... דאָס ערגסטע איז... מיט די מאַמעס. אָט...

די טיר איז געבליבן אָפּגעשפּאַרט און דער פוילישער ייד האָט מיט אַ צאַפּלדיקן נייגער געקוקט אין דעם טונקעלן קאָרידאָר און געהערט ווי דער אַלטער פּאָסט־טרעגער האָט שוין איצט געשטיפּט מיט די ווייבער. זיי האָבן אים געפרעגט, ווען ער קלויבט זיך צו גיין אויפן פראָנט. ער געענטפערט, אַז ער וועט נאָך גיין, און גענומען שפּאַנען מיט ריט־מישע טריט, ווי אַ זעלנער. די ווייבער האָבן געלאַכט.

דער פרעמדער האָט געקוקט אויף דעם שטיקל קאָרידאָר, וואָס עס האָט געזען דורך דער אָפּגעשפּאַרטער טיר. ער האָט געוואָלט עפּעס רעדן. ער האָט געוואָלט זען די יונגע שכנטע, דאָס הויכע מיידל מיט די שטרענ־גע ברעמען, מיט די הויכע פיס, אָבער זי האָט זיך נישט געוויזן.

* *
*

איצט האָט דער פּוילישער ייד געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, ווען די אַלטע האָט געלייענט דעם בריוו. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער בריוו האָט אים אויך עפּעס צוגעזאָגט. פון דער אַלטערס שטוב האָט זיך געהערט אַ פליסטערן, ווי פון אַ געבעט. ער האָט אַ קוק געטאָן דורך דער שפּאַרע פון דער טיר און דערזען סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, ווי זי שטייט אויף די קני פאַר דער „איקאָנע" און צלמט זיך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. ער האָט זיך פאַררוקט טיף, נעבן דעם פענצטער פון זיין טייל צימער און לאַנג געוואַרט. אויך אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּלאָזן די מידע פיס, פאַרזינקען אין עפּעס א געבעט, וואָס זאָל לייטערן און לינדערן דעם גליענדיקן אומרו, וואָס האָט געשטעקט אין אים. ענדלעך האָט ער דערהערט אירע טריט, ער איז צוגעגאַנגען צו איר טיר און האָט געפרעגט:

— גוטע ידיעות, באַלעבאָסטעלע... האָט איר באַקומען?...

— „סלאַוואַ באָגו", טייערינקער... פון מיין אייניקל... פון פראָנט. איך זאָל נישט זאָרגן... „ניע טוזשי, באַבושקאַ"... אזוי שרייבט ער.

איר בליק איז מיטאַמאָל געוואָרן שטרענג, ווי זי וואָלט דאָס געזאָגט עמעצן, אַ נישט געזעענעם.

— „ניע טוזשי, באַבושקאַ"... מיר וועלן פאַרטרייבן דעם שונא פון אונדזער לאַנד... אַזוי שרייבט ער, „ראָדניענקי"... דריי און צוואַנציק יאָר אים. שוין אַ „סטאַרשי"... אַ ליאָטניק". אַ פליער. „קראַסאַוויעץ"...

איר פּנים איז מיטאַמאָל געוואָרן יונגטלעך שיין. זי האָט גיך אַ גיי געטאָן, גלייך דער בריוו וואָלט זי יונגער געמאַכט. זי איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט ווידער אָנגעטאָן דעם פלושענעם זשאַקעט, פון וועלכן עס האָט געקלאַפּט דער שטרענגער, עסנדיקער ריח פון נאַפטאַלין. זי האָט פאַרבונדן דאָס טיכל אונטערן האַלדז. דער פּוילישער ייד האָט אויף איר געוואַרט מיט זיין וואַנדער-זעקל אין דער האַנט.

מיטאַמאָל, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, האָט זי אַ לויף געטאָן, זיך אַ מינוט געפּאָרעט אין אַ ווינקל פון איר צימער און אַריינגעקומען מיט דער פריערדיקער, לאַנגזאַמער רואיקייט. אין דער האַנט האָט זיך געהאַלטן אַ ווייסע זאַך:

— נאַ... ליבינקער... — האָט זי געזאָגט מיט אַ מיידלשער פאַרשעמטקייט. — האָסטו אַ העמד... אַ געלאַטעט, אָבער אַ ריינס... נאָך פון מיין... „צאַרסטוואָ ניעביעסנאָיע"... אַ שטיקל זייף האָב איך דיר דאָ

אַרייַנגעלייגט... „פּאָקאַ“ עס איז נאָך דאָ... האָב נישט קיין פּאַריבל... ליבינקער...

זיי זענען געגאַנגען דורך דעם לאַנגן קאָרידאָר. פון די אָפענע טירן האָבן אַרויסגעקוקט די צעשויבערטע קעפּ פון די פרויען, וואָס האָבן געקאָכט, געוואַשן און געררוימט. זיי האָבן באַגריסט די אַלטע מיטן באַקומען דעם בריוו, געקרעכצט און זיך געווונטשן אויך צו באַקומען בריוו פון זייערע.

דער פּוילישער ייד האָט זיך געהאַלטן הינטער דעם ברייטן, שפּאַנענדיקן געשטאַלט פון זיין באַלעבאָסטע. זי איז, זעט אויס, געווען זייער געאכטעט אין דעם הויז. זי האָט פרום, מיט אַ שטילער און וואַרעמער שטים געווונטשן און געטרייסט.

אָבער דער פּוילישער ייד האָט ביי דעם אַלעם געפילט די פאַרוווּנדערטע און נייגעריקע בליקן פון די פרויען. זיי האָבן געקוקט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט עפּעס פרעגן. מיטאַמאָל האָט איינע, אַ בלאָנדע, מיט אַ ווייס פּנים און גרויסע, צעשפּילטע, גרויע, פריילעכע אויגן, אַ זאָג געטאָן:

— געפונען זיך... אַ „דרוזשאָק“... אַ פריינדל... אויף די עלטערע יאָרן... סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ...

און אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

אויך סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אַ שמייכל געטאָן און שטיל געענטפערט:

— „זשערטוועס“ פון דער מלחמה.... טייערינקע... פּאַריאָגטע... מענטשן... העלפן דאַרף מען אַזעלכע... אפשר וועט אונדזערע... אויך ערגעץ העלפן... אין אַ נויט... אָ, „האָספּאָדי“...

עס איז געוואָרן שטיל.

אויף דער שוועל פונעם לאַנגן קאָרידאָר איז פונעם הויף, מיט אַן עמער וואַסער, זיי אַנטקעגנגעקומען אַ הויך, יונג מיידל מיט הויך־פאַרקעמטע, בלאָנדע האָר. אירע ברעמען האָבן זיך פאַרהויבן, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם פּוילישן ייד, און ער האָט דערקענט די, וואָס האָט אים אין דער פינצטער געוויזן סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַס טיר.

דאָס מיידל האָט באַגריסט די אַלטע און מיט אַ מאָדנער, טיפער און טונקעלער שטים געזאָגט:

— מיט פולן... אייך באַגעגנט... סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ...

דער פּוילישער ייִד האָט נאָך באַוויזן צו דערכאַפּן מיט זיין בליק די קרעפּטיקע געשניצטקייט פון אירע הויכע פיס, ווען זי איז פאַרשוואונדן אין דעם קאָרידאָר.

## .9

אַ גרויע, נעפּלדיקע קעלט האָט איינגעהילט די שטאָט. דער פּוילישער ייִד האָט זיך געלאָזן באַרג=אַרויף פון דעם נידעריקן טייל שטאָט, ווו די וואָלגא האָט זיך ווי אַ זילבערנער שלייף פאַרטראָגן אין דער ווייט. ער איז געגאַנגען מיט דער גאַס, וואָס סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אים אָנגעוויזן, כּדי צו קומען אין צענטער שטאָט:

— אָט מיט דער גאַס אַרויף גיי, טייערינקער... וועסט שוין קומען.... גיי מיט גאָט...

אַליין איז זי אַוועק אין אַ צווייטער זייט, באַרג=אַראָפּ, ווו מען האָט פונדערווייטנס געזען אַ ריזיק ראָד אָנגעשטעלטע ביידלעך און אַן ענגשאַפט פון ווימלענדיקע מענטשן. דאָס איז, זעט אויס, געווען דער מאַרק.

דער פּוילישער ייִד האָט איר נאָכגעקוקט. דאָ, אויף דער אַלטער, האַלב=דאָרפישער גאַס, האָט זי אויסגעזען אַזוי ווי אַלע אין דעם טייל שטאָט. זי איז געגאַנגען מיט אַ שווערן, עלטערלעכן טריט אין איר אַלטמאָדישן פּלושענעם זשאַקעט, אין גראָבע, ווי מענערישע שיך. און עס איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אויך אַנדערע, פּשוטע, האַלב=שטאָטישע פאַרבאַבלטע אין די שווערע טיכער און גראָבע פעלענע פעלצלעך, זאָלן טראָגן אין זיך אַזויפיל מאַיעסטעטישע ווירדע, מענטשלעכע גוטסקייט און איידלקייט.

ווי נאָר דער פּוילישער ייִד איז געבליבן אַליין, האָט אין אים אויפגעוואַכט דאָס געפיל פון פאַרלוירנקייט, גלייך ער וואָלט געוואָרפן געוואָרן פון אַ לייִדיקער הויך און נישט געוווּסט ווו ער וועט פאַלן. באַלד האָט אים אַרומגענומען דער גרויזאַמער ים פון פרעמדקייט, ווי ער וואָלט זיך געהאַלטן אין אַ שווימענדיקן ברוך פון אַ צעשמעטערטער שיף. ער איז געגאַנגען פאָרויס, צוגעבנדיק זיין גאַנג אַ זאַכלעכקייט, וועלכע איז אים אַליין נישט געווען קלאָר.

אַרום די קליינע, אַלטע הייזער און פּאַר די קליינע, טונקעלע טויערן האָבן זיך אַ סך מענטשן בהלהדיק געטראָגן, געשלעפּט פּעק, זעק און געקאַלערט פעסער. קליינע, נידעריקע, רוסישע פערד, געשפּאַנט צו קליינע, ווי

קינדערישע וועגענער, זענען געלאָפֿן אַראָפּ — און אַרויף=באַרג. אין מיטן דער ענגער גאַס האָבן זיך צוזאַמען אַרײַנגעשניטן טיילן נייע זעלנער, יונגע און עלטערע, האַלב=זעלנעריש אָנגעטאָענע. זיי זענען געגאַנגען אין נישט געאָרדנטע רייען, געפֿירט פֿון אַ זעלנער אין אַ צו גרויסער פֿוטערנער קוטשמע. די נייע זעלנער זענען געגאַנגען ווי אַ סטאַדע, אונטערגעלאָפֿן און אָפּגעשטאַנען, און צוריקגעלאָפֿן אין דער ריי נאָך דעם פֿירנדיקן זעלנער. דער פּוילישער ייד האָט געקוקט אויף דער מחנה און אים האָט אַ ברי געטאָן אַ געפֿיל פֿון קנאה צו די מענטשן, וואָס גייען צוזאַמען געפֿירטע דורך וועמען צו אַ ציל.

די גאַס האָט זיך געהויבן באַרג=אַרויף און וואָס העכער, אַלץ ענגער איז געוואָרן פֿון מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין רעדער. מען האָט גערעדט, געפֿרעגט און געקוקט מיט ווייטע בליקן צו דער פֿאַרגעפֿלטער פֿאַנאָראַמע פֿון די וואָלגאַ=ברעגן, מען האָט געקוקט אַרויף צו דער געדיכטער גרויקייט פֿונעם הימל, ווי מען וואָלט האָרט באַדאַרפֿט עפּעס דערזען. דעם וואַנדערער איז געווען באַקאַנט דאָס פֿאַרצווייפֿלטע קוקן אין דער הויך, ווי עס באַווייזן זיך פֿינטעלעך פֿון די דייטשע אַעראָפּלאַנען. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אויך די אַלטע גרויסע שטאָט אויף דער וואָלגא גייט אַריין אין דער גרויזאַמער קלעם, פֿון וועלכער ער איז געלאָפֿן.

פֿאַר אַלטע, גרויסע, ליידיקע געוועלבער מיט אָפּגעבליאַקעוועטע אַמאָליקע שילדן, וו עס האָבן זיך געבלייכט די אָפּגעשאָסענע, גאָלדענע אויפֿשריפֿטן „כליעב“, זענען געשטאַנען רייען מענטשן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ גייט נאָך אַרום אַ וואַרעמער שטויב מיט דעם ריח פֿון פֿריש=געבאַקן ברויט. דאָס זענען געשטאַנען צומייַנסט פֿרויען פֿאַרהילטע אין שווערע טיכער, אָנגעפּעלצטע אין שטיקער רויע פֿעל. די מענטשן זענען געשטאַנען. טייל האָבן זיך צוגעזעצט אויף טרעפּלעך ביים הויז, זיך איבערגעוואָרפֿן מיט ווערטער, ווי מען וואָלט זיך איבערגעגעבן אומהיימלעכע בשורות פֿון געשעענישן פֿון דער גרויער, נעפּלדיקער ווייט.

די שווערע ידיעות פֿונעם פֿראָנט האָבן זיך שוין אַהער דערטראָגן מיט דער צערודערונג, וואָס איז דעם וואַנדערער געווען גוט באַקאַנט. זיין פֿאַרשאַרפֿטער חוש האָט געוואַכט מיט אַז אָנגעגליטער דינקייט און אונטערגעכאַפּט דעם צעוויגטן אומרו, וואָס האָט זיך באַלד געקאָנט אַרויסרייסן פֿון די ברעגעס און פֿאַרגיסן די אָפֿענע, ברייטע, נעפּלדיקע ווייט אַרום.

היינט האָט שוין קיינער נישט געקוקט אויף אים מיט דעם פֿרעמדן, אומפֿריינדלעכן אומרו און נייגער. זעט אויס, אַז די וואָלגא=שטאָט האָט

שוין געוווסט פון אַזעלכע ווי ער. אָבער פון צייט צו צייט האָט נאָך אַ מאַן אָדער אַ פרוי פאַרהאַלטן אויף אים אַ לאַנגן, פרעגנדיקן בליק, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן. דער פּוילישער ייד האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיין פרעמד אויסזען האָט שוין איצט באַקומען אַ באַרעכטיקונג און ער האָט שוין מער נישט געהאַט דעם באַגער זיין פרעמדקייט צו פאַרהוילן.

ער האָט זיך אַפילו ביי אַ טייל געוועלבער, ווו עס זענען געשטאַנען מענטשן אין אַ לאַנגער ריי, אויך פאַרהאַלטן. דאָ האָט מען געוואַרט צו באַקומען קאַרטאָפל, נאַפט, צוקער און זויער־קרויט. יעדער פון די פּראָדוקטן, וועגן וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקלערט, האָבן זיך איצט פאַר אים אַנטפּלעקט אין אַ זעלטענער ליכט מיט דעם שימער פון איידלשטיינער, ווי אַן עקסטראַקט פון לעבן און גליק. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ער זאָל דאָס ווען קאָנען באַזיצן, און ווען ער האָט זיך ביי איינעם אַזאַ געוועלב אַוועקגעשטעלט אין דער ריי, האָט זיך אים געדאַכט, אַי ער האָט זיך געלאָזט אויף אַ פאַרברעכן. ווי ער וואָלט באַגאַנגען אַ גנבה.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ פרוי, פון וועלכער עס איז געגאַנגען אַ געזונטע און ערדישע וואַרעמקייט. אירע גראָבע קליידער זענען געווען אָנגעפילט מיט דער פייכטקייט פון קעלט. זי האָט געטראָגן אַ שווער טוך איבערן קאָפּ, און דער פּוילישער ייד הינטער איר האָט נישט געקאָנט דערכאַפּן צי זי איז יונג אָדער אַלט. ער האָט נאָר געפילט, אַז יעדע איר באַוועגונג איז אָנגעפילט מיט שטייפער קרעפטיקייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע פיס און דערזעענדיק אַ פאָר גראָבע בלויע געטרעס, אַריינגעטונענע אין טיפע קאַלאָשן, האָט ער מער נישט געזוכט צו טרעפן איר עלטער.

נאָך אַ פאָר מינוט שטיין, איז געוואָרן קאַלט, ער האָט געוואָלט אין דעם קורצן טאָג נאָך עטוואָס באַוויזן. אָבער דער רייץ עפּעס צו באַקומען האָט איבער־געוואויגן. דערווייל איז די ריי הינטער אים געוואַקסן. אַן אַלטער מאַן מיט אַ גרויער באָרד האָט זיך געשטעלט הינטער אים. ער האָט געהאַט פאַרבונדענע אויערן. זיין פנים איז געווען געל און געראָנצלט און זיינע אָנגעווייטיקטע אויגן זענען געווען פאַרשטעלט מיט טונקעלע ברילן. דער אַלטער האָט געקרעכצט און טיף געאָטעמט. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין און אַלץ נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם, ווי ער וואָלט לאַנג געלאָפן. דער פּוילישער ייד האָט דערפילט אַ טיילווייזע פאַרגיטיקונג דערפון, וואָס נעבן אים שטייט אַ מאַן, כאָטש אַן אַלטער, אַ קראַנקער, אָבער אַ פאַרענטפערונג פאַר אים, וואָס שטייט דאָ, ווען אַנדערע שלאָגן זיך מיטן שונא.

די ריי איז געוואָרן וואָס אַמאָל לענגער און אַרום האָט זיך געטראָגן אַ רעש, כאָטש ביי דעם געוועלב איז נאָך די טיר געווען פאַרמאַכט. יעדעס מאָל האָט זיך אָנגעטראָגן אַן אַנדער סברה וועגן דעם, וואָס מען וועט באַקומען. מען האָט גערעדט וועגן צוקער, וועגן האָניק, וועגן ווייסע בולקעס, און ביי יעדער אָנזאָג האָט זיך אויפגעהויבן אַ רעש און די ריי האָט זיך שטרענגער אויסגעצויגן, ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו אַ שלאַכט.

אויך די פרוי, וואָס איז געשטאַנען פאַר דעם פּוילישן ייד, האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעבויגן און האָט פון אַ קוישל, וואָס זי האָט געהאַט געבן זיך, אַרויסגענומען אַ בוך און שטייענדיק גענומען לעזן. דער פּוילישער ייד האָט דערכאַפּט די יוגנטלעכע עלאַסטישקייט פון איר באַוועגונג, וואָס האָט זיך נישט געפּאַסט צו איר שווערן טוך אויפן קאָפּ און די טיפע קאַלאָשן. ער האָט אַ קוק געטאָן איבער איר אַקסל און האָט דערבליקט דעם נאָמען פון בוך. דאָס איז געווען „דער שטילער דאָן" פון שאָלאָכאָוו. ער האָט אַ צאַפּל געטאָן און אין אים האָט זיך אַ ריר געטאָן א גאַנצער פלאָנטער פון שטורמישע דערמאָנונגען.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע רוסישע בוך, וואָס דער פּוילישער ייד האָט געלייענט אין די ערשטע נעכט נאָכדעם, ווי ער איז אַנטלאָפן פון די דייטשן אין דער ערשטער ווייסרוסישער שטאָט; אויף דער ערד, וווּ ער האָט דערזען אַ ווייטערדיק לעבן און דערוואָרבן פריינד. אויך די פרוי איז אים צוליב דעם בוך געוואָרן נעענטער. ער האָט מיטאַמאָל דערזען אירע הענט, וואָס האָבן דאָס בוך געהאַלטן און אים איז קלאָר געוואָרן, אַז אונטער אירע גראָבע און פּשוטע קליידער געפינט זיך אַ יונג געשטאַלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז צוזאַמען מיט איר גייט ער איבער די שורות פון דעם וווּנדערלעכן בוך. צוזאַמען דערמיט האָט ער זיך אויך דערמאָנט וויפל הויכע רו און כּשופדיקע זעונגען דאָס בוך האָט אים געגעבן אין יענע ערשטע טעג און נעכט פון זיינע ערשטע וואַנדלונגען, ווען זיין האַרץ איז נאָך געווען אַזוי געבונדן מיט זיין קינדהייט, מיט דער שטאָט פון זיין געבוירן און מיט זיינע נאָענטסטע, וואָס ער האָט פאַרלוירן.

די העלדן פון דעם בוך צוזאַמען מיט דער לעזערין זענען אים איצט געוואָרן נייע פריינד, צו וועלכע ער דערנעענטערט זיך איצט מיט יעדן גאַנג אַלץ ווייטער און ווייטער אין דעם אומענדלעכן לאַנד.

אין יענע ערשטע טעג, ווען ער האָט דאָס בוך געלייענט, האָט ער נאָך געהאַט האָפענונגען זיך צו באַגעגענען מיט זיינע בלוט־אייגענע, וואָס

זענען פאַרבליבן דאָרט, אין פייער. ער איז נאָך געווען נאָענט צו זיי. איצט זעט ער זיי שוין נישט מער אין דעם פייערדיקן נעפל.

דער פוילישער ייד האָט זיך איצט ווייט פאַרטראָגן צוריק. איבער די וועגן, פון וואַנען ער איז געקומען אַהער. דער רעש פון דער גרויסער, צעוואָרפענער, אַלטער רוסישער שטאָט האָט זיך דערטראָגן צו אים, ווי פון דער ווייט. ווי מיט פאַרשטאָפטע אויערן האָט ער געהערט דעם רעש אַרום זיך. ער האָט איצט ווי געלייענט דאָס בוך פון זיין אייגן לעבן. און קוקנדיק אויף די יונגע, קרעפטיקע הענט פון דער פרוי, וואָס האָט געמישט די זייטלעך פון דעם בוך, האָט זיך אים פלוצלונג פאַרוואָלט, אַז זי זאָל אויך וועגן אים עפעס וויסן. ער האָט טיף אַריינגעאָטעמט דעם ריח פון איר נאָענטקייט. דאָס איז געווען אַ געזונטער פשוטער ריח פון אירע גראָבע קליידער. אין זיין מידקייט פון דורות, האָט ער געוואָלט אַריינאָטעמען דורך איר דעם לעבנס־כוח פון דעם גרויסן פאָלק, וואָס האָט אים פון זיין פריםמער יוגנט געצייצט און גערופן.

אים האָט זיך פאַרוואָלט הערן איר שטים, איר וואָרט, גלייך ווי די

וועגן פון דעם „שטילן דאָן“ וואָלטן געווען זייערע געמיינזאַמע וועגן. ער האָט ווי אַלעמאָל אָנגעהויבן קלויבן ווערטער, פון דעם קליינעם פאַרמעגן שפראַך, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ער האָט זיי געפאָרעמט אין אַ גאַנצקייט און זיי געפרווט אַרויסשיקן פון דער קעל. ער האָט געוואָלט געווינען איר צוטרוי אויף אַמאָל, דורך דעם בוך. אָבער אַלע די ווערטער האָבן אים אויסגעזען פרעמד, ווי פון אַן אַנדער שפראַך.

מיטאַמאָל האָט אים אַרומגענומען אַ מאָדנע אומרואיקייט, ווי ער וואָלט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ געפלדיקן לאַבירינט. אַ פלוצלונגע מידקייט האָט אים פאַרגאָסן, ווי ער וואָלט פאַרלוירן דעם פאָדעם פון געדאַנק. אים איז געוואָרן ווילד און נישט פאַרשטענדלעך, וואָס ער שטייט דאָ. „ווו בין איך?“ — האָט עפעס געזאָגט אין אים. עס האָט זיך פאַר אים אַ דריי געטאָן אַ ראָד פון פאַרלאָפענע טעג און נעכט מיט משונהדיקע פאַרוואַנדלונגען. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט זיך שיר נישט איינגעקלאַמערט אין דער פלייצע פון דער פרוי, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און צונויפגענומען די כוחות און יוגנט, וואָס ער האָט געהאַט אין זיך, און אים האָט זיך פאַרוואָלט זיין אַזוי אייביק און פשוט ווי די מענטשן אַרום אים, שפאַנען מיט דער מעכטיקער אייביקייט פון דעם פאָלק.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אויף דעם גרויען הימל האָט זיך באַוויזן אַ רעדל ווייסלעכע ליכט, וואָס האָט באַשלאָגן די שטיקער צעוואָרפענע שטאָט אין דער ווייט.

די וואָלגא האָט אויפגעשפּילט מיט אַ בלויער, איידעלער ליכטיקייט, וואָס האָט געצויגן אין דער ווייט.

ווי זייגע אויערן וואָלטן אויפגעשטאָפּט געוואָרן, האָט ער ווידער דער־הערט דעם רעש אַרום זיך. די ריי האָט זיך אַ רוק געטאָן.

אין דער מינוט האָט די פרוי פאַר אים איבערגעריסן דאָס לייענען און האָט זיך אַרומגעקוקט. אַ בלייכע זון האָט זיך אַ וויקל געטאָן איבער דער ריי, די פרוי האָט אַראָפּגערוקט דאָס שווערע טוך פונעם קאָפּ אין דער פּוילישער ייד האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ גיך און רייסנדיק קלאַפּן פון זיין האַרץ.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט גרויסע, גרויע, שטרענגע אויגן, ווי זיי וואָלטן ביי אים עפּעס געמאָנט. אירע ברעמען האָבן זיך פאַרהויבן און אַ בלאָנדע פאַסמע האָר האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער איר שטערן. זי האָט געקוקט אויף אים, און די שטרענגקייט פון איר בליק איז מילדער געוואָרן.

דער פּוילישער ייד האָט פאַרגעסן אַלע ווערטער, ער האָט נאָר גע־פילט, אַז ער פאַרלירט עפּעס, וואָס ער האָט לאַנג געזוכט.

מיטאַמאָל האָט זי אַ שמייכל געטאָן און פּשוט געזאָגט:

— אָט אַ שכן... דערקענט נישט...

און ערשט איצט איז אים קלאָר געוואָרן צוליב וואָס ער האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן.

אַ בלייכע זון, ווי פון ווייסן גאָלד האָט אויפגעשפּילט און פאַרטראָגן אַ וואַרעמען ריח פון די וואָלגא־וואַסערן און דעם פּוילישן ייד האָט זיך געדאַכט, אַז צום ווייטן מאָל האָט ער געפונען דאָס לעבן.

.10

דער פּוילישער ייד האָט שוין איצט געוווּסט, אַז זיין שכנטע, דאָס מיידל מיט די שטרענגע, פאַרהויבענע ברעמען, וואָס האָט אים דעם ערשטן אָוונט אין דעם פינצטערן קאָרידאָר אָנגעוויזן סטעפּאַנידאַ איוואַ־נאָוונאַס טיר, הייסט לידיא פּעטראָוונאַ, אַז דער „גראַי" פון דעם בוך „טיכי דאָן" איז נאָך „נישט קלאָר". זי דאַרף אויך וויסן זיין נאָמען, און דעם נאָמען פון זיין פאָטער „פּאַ אָטשעסטווו", ווי זי זאָל אים רופן. און

ווען דער נאָמען פון דעם פּוילישן ייִדנס טאַטן, יוסף, האָט אַ קלונג געטאָן אין איר מויל „יאָסיפּאָוויטש“, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ערשט איצט האָט זיך די שטאָט פאַר אים געעפנט, ווו ער וואָלט פון צעשטורעמטע וואַסערן אויפגעטרעטן אויף אַ זיכערער ערד. ער האָט געקוקט אויף דעם מיידל, וואָס האָט איצט, אונטער דער בלייכער זון, וואָס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן, ווי זיך ארויסגעשיילט פון אירע גראָבע קליידער, און ער האָט ווידער דערזען די אויסערגעוויינלעך־האַרמאָנישע שלאַנקייט פון איר געבוי. איר פּנים איז געווען קינדעריש־בלייך, מיט אַ פּוכיקער ווייכקייט אַרום דעם מויל און די אויגן, וואָס האָבן צוטרויטלעך געקוקט מיט אַ גרוילעכער בלויקייט און פּשוטן ערנסט, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן איר טיפע רוסישקייט. אירע האָר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן מיט אַ דינער, בלייכער גאָלדיקייט איבער איר איידעלן שטערן מיט די פאַרהויבענע דינע ברעמען.

ער האָט געקוקט אין אירע אויגן, שוין איצט מיט זיכערקייט און רעכט פון זיין יוגנט, וואָס דאָס מיידל האָט ווי צוריקגעגעבן נאָך דער גאַנצער צייט פון זיין וואַנדערן. ער האָט שוין איצט נישט געזוכט קיין ווערטער אין דער פרעמדער שפּראַך און געוואָלט איר וואָס מער זאָגן. ער האָט איר דערציילט אַרויסגעמענדיק פון זיין לעבן דאָס, וואָס האָט געקאָנט זיין פאַר איר פאַרשטענדלעך. ער האָט איר דערציילט וועגן זיין לעבן אין דעם לאַנד, ווו ער איז געבוירן, וועגן זיין שטאָט וואַרשע, ווו ער האָט געהאַט חברים, מיט וועלכע ער האָט געאַרבעט, געלייענט ביכער און געגלויבט, אַז עס וועט קומען אַ נײַ, גליקלעך לעבן.

— פון אַזוי ווייט?... — האָט זי אויפגעריסן די אויגן.

— עס איז נישט אַזוי ווייט, נאָר... אַנדערש... אַנדערש ווי בײַ אײַך...

— און אַ מאַמע... איבערגעלאָזן... — האָט זי געזאָגט מיט אַן אָנגעווייטיקטן בליק אין אירע גרוי־בלוילעכע אויגן. זי האָט טיף אַן אָטעם געטאָן און שטיל געזאָגט:

— און אַ ווייב... אפשר... אַ קינד....

זי האָט ארויפגעלייגט איר האַנט אויפן פּנים, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרהאַלטן די ווערטער. איר האַנט איז געווען אַ קרעפּטיקע, אַ גרויסע, אַ יונגטלעכע, מיט לאַנגע פיין געבויגענע פינגער, אַ לייכטער שמייכל האָט אַ שלומער געטאָן אַרום איר מויל:

— „פּראָסטיטיע“... זייט מוחל... איך פרעג מיך אַזוי אויס...

דער פוילישער ייד האָט נישט געקאָנט כאַפּן, צי דער שמייכל איז צו־ליב דעם פרעגן, צי צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט קיין ווייב און קיין קינד.

— ביי אונדז... — האָט זי שטיל, מיט דעם זעלבן שמייכל גע־זאָגט — ביי אונדז... איז אַזוי... אַז די יונגע „פאַרשרייבן“ זיך... האָבן חתונה... אָט איצט... וויפל מיינע חברטעס געבליבן מיט קינדער... די מענער אַוועק... אויפן פראָנט...

די ריי האָט זיך געדריקט. אַרום האָט מען זיך געשטופּט, פון די טירן האָבן זיך אַרויסגעפּאַקט ווייבער, צעפלאַמטע און פאַרטראָגענע, מיט פולע געשטריקטע זעקלעך פּראָדוקטן, דערנעבן האָט מען זיך געשטופּט וועגן עמעצן, וואָס איז „נישט געשטאַנען“. עס איז מיטאַמאָל ענג גע־וואָרן, מען האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך, זיך געיאָדעט און געלאַכט.

מיטאַמאָל האָט זיך די ריי צונויפגעדריקט. דער שלאַנג מענטשן האָט אַ לויף געטאָן, זיך געשפּאָלטן, און איין טייל איז אַריין אין די טירן פון־נעם געוועלב, די טירן האָבן זיך מיט אַ קלימפּערײַ פון די שויבן פאַר־האַקט. עמעצער האָט געשריגן, דער פוילישער ייד איז געשטאַנען אַרויס־געשטופּט פון דער ריי. ער האָט געוואָלט אַוועק פון דער צערודערטער ענג־שאַפט, אָבער עמעצער האָט אים געהאַלטן פאַר דער האַנט און אים גע־שלעפּט נאָך זיך. דאָס איז געווען דאָס מיידל לידאַ פּעטראָווונאַ. איר קאָפּ איז געווען פאַררויסן מיט דעם צעפלאָסענעם טונקעלן גאָלד פון אירע האָר. איר פּנים איז געווען צעשמייכלט, ווי אין אַ שטיפערישער שפּיל. זי האָט אים מיט כּוח געהאַלטן פאַר אַ האַנט, און ער האָט געפילט די פולע קרעפטיקע וואַרעמקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון איר. איר האַלדז איז איצט געווען אויפגעדעקט. דאָס טוך האָט זיך אַראָפּגעגלימשט פון איר קאָפּ:

— גיכער... נאָך מיר... גיכער... — האָט זי, אַ צעשמייכלטע, גע־שריגן — גיכער... אָ, ווי נישט קיין „לאָווקער“...

זי האָט אים אַ שלעפּ געטאָן, זיך אָפּגעריסן פון אים און איז פאַר־שוווּנדן הינטער דער פאַרהאַקטער טיר פונעם געוועלב.

עס האָט געדויערט, איידער דער פוילישער ייד האָט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען. עס איז גלייך געוואָרן שטיל און ליידיק אַרום דעם געוועלב. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך געענדיקט די ריי. דער אַלטער מאַן מיט דער גרויער באָרד און פאַרבונדענע אויערן, איז אויך

געבליבן נעבן אים. ער האָט געקוקט אויף דעם פרעמדן דורך זיינע בלויע גלעזער און מיטאַמאָל איז געקומען טרייסטן:

— באַלד וועט מען צופירן נאָך... מען וועט עפענען... נישט וואַזש־נע... מען קאָן לעבן אָן די „פלושקעס"... די ווייסע זעמעלעך... אָך, אַ צייט געקומען... אָט אַזוי איז ביי אונדז געוואָרן... זייט דער פאַרשאָלטענער מלחמה... פריער האָט מען נישט געוווּסט פון קיין „אָטשערעד"... ביסט אַריינגעגאַנגען און געקויפט... „פאַזשאַלויסטאַ"...

ער האָט אַראָפּגענומען זיינע טונקעלע ברילן און געקוקט אויף דעם פוילישן ייד. מיטאַמאָל האָט ער געזאָגט:

— נישט קיין היגער... ביסטו... יונגער מענטש... פון ווייט...

— ניין, נישט קיין היגער... פון די דייטשן אַנטלאָפן... פון פוילן...

— „וואָט קאַק"... אַ פוילישער... ביסט געלאָפן... אַזש ביז אַהער... וואָס זשע וועסטו טאָן, אָרעמער?...

זיינע אָנגעווייטיקטע אויגן האָבן געקוקט אויף דעם ייד און זיין גע־רונצלט פּנים האָט זיך פאַרריסן מיט דער גרויער באָרד, ווי ער וואָלט געזוכט מיט עפּעס צו העלפן. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, זיך אָנגע־שפּאַרט מיט ביידע הענט אויף זיין שטעקן און מיט טיפער זאָרג גערעדט:

— וואָס זשע איז... דער דייטש אַזוי שטאַרק?... אַז מען לויפט פון אים...

ער האָט אַ קרעכץ געטאָן:

— יאָ... אונדזערע טרעטן אויך אָפּ... אַ גרויסן כוח, זעט אויס... צוגעוויפגענומען... אַ „ווערעדנע", דער דייטש... אמת... ביי יענער מלחמה — זיך מיט אים געשלאָגן, אַ סאָלדאַט נאָך געווען אין „זאַפּאַס"... היינט אַז אַלטער שוין... אָט... שוין אייניקלעך אויפן פראָנט...

ער האָט לאַנג געקרעכצט און גערעדט צו זיך אַליין. אַנדערע האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן אים. דער פוילישער ייד האָט באַדאַרפט אַוועקגיין. ער האָט ווידער דערפילט, אַז די זיכערקייט אונטער זיינע פיס וואַקלט זיך, אָבער דער ווילן צו זען נאָך אַמאָל דאָס מיידל, האָט אים פאַרהאַלטן. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט און איז צוריקגעקומען אויפן זעלבן אָרט נעבן דער קלייט.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט א זייטיקע טיר, פון וועלכער עס האָבן זיך אַרויסגעפּאַקט אַ קנויל מענטשן, צומיינסט פרויען, איינע איז געלאָפן גלייך צו אים און זיין האַרץ האָט פרייידיק אָנגעהויבן צאַפּלען. ער האָט

דערזען לידיא פעטראָווגא. זי איז צו אים צוגעלאָפן אַזוי נאָענט, אַז איר אָטעם האָט זיך אָנגעשלאָגן אין זיין פּנים:

— אָט גוט, וואָס איר זענט דאָ... אָך, וואָס איר זענט... נישט קיין ענערגישער אַזעלכער... באַדאַרפט זיך אַריינשטופּן... אָבער גאָרנישט... איך האָב פאַר אייך געברענגט. אָט...

און זי האָט אַרויסגעכאַפּט פון איר קוישל צוויי ווייסע בולקעס:

— דאָס איז פאַר אייך...

זי האָט זיך מיטאַמאָל ווי פאַרשעמט.

דער אַלטער איז געשטאַנען נעבן זיי. ער האָט געקוקט מיט אַ שמייכל און געזאָגט:

— אָט האָסטו שוין „דיינע"... אַז מען איז יונג... ווערט מען נישט פאַרפאַלן... אהא... ווען איך בין געווען יונג... האָב איך אייך אומעטום מיינס געפונען... אין דיין „פּאָלשאַ" אויך געווען... אהאַ... „וואַרשאַוואַ"... מיידלעך אויך שיינע... ביי אייך...

לידיא פעטראָווגאַ האָט געקוקט אויפן אַלטן. איר איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אַלטער ווייסט שוין עפּעס וועגן דעם שכן און זי האָט זיך צעלאַכט:

— דאָס איז אַ שכן... „דיעדושקאַ"... — האָט זי שפּילעוודיק געזאָגט.

— אַ גוטער שכן... איז בעסער פון אַ שלעכטן מאַן... — האָט דער אַלטער אויפן רוסישן אופן, מיט אַ ווערטל געענטפערט.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

דאָס מיידל האָט אַליין געהאַלטן די צוויי קיילעכדיקע בולקעס. דאָס זענען געווען ווייסע זעמל, באַשיט מיט צוקער. זי האָט זיי געפּרווט אַריינלייגן דעם פּוילישן ייִד איבערן זעקל:

— „ביערימיע"... נעמט... — האָט זי געזאָגט — דאָס איז פאַר אייך...

דער אַלטער האָט קוק געטאָן אויף די בולקעלעך, און שטיל, פאַר זיך געזאָגט:

— „פּליושקי"... רופט מען זיי ביי אונדז... פריער... אויף יעדן טריט... פול געווען... אונדזער ווייסע מעל איז באַוווּסט אויף גאַנץ „ראָסיאַ"... היינט דאַרף מען שטיין אין „אָטשערעד"... שלאָגן זיך... איי דער מען באַקומט... אך, אך... און צו וואָס איז די מלחמה?...

דער פּוילישער ייד האָט גענומען אַ בולקע, אָפּגעבראָכן אַ האַלבע און דערלאַנגט דעם אַלטן:

— נעמט... „דיעדושקאַ“...

דאָס מיידל האָט געקוקט מיט לויכטנדיקע אויגן.

— גיין... אַ דאַנק... — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול — דאָס איז פאַר אייך... פאַר קינדער... פאַר אַן אַלטן... איז שוואַרץ ברויט.. אויך גענוג...

— נעמט, „דיעדושקאַ“... אַן אַלטער איז אויך אַ קינד... — האָט דער פּוילישער ייד געזאָגט.

— אָט... „וויערנאַ“... גוט געזאָגט... — האָט לידאַ פּעטראָוונאַ מיט לויכטנדיקע אויגן אויסגעשריגן.

דער אַלטער האָט געשאָקלט מיט דער ווייסער באָרד. ער האָט פאַמעלעך אַרויסגענומען אַ צעקנייטשטע טיכל פון דער קעשענע און מיט ציטערנדיקע הענט אַריינגעלייגט די האַלבע בולקע. ער האָט שטיל, מיט גערירטקייט, גערעדט:

— פאַר דער קליינער... פאַר דעם יינגסטן אייניקל... אַ שוואַכינקע... עס וועט זיין גוט פאַר איר געזונט... אַ דאַנק „מאָווארישטשי“...

ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום פּוילישן ייד, האָט זיך אויסגעגלייכט, מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, האָט אים דערלאַנגט די האַנט:

— ביי אונדז וועסטו נישט פאַרפאַלן ווערן... אונדזער לאַנד... איז גרויס...

ער האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן און געוויזן אין דער ווייט?

— אָ... גרויס... אָן אַ סוף... און מענטשן... אַ סך... עס איז נישטאָ אַזאַ שונא... וואָס זאָל קאָנען אונדז צעברעכן... אונדזער לאַנד איז פאַר אַלע פעלקער... פאַר אַלע גוטע מענטשן... וועסט נעמען אַ ביקס... וועסט גיין מיט אונדזערע זין... ביסט יונג... וועסט זיין אַ „גערויִ“... העלפן טרייבן דעם שונא... און אפשר וועסטו בלייבן ביי אונדז... מיט דיין חברטע...

ער האָט אַ וווּנק געטאָן אויף לידאַ פּעטראָוונאַ.

— אַ שיינע איז זי... און אַ... גוטע...

דאָס מיידל האָט געקוקט אויפן אַלטן, ווי אַ פאַרכישופטע. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט געהאַלטן אין איין האַנט איר קווישל, אונטערן אָרעם האָט זי געהאַלטן דאָס בוך; און די צווייטע האַנט האָט זי אַרויפגעלייגט אויף דער ברוסט. אירע גאָלדיקע האָר האָבן זיך

אומרואיק געוויגט אויף איר שטערן. זי האָט געקוקט אויף דעם אַלטן, וואָס האָט זיך דערוויטערט מיט אַלטע, געבראָכענע טריט, אַנגעשפּאַרט אויפן שטעקן. אירע גרוי־בלויע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, ווי ביי אַ פאַרוואונדערט קינד. זי האָט פאַרטראָגן געדעדט:

— „קאַקאָי"... וואָס פאַר אַ „דיעד"... אַזוי ווי אַ „פּראָראָק"... אַ נביא...

דער פּוילישער ייִד האָט געקוקט אויף דעם פרעמדן רוסישן מיידל, אויף איר קרעפטיק, צעוואַקסן געשטאַלט, וואָס האָט זיך געריסן פון די גראָבע פּויערישע קליידער, ער האָט געפילט דעם כוח און די ריינע קינ־דערישע גלויביקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון איר. און אין אים האָט זיך אייפגעהויבן אַ הייסער פאַרלאַנג צו גיין מיט איר אין דער ווייטער אומ־ענדלעכקייט פון דעם לאַנד, וועלכער דער אַלטער האָט אָנגעוויזן מיט זיין שטעקן.

ער האָט איצט פאַרגעסן אין די גרויליקע וועגן, וואָס האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן פאַר אים.

## .11

זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי עפּעס האָט זיך געענדערט אין זיין גאַנג. עס איז אים ווי צוריקגעגעבן געוואָרן אַ יונגער, קרעפטיקער שפּאַן, און ער האָט צוריקגעפונען די וואָג פון זיין קערפּער, וואָס ער האָט ווי פאַרלוירן פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין וואַנדערן.

ער האָט דאָס דערפילט גלייך ביי די ערשטע טריט, ווען ער האָט זיך מיט איר אַראָפּגעלאָזן פון דער באַרגיקער גאַס צוריק צו דער געגנט פון דער „ציגאַנקאַ", ווי זיי האָבן געוווינט. פון דאַנען האָט זיך ווידער געעפנט און אויסגעשפּרייט די ווייט פון דער אַרום שטאָט מיט די וואָלגאַ־ברעגן, וואָס האָבן אויפגעבלאַנקט מיט אַ זילבערנעם שלייער. אַ לינדער ווינט האָט זיך פון דאָרט אָנגעטראָגן מיט אַ דערפרישנדיקער הייטערקייט.

דער ווינט האָט זיך געשטאַרקט מיט אַ פייכטער פרישקייט פון וואַ־סער. אַראָפּ־באַרג האָבן געפירט טרעפּ, שטיינערנע טרעפּ פון דורות גע־טרעטענע זענען מיט געבויגענעם אייזן געווען אַריינגעוואַקסן אין די אַל־טע, צעקרישלטע שטיינערנע ווענט פון די פאַרצייטישע הייזער. אָבער זיי האָבן צוליב עפּעס אויסגעמיטן די טרעפּ און זיך אַראָפּגעלאָזן מיט דעם

צעפּאָרענעם ברוק, ווו די פּייכטע און גליטשיקע שטייגער האָבן זיי געגויט צו לויפן. אַליין נישט פילנדיק, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט. פון איר האַנט אין זייגער האָט געשטראָמט אַ וואַרעמער כוח און ער האָט דערפילט מיטאַמאָל, אַז דאָס שטאַרקע, צעוואַקסענע געשטאַלט איז אַ קינד, וואָס באַגערט זיך צו שפּילן, און דער שטראָמיקער כוח פון איר האַנט האָט אים געשיכורט. מיטאַמאָל האָט ער דערקאָנט די געגנט און זיך פאַרהאַלטן. ער האָט דערקאָנט די „ציגאַנקא“, און דאָס געשטאַלט פון סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אויפגעטויכט. ביי דעם געדאַנק, אַז ער קאָן דאָ באַלד דערזען דעם לאַנגן הויף, ווו זיי וווינען, די ווייבער, די שכנות פון דעם קאָרידאָר און אויך זיין באַלעבאָסטע, די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, האָט ער זיך ווי דערשראָקן, גלייך ער וואָלט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם מיידל. איר שווערער מאַנטל איז געווען געעפנט, פונעם לויפן האָט זיך איר ברוסט געהויבן ראַשיק. דאָס טוך איז איר אַראָפּגעפאַלן פונעם קאָפּ און עס האָט זיך אַנטבלויזט איר הויכער, קרעפטיקער האַלדז. די האָר זענען געווען צעבלאָזן פונעם ווינט. זי האָט גיך געאָטעמט, האַלב פאַרמאַכט די אויגן, און מיט אַ שטילן קרעכץ פון תענוג האָט זי אויסגעשריגן:

— אַך, ווי גוט!...

אים האָט זיך פאַרוואָלט נאָך אַמאָל פילן איר האַנט, אָנרופן איר נאָמען, וואָס איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי אייגן. ער האָט פאַמעלעך אָנגערירט איר האַנט:

לידיא פּעטראָוונא...

איר האַנט האָט זי אים געגעבן מיט אַ קינדערישער צוטרוילעכקייט, וואָס האָט אים מיטאַמאָל קלאָר געמאַכט, אַז איר האַרץ איז אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אין דעם אַלעם, וואָס עס איז צווישן זיי, איז נישטאָ וואָס צו באַהאַלטן. זי האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווייט און מיט אַ שטראַלנדיקן בליק שטיל געזאָגט:

— איר געדענקט דאָס בילד... ביי ריעפּינען... „קאַקאָי פּראָסטאָר“... וואָס פאַר אַ ברייטקייט...

דער פּוילישער ייִד האָט גוט געקאָנט דאָס ריעפּין־בילד, פון דעם יונגן סטודענט און דעם מיידל, וואָס שפּאַנען אין דער ווייט, געטראָגענע פון די ים־כוואַליעס פונעם לעבן. ער האָט געקאָנט דאָס בילד נאָך פון די יינגסטע יאָרן, ווען ער איז נאָך כמעט געווען אַ קינד, ווען ער האָט צום

ערשט אין דער אויפגעבראַוזטער, ייִדישער הינטער־גאַס דערפילט דעם באַ־
גער צו אַ שפּעפּריש לעבן, ווען ער האָט, באַהאַלטענערהייט פאַר דעם פּרוּ־
מען טאַטן, באַקומען די ערשטע לעקציע ביים אָרעמען „רוסישן סטו־
דענט“, וואָס האָט געוווינט אין אַ בוידעם־שטיבל, אין דעם גרויסן, רע־
שיקן ייִדישן הויף. אויף דער טונקעלער וואַנט, אונטער דעם קאַרגן ליכט
פון דער לאָמפּ מיט דעם גרינעם אַבאַזשור האָט ער אין די אָוונטן גע־
קוקט אויף דעם בילד אין אַ קליינער רעפּראָדוקציע פון דער „גיוואָ“.

צוזאַמען מיט דער דערמאָנונג האָט זיך פאַר אים אַ טראָג געטאָן
דאָס גאַנצע לעבן פון יענע ערשטע יאָרן אָן. עס האָט זיך אַ דריי געטאָן
אַ ריזיק ראָד פון צייט, געשעענישן, וואָס זענען פּלוצלונג דאָ, אויף דער
פרעמדער רוסישער גאַס, אַרויסגעטראָטן פאַר אים מיט אַזאַ נאָענטקייט.
ער האָט ווי דערפילט די ריחות פון פאַרלאָפענע שטיקער לעבן, וואָס זע־
נען ווי פאַרשטויבטע און פאַרטריקנטע געלעגן אין אים און וואָס האָבן
איצט, אונטער דעם פרישן, ברייטן, פייכטן ווינט, אויפגעלעבט.

אַ סך ווערטער און ביכער, אין דער שפּראַך פון דעם לאַנד, זענען
אים אויפסניי פאַרשטענדלעך און קלאָר געוואָרן. זייער באַשייד איז גע־
לעגן אין דעם לויכטנדיקן בליק פון דעם פּשוטן מיידל, אין דער איידע־
לער ריינקייט פון איר בליק, מיט וועלכן זי האָט געקוקט אין דער ווייט.

נאָך דער מינוט, וואָס ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען,
האָט ער זי שוין דערזען אַן אַנדערע. זי האָט איצט פאַרריכט אירע קליי־
דער, צוריק פאַרוואָרפן דאָס טוך איבערן קאָפּ, פאַרקעמט די האָר, גע־
ברענגט אין אָרדענונג די זאַכן אין איר געפּלאָכטן קיישל, וואָס האָבן זיך
צעשאָקלט ביים לויפן. אויך פון איר פּנים איז מיטאַמאָל אַראָפּ די קינ־
דערישע צעשפּילטקייט. מיט אַ פּלוצלונגען ערנסט און שטרענגקייט האָט
זי געזאָגט:

— אך... אַ שלעכט, נאַריש מיידל איך בין... פאַרהוליעט זיך... נישט
אַזעלכע צייטן... מען דאַרף איילן... אַהיים...

דאָס וואָרט „אַהיים“ האָט זיך מאָדנע אָפּגעשלאָגן אין דעם פּוילישן
ייִד, ווי אַ האַרטע האַנט וואָלט זיי צעטיילט.

— איר גייט... אַהיים?... — האָט ער שטיל געזאָגט.

— און איר...

— איך...

ער האָט נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט נישט קיין היים:

— איך... איך דאַרף נאָך גיין... פיל פאַרזאָרגן... איך בין דאָך אַ פרעמדער...

— נו... אַ וווינונג האָט איר דאָך... ביי אונדזער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ... ביי איר וועט אייך זיין גוט... זי איז ביי אונדז אַ שטרענגע... אָבער אַ גוטע... אַ מענטשלעכע... מיר אַכטן זי אַלע...

מיטאַמאָל האָט זי פּשוט געזאָגט:

— מיט איר... מיט מיר...

ער האָט זיך ווי דערשראָקן פאַר אירע ווערטער. זיך אומגעקוקט, און מיטאַמאָל האָט זיך אויף אים אַ לייג געטאָן אַ ווילדע דראָענדיקע פרעמדקייט. ער האָט דערזען דעם קנופּ פון גאַסן, ווו מענטשן האָבן זיך געטראָגן און געווימלט אין אַלע זייטן. עס האָט אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז די פינטלענדיקע מענטשן זענען אַריינגעפאַלן אין אַ ריזיקן גרוב, ווו זיי פאָרען זיך דאָ מיט זייער אָפּגעריסן לעבן; אַז באַלד וועט זיך אָנטראָגן אַ פייער־וואָלקן, וועלכן ער האָט געזען אויף זיינע וועגן. ער האָט געקוקט אויף דער פּאַנאָראַמע פון די שטיקער שטאָט, מיט די טראַמווייען, וואָס האָבן זיך געגליטשט ווי גרינע ווערים; אויף די פערד, וואָס האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז איינער דאָ, וואָס ווייסט, וואָס עס דראָט פון די נעפּלדיקע ווייטן.

אין דער מינוט האָבן זיך מיט אַ רייסנדיקער שנעלקייט דורכגעטראָגן עטלעכע אויטאָמאָבילן. דאָס זענען געווען גרינע, געפּאַנצערטע וועגענער, פון וועלכע עס האָבן מיט דראָענדיקער שטרענגקייט זיך פאַרריסן די לאַנגע העלדזער פון די זעניט־האַרמאַטן. די זעלנער, אין גרויע, פוטערנע היטלען, זענען געזעסן נעבן זיי. דער פּוילישער ייד האָט געקוקט אויף דעם געווער, ער האָט געקוקט אויף די אַלטע, קליינע, נאַיווע הייזער פון דער שטאָט, און זיינע טריט האָבן זיך אונטערגעבראָכן.

ווי לידאַ פּעטראָוונאַ וואָלט געזען זיינע געדאַנקען, האָט זי מיט אַ קינדערישער לייכטקייט געזאָגט:

— מיר ריכטן זיך אויף „גאַליאָטן“ פון די פאַשיסטן...

און ווי אַ סוד האָט זי צוגעגעבן:

— מיר האָבן שוין דאָ געהאַט... נישט לאַנג... אונדזערע האָבן זיי פאַריאָגט... איך בין געשטאַנען אויפן דאַך פון אונדזער הויז... אין דער „לופט־אָבאָראָנאַ“... איך האָב זיי געזען... „בעזסאָוויעסטניע“... זיי האָבן געברענגט דעם טויט פאַר אונדז... פאַרוואָס... פאַרוואָס זענען זיי געקומען אונדז הרגענען?... וואָס האָבן מיר זיי געטאָן?...

זי האָט געקוקט מיט אַ פאַררטסענעם בליק אין הימל אַריין, און אי־רע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ האַרטער גרויקייט פון שטאָל:

— באַלד זענען אָנגעפלויגן... אונדזערע אָדלערס... איינעם האָבן מיר אַראָפּגעשלאָגן... מיר זענען געלאָפן הינטערן שטאָט... קוקן... צוויי זענען זיי געווען... אונדזערע האָבן זיי געפירט אין „פליען"... יונגע... „מאַל־טשיקעס" נאָך... אַ רחמנות געווען... אָבער... מען טאָר זיי נישט „זשאַ־לעווען"... פאַשיסטן...

עס איז געוואָרן שטיל. זיי האָבן געשפּאַנט שווייגנדיק. דער פּויל־שער ייִד האָט געקלערט, אַז ער דאַרף זיך צעשיידן מיט דעם מיידל. צווישן זיי איז געלעגן אַ גליענדיקע וועלט מיט טויזנטער געפאַרן, וועגן וועלכער זי האָט נישט געוווּסט.

— איר ווייסט, ווו מיר וווינען... — האָט זי פּשוט געזאָגט.

זיין בליק האָט אַ וואַנדער געטאָן:

— נישט ווייט...

— אָט דאָרט.. איז אונדזער גאַס... פאַרבלאָנדזשעט נישט...

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַן אַלטן, הילצערנעם טויער פון ני־דעריקן הויז, דאָ איז געווען גרוי און ליידיק.

— נו... איך מוז לויפן... — האָט זי געזאָגט, און מיט אַ מיידלש חנדל צוגעגעבן:

— איך האָב זיך היינט... נאַריש אויפגעפירט... ווי אַ „דיעווטשאָנ־קאַ"...

— פאַרוואָס... לידאַ פּעטראָווגאַ?... איר האָט געטאָן אַ גוטע זאַך... איך האָב נעבן אייך פאַרגעסן... אַלע גרויזאַמקייטן... וואָס איך האָב גע־זען...

— מיר האָט געפאַלן... איר זענט אַ גוטער... אַן איידעלער... איר האָט דעם אַלטן געגעבן אַ „פליושקע"... פאַרוואָס האָב איך דאָס נישט געטאָן?...

— דאָס האָבן מיר... ביידע... דאָס איז דאָך פון אייך...

— ניין. דאָס האָב איך פאַר אייך געקויפט...

— דאַרף איך דאָך אייך באַצאָלן...

ער האָט אַרויסגענומען געלט:

— וויפל בין איך אייך שולדיק?...

זי האָט זיך דערשראָקן...

— נאַרישקייטן... מיר זענען דאָך שכנים...

ער האָט געזוכט איר בליק:

— נישט מער...

— אַך, וואָסערע... איר זענט... נו... חברים....

ער האָט אַליין נישט וויסנדיק צוליב וואָס אויסגעשטרעקט די האַנט.

— אויף שטענדיק...

— זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און לאַנגזאַם אַריינגעלייגט איר פולע, קרעפּטיקע האַנט אין זיינער. ער האָט שטיל, ווי צו זיך, געזאָגט:

— אויף אייביק...

זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ; און פון הינטער אירע אַראָפּגעלאָזע־נע אויגן האָט זי אַ לאַנגן בליק געטאָן אויף אים:

— רעדט נישט אַזוי... אַזעלכע ווערטער...

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און זיך געלאָזן איבער די שפּי־ציקע שטיינער מיט אַ קינדעריש שפּרינגענדיקן טראָט.

דער פּוילישער ייד האָט איר נאָכגעקוקט, ווי זי האָט אייליק גע־שפּאַנט. די טיפע קאַלאָשן און דאָס צו־לאַנגע, שווערע קלייד האָבן נישט געקאָנט פאַרדעקן די ריטמישקייט און קרעפּטיקע גראַציע פון איר שפּאַן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַרום אויף די אַלטע, פרידלעכע הייזער, אויף די שטיקער שטאָט און אויף די אין דער בלויער ווייט פאַרטראָגענע ברעגן. איבער די ברוינע, נאַקעטע צווייגן פון די ביימער האָבן זיך געטראָגן און געווינט גרויע, אָנגעפּעלצטע ווינטער־פייגל.

דער פּוילישער ייד האָט זיך געלאָזן אין זיין ווייטערדיקן וועג. זיינע טריט זענען שוין נישט געווען קיין בלאָנדזשענדיקע. ערגעץ אין דעם קנויל גרויען שטיין און גרינע דעכער, אין די לאַבירינטן פון די אַלטע הייזער, איז אָנגעקניפּט געווען אַ דינער, וואַרעמער פאָדעם צו אַ האַרץ. ער האָט זיך אין זיין עלנט פאַרבונדן מיט דעם גורל פון דער שטאָט און פון די מענטשן.

באַלד איז ער אַריין אין אַ ברייטער שטאָטישער גאַס. דאָ איז גע־ווען ענג פון מענטשן, וואָס האָבן זיך שטראָמיק געטראָגן איבערן אַלטן, אויסגעריבענעם שטיין פונעם טראָטואַר.

ביי אַ גרין, נידעריק הויז מיט ווייסע, ברייטע טירן האָט ער דערזען אַ ריי מענטשן, וואָס האָבן זיך לאַנגזאַם גערוקט אין דער טיר אַריין. דאָ זענען צוזאַמענגעמישט געווען זעלנער מיט הויכע פוטערנע היטלען, אַלטע און יונגע, האַלב־מיליטעריש געקליידטע מענער האָבן מיט אַ פרייַלעכן ערנסט געצויגן צו די ברייטע באַגלאָזטע טירן.

מיטאַמאָל האָט ער דערזען, ביי דער זייט פון דער טיר אַ גרויסן אויפשריפט מיט אַלטער, אָפּגעריבענער געלער פאַרב. ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אין דעם שטיקל זייף, וואָס סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט אים געגעבן, ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם אויפשריפט: „באַניאַ“.

און ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער ריי.

.12

אין די טעג פון טיפן האַרבסט האָט זיך צו דער שטאָט אויף דער וואָלגאַ געטראָגן אַ גייע, טעכטיקע כוואַליע יידישע וואַנדערער, וואָס האָט זיך דורכגעריסן פון ווייסרוסלאַנד, ליטע און גאַליציע. דאָס איז געווען אין די טעג, ווען די דייטשן האָבן זיך געוואָרפן איבער די רוסישע גרענעצן.

די שטאָט אויף דער וואָלגאַ איז געוואָרן דער טויער צום ריזיקן הינטערלאַנד, איבערן אוראַל, ווו עס זענען געלעגן די רחבותדיקע לענדער קאַזאַכסטאַן און אוזבעקיסטאַן, וואָס האָבן געלאָקט די מידע וואַנדערער מיט רו, זאַטקייט און וואַרעמקייט. הונדערטער, טויזנטער האָבן זיי זיך געזאַמלט צו דער ערשטער, אַלטער רוסישער שטאָט סמאָלענסק, ווו זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די גרויסע רוסישע ערד.

פאַרשטעלטע דייטשע אַגענטן, שפּיאָנען און דיווערסאַנטן האָבן געזייעט פּאַנישע וואָרעניש, אַז די רוסן וועלן נישט אַריינלאָזן די פרעמדע, אַז די וואַנדערער וועלן דערשאָסן ווערן ביי די רוסישע גרענעצן. אין דער בהלהדיקער פאַרבלענדעניש זענען טויזנטער צוריקגעגאַנגען צו די דייטשן אין זייערע ברענענדיקע שטעט, ווו עס האָט געוואַרט אויף זיי פּיין און טויט. אָבער דאָ האָט זיי קיינער גאָרנישט געפרעגט. עס איז גענוג געווען צו זיין אַ ייד, כדי צו געפינען זאָרג און שוץ. און נישט געקוקט אויף די דייטשע אַוויאָנען, וואָס האָבן זיך שוין דאָ באַוויזן און געלאַקערט אויף די וועגן, זענען טויזנטער עשאַלאָנען מיט היימלאָזע אַרויסגעפירט געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער געפאַר.

די היימלאָזע אין די עשאַלאָנען זענען געפאָרן לאַנגע וואָכן, געשטאַנען אויף די וועגן, דורכלאָזנדיק די מיליטערישע צוגן, וואָס האָבן אָן אויפהער געצויגן צו די פראָנטן. טייל פון די וואַנדערער האָבן זיך אָפּגעריסן פון די עשאַלאָנען און זיך פאַרהאַלטן אין די שטעט, ווו עס איז נאָך געלעגן דער שימער פון אַ רואיק לעבן. נאָך וואָכן פאָרן אין די עשאַלאָנען

אין ענגשאַפט, שמוץ און פאַרלוירנקייט, טייל מיט קראַנקע קינדער, אַנדערע, וואָס האָבן אין געלויף פאַרלוירן זייערע נאָענטע, האָבן זיך אַזעלכע אָפּגעטיילט, געלאַשטשעטע פון דער וואַרעמער זוניקייט אין די פענצטער פון אַ מענטשלעכער נעסט. אָבער גיך האָט דער רוסישער האַרבסט אַ בלאָז געטאָן מיט פרעמדער, נישט־געוווינטער קעלט און אָנגעזאָגט די נישט־באַזאָרגטע היימלאָזע דעם גרויזאַמען ווינטער. אויך האָט זיך דער פראָנט גיך דערנענטערט, און נאָך אַן ערשטן לופט־אָנגריף אויף אַזאַ שטאָט, האָט מען זיך געלאָזן ווייטער איבער די אומענדלעכע שטחים פונעם ריזן־לאַנד.

אין די טעג האָבן טויזנטער יידישע היימלאָזע זיך באַוויזן איבער די גאַסן פון דער שטאָט אויף דער וואָלגאַ.

* *
*

דער פוילישער ייד איז אַרויס פון דער רוסישער „באַניאַ“ שוין נאָך האַלבן טאָג. צום ערשטן מאָל, נאָך לאַנגע חדשים, האָט ער דערפילט דאָס ריטמישע קלאַפּן פון בלוט אין זיין לייב; און נאָך דער אַראָפּגעוואָרפענער מידקייט, האָבן זיך זיינע פיס געהויבן מיט אַ נייעם צופלוס פון פרישקייט. דער ווינט פון דער וואָלגאַ האָט באַרירט זיין הויט מיט אַ גלעטנדיקער אייִדלקייט און אים איז פאַרשטענדלעך געוואָרן די באַזונדערע מיסטעריעזע ערנסטקייט, וואָס דער פשוטער רוסישער מענטש טיילט צו דעם טרייסטפולן געגנום פון דער „באַניאַ“.

אַחוץ דעם איז דער פוילישער ייד אויך געווען אויפגעברויזט פון די נייע געשעענישן. ער איז שוין איצט נישט געגאַנגען אַליין. געבן אים איז איצט געגאַנגען זיינער אַ וואַנדער־חבר, מיט וועלכן ער האָט זיך צופעליק דאָ, אין דעם מוטנעם ליכט פון דעם אַלטן, געלן הויז באַגעגנט.

די ענלעכקייט פון זייער הילוך, די וואַנדער־זעקלעך אין זייערע הענט, האָבן זיי נאָך אין דער ענגשאַפט פון דער ריי ביים אַריינגאַנג אין דער באָד צונויפגעפירט. ביידע האָבן זיי געהאַט דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן זיך ערשט דאָ נישט לאַנג געהאַט באַגעגנט. און שוין ביי דעם ערשטן וואָרט האָט זיך פאַר דעם פוילישן ייד געעפנט אַ שטיק פאַרנעפּלטע וועלט, פון וועלכער ער איז געווען ווי אָפּגעשניטן מיט אַן אָנגעווייטיקטער ווונד. דער פוילישער ייד האָט שוין געוווסט, אַז יענער ווייסט פון אים, און קען אים:

— איר זענט... ב... פון ווארשע?

— יאָ... איך בין עס...

און דער פּוילישער ייד האָט מיטאַמאָל דערפילט זיין פולע וואָג. עס איז אים נאָך דורכגעגאַנגען איבער דער הויט אַן אומהיימלעכער שטראָם פון אַ ראַציק געפיל דערפון, וואָס ער איז געווען נאַקעט. אָבער זיין וואַנ־דער־חבר האָט דאָס דאַכט זיך ווי נישט געזען. ער האָט געקוקט ערגעץ ווייט און מיט אַ באַזונדערער וואָגיקייט ארויסגעזאָגט:

— איר זענט...

דער יונגערמאַן האָט איצט באַדאַרפט אַרויסזאָגן דאָס, וואָס האָט דעם פּוילישן ייד צוריקגעגעבן די באַזונדערע וואָג פון אויסדערוויילטקייט. זיין האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן, ווי שוין לאַנג נישט, ווען ער האָט דער־הערט זיין נאָמען אַרויסגעזאָגט מיט יענעם ווייטן קלאַנג פון זיין פריער־דיק לעבן, ווען זיין נאָמען איז געווען ווי איינגערעמט אין אַ ראַם, וואָס האָט אים אויסגעטיילט אומעטום, וווּ ער האָט זיך געפונען.

— איר זענט דאָך דער שרייבער ברין... איך קאָן אייך... איר וואָלט מיך אויך באַדאַרפט קאָנען... אָבער... שוין לאַנג... איר וועט זיך אפשר דערמאָנען...

ווי אַ פאַרהאַנג וואָלט זיך פאַרהויבן, האָט דער פּוילישער ייד זיך אַליין דערזען אין זיין ווייטער, געוועזענער, ווי קליין־געוואָרענער וועלט. וואָס איז איצט פאַר אים געשטאַנען אַזוי נאַקעט ווי ער אַליין.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין דעם פּנים פון דעם מענטש, וואָס איז איצט אויך אַ נאַקעטער געזעסן נעבן אים אויף דער גליטשיקער באַנק פון דער רוסישער „באַניא“. איצט, אַ דערוואָרעמטער, איז ער אויך ענלעך געווען צו עמעצן, וואָס ברין האָט זיכער נישט איינמאָל אין לעבן באַ־געגנט.

דאָס איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, אָבער שוין מיט אַ בולט־אויסגעפּרעגטער דערוואַקסנקייט אין די שטריכן פון זיין מענלעכן קאָפּ, וואָס מען באַקומט צומיינסט ביי די דרייסיקער יאָרן. ער האָט מיט אַ ריכ־טיקער שפּראַך פון אַ געשולטער קולטור ביי אַ טייל יידישער אינטעליגענץ געפּרווט דערמאָנען מענטשן פון אַ קרייז, אין וועלכן דער שרייבער ברין איז אין אַ געוויסער צייט געקומען און פאַר ברינען איז גלייך קלאָר גע־וואָרן וועמען ער האָט פאַר זיך.

אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט וויסן פון זיין נייעם פריינד, איז געווען געבונדן מיט אַ צייט פון עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה.

— ווען זענט איר אַרויס פון וואַרשע?... — האָט ברין געפרעגט.
— איך בין געזעסן... נישט אין וואַרשע... די מלחמה האָט אונדז באַפרייט...

ברינען איז מיטאַמאָל פאַרשטענדלעך געוואָרן די פאַרהאַרטעוועטע, סענקעוואַטע אָפּגעצערטקייט און די באַזונדערע, געפּרוווטע, זעלנערישע אויסגעמאָסטנקייט פון אַ לאַנגער, געצווונגענער איינזאַמקייט, וואָס עסט זיך איין אין מענטשן, וואָס זענען לאַנגע יאָרן געזעסן אין אַ תּפיסה. ברין האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איינער פון די, וואָס זענען אויף יאָרן פאַרשוווּנדן פון דער ייִדישער גאַס אין פּוילן, און אַז נישט בלויז דער בלינדער צופאַל האָט אים געבראַכט אַהער.

ווי עס וואָלט צעגאַנגען אַ געדיכטער נעפּל, האָבן זיך פאַר זיי אַרויסגעשיילט אַלץ נייע שטיקער פאַרלאָפן לעבן. איינער האָט געזוכט ביים אַנדערן די פעלנדיקע שטיקער, ווי צעוואָרפענע שמות, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אין דער וואַנדערונג.ביידע האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין נאָענטע און באַקאַנטע, וואָס זענען געווען געבונדן מיט איין שטאָט, איין לאַנד און איין יוגנט. מען האָט זיך איבערגעגעבן וועגן אויסטערלישע באַגעגענישן אין דעם געלויף. מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אומקום פון אַנדערע, און וועגן אַנדערע, וואָס זענען נישט דערגאַנגען, פאַרבליבן אויף די וועגן.

ביידע פּוילישע ייִדן האָבן זיך דאָ, אין דער טונקעלער, נעפּלדיקער וואַרעמקייט פון דער אַלטער, רוסישער באָד צוגעטוליעט צו דעם גרויסן, געזונטן ריטם פון אייביקייט, וואָס האָט געקלאַפּט פון די נאַקעטע לייבער אַרום. ביידע האָבן זיי געהאַט אַ סך צו דערציילן וועגן דער פּשוטער מענטשלעכער גוטסקייט, וואָס זיי האָבן באַגעגנט אויף ד ע ר ערד. ביידע האָבן זיי געוווּסט, וו זיי געפינען זיך, און ביידע האָבן זיי געפילט, אַז זייער וועג איז נאָך אַ ווייטער און אַ שווערער.

* *
*

פאַר די עטלעכע שעה, וואָס דער שרייבער ברין מיט זיין נייעם פריינד האָבן פאַרברענגט אין דער באָד, האָט זיך אין דער שטאָט אויף דער וואָלגאַ עפּעס געענדערט. דאָס האָבן זיי דערפילט גלייך ווי נאָר זיי האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון די עטלעכע זייטיקע גאַסן און זיך דערנעענטערט צום צענטער פון דער שטאָט.

אין ד ע ר שעה האָט זיך שוין דער קורצער האַרבסט-טאָג גענומען לעשן און אַ נעפּלדיקער שטראַל פון דעם טאָג-ליכט, וואָס האָט זיך ערגעץ געזעצט, האָט געבלאָנדזשעט איבער די אַלטע טריבע הייזער. זיי האָבן זיך נאָך געהאַט פיל צו זאָגן, ווען זיי האָבן מיטאַמאָל דערפילט דעם אָנגערייצטן ריטם פון דער באַוועגונג אַרום: ביי די סקווערן און די גאַסן האָבן זיך רעדער מענטשן געקליבן מיט אַ שווייגנדיקער אָנגעלאָדנקייט, וואָס איז זיי שוין געווען אַזוי גוט באַקאַנט. באַזונדערס ווי עס פילן עס יידן אין אַ צייט פון בהלה.

מענטשן האָבן אָפט געקוקט אויפן הימל, וואָס האָט אין דעם שפּעטן נאָך האַלבן טאָג זיך שוין געטונקלט. ערגעץ האָבן הילכער געעקבערט די לופט מיט אַ געדריקטער פייערלעכקייט. מענטשן האָבן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ זיך געלאָזן מיט אַ פלוצלומדיקער איילקייט. די צוויי פּוילישע יידן האָבן גלייך מיט זייער אָנגעשאַרפטער פילבאַרקייט, וואָס זיי האָבן געברענגט פון זייערע וועגן, דערפילט, אַז עס טראָגט זיך אָן די באַקאַנטע שטעכיקע גרויל, וואָס האָט זיי געיאָגט.

ביידע זענען זיי גרייט געווען צו נייע, אומבאַקאַנטע וועגן און געשעענישן. אָבער איינער פון זיי האָט געהאַט נאָר איין באַשטימטן וועג, וועגן וועלכן ער האָט מיט קאַרגע ווערטער דערקלערט דעם שרייבער ברין:

— איך גיי אין דער אַרמיי.... — האָט ער שטיל געזאָגט. און דער שרייבער ברין האָט דערכאַפּט אין דער פולקייט און קרעפטיקייט פון זיינע ווערטער, אַז אונטער זיי ליגט אַ האַרטער, נישט-בויגזאַמער מעטאַל, אַ קלאָרקייט און באַשטימונג, קעגן וועלכער ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט שוואַך.

דער שרייבער ברין האָט זיך אַ וויג געטאָן. עס האָט זיך אים מיטאַמאָל געדאַכט, אַז עס איז נאָך צו פרי צו קומען אַהיים אין דעם ווינקל, צו דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. עס האָט אים איצט אויסגעזען צו לאַנג צו בלייבן אין דער צעשטורעמטקייט פון דער שטאָט, אונטער דער שטרענגער וואָג פון דער אַלטער רוסישער פרוי.

ווען ער וואָלט געקאָנט, אַזוי ווי זיין נייער פריינד, מיט דער זעלבער גלייכקייט און קלאָרקייט איר זאָגן, אַז ער גייט דאָרט אַהין, ווו עס זענען אַלע אירע נאָענטע און אייגענע; ער זאָל קאָנען מיט אַ ריין האַרץ און געוויסן נעמען פון האַנט איר פּשוטע גוטסקייט. ביי דעם געדאַנק איז דער טונקעלער קאָרידאָר מיט די פאַרדעכטיקטע, ווי דראָענדיקע קלאַנגען, פאַר אים געוואָרן העל און ליכטיק און ער האָט דערזען דאָס מיידל מיט די

הויכע ברעמען, לידא פעטראָוונאַ, אין אַ נאָענטקייט, פון וועלכער זיין הארץ האָט אויפגעשפּילט.

מיט דער צעשפּילטקייט פון זיין געדאַנק איז ער געגאַנגען מיט זיין בייעם פריינד אַלץ ווייטער צום צענטער פון דער שטאָט, ווי אין דער ענג־שאַפט פון די אויפגעברויזטע גאַסן האָבן זיי אָנגעטראָפן אַלץ מער און מער ענלעכע צו זיי. די אַלטע רוסישע גאַס האָט שוין איצט געוווסט ווער זיי זענען, און קיינער האָט שוין נישט געקוקט אויף זיי מיט קיין פרעמד־קייט און חשד.

זיי זענען שוין איצט געשטאַנען אין גרופּן ביי די סקווערן, זיך גע־טוישט מיט פריידיקע און טרויעריקע גרוסן. אויך דער שרייבער ברין האָט דאָ באַגעגנט פריינד און באַקאַנטע פון דער היים און פון די וואַנדערונגען.

עס האָט זיך שוין פאַרנומען אויף פאַרנאַכט, ווען די היימלאָזע האָבן אין די רייען זיך געצויגן צו אַ היגטערשטאָטישער גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס הויז פאַר די עוואַקואירטע און ווו עס האָט זיך פאַרהאַלטן זיין נייער באַקאַנטער.

דער שרייבער ברין האָט זיך אויך מיט דער רעשיקער עדה פאַרנומען צו דעם הויז. ער האָט עס שוין פונדערווייטנס דערזען. דאָס איז געווען אַן אַלט, קראַנק הויז, ווי אַ פאַרלאָזענער הקדש, אַרומגעצוימט מיט אַ הויי־כער, געמויערטער צוים. פון די מענטשן און פון דעם הויז האָט זיך אַ טראָג געטאָן דער ריח, וואָס איז אים געווען באַקאַנט פון די עשאַלאָנען, מיט וועלכע ער איז לאַנגע וואָכן געפאָרן. אַ רעשיקע, קראַנקהאַפטע היי־מערקייט פון אַ סך צונויפגעיאָגטע מענטשן האָט אים באַגעגנט און זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ פאַרלוירענער לייִדיקייט אין זיין האַרץ.

די ידיעות פונעם פראָנט זענען אין ד ע ם טאָג געווען שווערע און דראָענדיקע פאַר דער שטאָט. און די אַלע מענטשן דאָ, אין דער צערודער־טער ענגשאַפט, זענען גרייט געווען מיט זייערע וואַנדער־זעק און זייער הפקרדיקייט, ווי אַ סטאַיע וואַנדער־פייגל, יעדע מינוט צו פאַרשווינדן אין דער פרעמדער ווייט.

## .13

ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע שיף, וואָס איז פאַרטראָגן געוואָרן פון אַ שטו דעם, האָט אויסגעזען דאָס הויז אין דער פאַרנאַכטיקער שעה. דאָס הויז איז געווען אַן אַלטס, מיט אַ קראַנקער און געלעכערטער הויט, פון וועל־כער עס האָט אַרויסגעקוקט שטיקער רויט, צעקרעלט לייב פון אַלטע ציגל.

דאָס הויז איז באַשטאַנען פון דריי שטאָקן, אויף וועלכע עס האָבן גע־פירט אַלטע אייזערנע טרעפ. יעדער שטאָק איז באַשטאַנען פון אַ לאַנ־גער פּאַלאַטע, צעטיילטע מיט גראָבע שווערע ווענט און קליינע, מיט איי־זערנע קראַטן באַוואָרנטע פענצטער. דאָס הויז האָט דערמאָנט אין די פּאַר־ציימיישע, רוסישע סמוטנע פון „סטיעפּאַן ראַזין" און „פּוגאַטשאָוו", און ברין האָט גלייך אויפגענומען דעם אָנגעגליטן אומרו, וואָס האָט זיך אין אים באַזעצט שטענדיק, ווען ער האָט דערזען די אָפּגעריסענע מאַסן יידן, ווי אַ צעטרייסלט געפלעכט פון מענטשלעכע לעבנס, געטראָגענע פון אַ שטורעם־ווינט.

נאָך פון דער ערשטער גרעסערער שטאָט ב., ווו דער שרייבער ברין האָט זיך פאַרהאַלטן אין דעם ערשטן עטאַפּ פון זיין וואַנדערן, איז אים פון דער נייער מאַכט צוגעטיילט געוואָרן די פּריווילעגיע פון אַ שרייבער, וואָס האָט זיך באַשטעטיקט אין אַ קליין, דיסקרעט ביכעלע, אַלס מיטגליד פון מעכטיקן שרייבער־פאַריין, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויסצומיידן די בהלהדיקע עוואַקואַציע־פונקטן און צו באַקומען אַ באַזונ־דער אָרט צו וווינען. דערפאַר האָט ער איצט כמעט צום ערשטן מאָל זיך געפונען אין דער געדיכטקייט פון דער אָפּגעריסענער שטיק וועלט. און עס האָט אים גלייך ווי צוריקגעוואָרפן צום אָנהייב, צו די ערשטע טעג פון דער מלחמה, ווען ער איז געלאָפן פון וואַרשע מיט די הונדערטער, טויזנ־טער וואַנדערער איבער די וועגן צו מזרח.

ברין איז גלייך אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט דעם פיבערדיקן אימפּעט, וואָס האָט דאָ וויברירט, ווי די אַלע מענטשן וואָלטן געווען געטראָגן אין דער לופט. אַ שווערער אומעט, צוזאַמען מיט עפּעס אַ ווייטיקלעכער פריי־דיקייט, ווי שטענדיק אין דער נאָענט פון פאָלק, ביי וואָס פאַר אַן אומ־שטענדן עס זאָל נישט זיין, האָט אים אויך איצט געפּאַנגען. ער האָט גע־קוקט אויף די יינגערע און עלטערע מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן דאָ שוין, זעט אויס, געפּרוווטע פון לאַנגע בלאָנדזשעניש אין דער פרעמד, געשלעפּט און געטראָגן זייערע וואַנדער־פּעק.

ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז ער איז אויך איינער פון זיי. אָבער נאָך דער ערשטער איבעראַשונג האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער קאָן זיי אַלע, אַז ער האָט זיי נאָר וואָס געזען אין אַן אַנדער וועלט, אין די גאַסן, אין די הייזער פון זייערע היימען. די זעלבע, פאַר וועלכע ער האָט געמאָן זיין אַרבעט און באַקומען פון זיי די לוין, וואָס האָט אים געגעבן לוסט צו לעבן.

איצט, ווען ברין האָט געקוקט אויף די ווימלדיקע מענטשן, פֿאַרטראָגענע אין אויסטערלישן הויז, האָט ער זיך געפֿילט ווי געטראָפֿן, ער האָט זיך ווי געשעמט, וואָס ער איז געקומען אַהער פֿון אַ זייט, און נישט געפֿונען וואָס צו זאָגן ווי אַן אייגענער. זיין נייער פֿריינד איז גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון די הימלאָזע, און ברין האָט אים שוין מער פֿון זיי נישט געקאָנט אָוועקגעמען.

אַ גרויסער טייל פֿון די וואַנדערער זענען, זעט אויס, ערשט היינט אָנגעקומען אַהער, אַנדערע זענען שוין דאָ געווען פֿון פֿריער. די פֿרישגעקומענע האָבן אין באַזונדערע גרופּעס דערציילט וועגן זייערע וואַנדלונגען, האָבן איבערגעגעבן איינצלהייטן, וואָס האָבן אויפֿגערודערט די שטייענדיקע אַרום. עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ ווייס אָנגעשוואָלן פּנים און אויסגעטריקנטע, ווי פֿאַרברענטע אויגן, האָט דערציילט, ווי אַזוי ער איז אַרויס פֿון אַ ווייסרוסישער שטאָט, וואָס האָט געברענט פֿון אַלע זייטן. אַ פֿרוי האָט אויך געוויינט, ברעכנדיק די הענט. דער יונגערמאַן האָט דערציילט פֿון פֿרויען און קינדער, וואָס זענען געלאָפֿן פֿון פֿייער, געפֿאַלן פֿון דייטשע קוילן. יעדעס מאָל האָט זיך ווער אָפּגערופֿן פֿון אַן אַנדער שטאָט, פֿון אַן אַנדער געגנט, וואָס האָט אויפֿגעהויבן אַ ניי גערודער און געוויין.

ברין איז געשטאַנען ביי דער זייט. און פֿון אַלעם, וואָס ער האָט געוווסט און וואָס ער האָט געהערט דערציילן פֿון די מענטשן, איז פֿאַר אים איצט גרויזאַמער געוואָרן דאָס, וואָס עס איז אַזוי פּשוט און געוויינלעך. ער האָט געקוקט אין די פּנימער פֿון די מענטשן, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט וועגן אַ בעטל, וועגן אַ באַנק, אַוועקצולייגן די זאַכן. אַנדערע האָבן געטראָגן האָלץ און געהייצט דעם גרויסן אייזערנעם אויוון, וואָס האָט געפֿלאַמט מיט רויטע רעדער פֿייער און פֿאַרשפּרייט אַ היימישן ריח פֿון געברענט האָלץ. ביי דעם אויוון האָט געזאָטן אַ גרויסער, בלעכערנער קעסל.

הערנדיק וועגן טויט און פֿאַרניכטונג פֿון די אַנדערע, האָבן מענטשן זיך געקוויקט מיט דעם וואַרעמען הויך פֿון לעבן, וואָס האָט זיך גיך געשאַפֿן אין דעם אַלטן, אויסגעקילטן הויז.

ברינס נייער פֿריינד איז דאָ, זעט אויס, געווען דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן גאַנצן הויז. ער איז געווען אַרומגערינגלט פֿון די הימלאָזע, וואָס האָבן אים גערופֿן „חבר לעווין“. ער איז שוין דאָ געווען געווען פֿון אַ לענגערער צייט, דען אַלע האָבן אים געקענט און געפֿאָלגט זיינע פֿאַראָרדענונגען. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן איבערן הויז פֿון איין שטאָק אויפֿן אַנדערן, געשריבן עפּעס אין אַ העפֿט. זיין פּנים איז גע=

ווען באַשלאָגן פון אַ בלייבער מידקייט, אָבער פון זיין מויל האָבן זיך געטראָגן שטילע, רואיקע ווערטער. ער האָט זאַכלעך געענטפערט אויף פראַגן, איינגעשטילט אַמפּערנישן און נישט פאַרפעלט יעדעס מאָל, ווען אַ קינד איז אים געקומען אונטער דער האַנט, אַ גלעט צו טאָן עס איבערן צעשויבערטן קעפּל.

דער שרייבער ברין האָט איצט דערפילט, אַז אַלץ, וואָס ער וואָלט געקאָנט זאָגן די מענטשן, פאַריאָגטע פון זייער אייגן לעבן, באַפאַלענע פון טויזנטער אומגליקן און געפאַרן, וואָס לויערן אויף זיי, איז וו י נ צ י ק ע ר ווי דאָס פּשוטע און מענטשלעכע, וואָס עס טוט דער „חבר לעווין". פאַר דעם שרייבער ברין איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז גרויסע געשעענישן אין דער מענטשלעכער וועלט, וועגן וועלכע עס ווערן געשריבן ביכער, זענען צוזאַמענגעשטעלט פון קליינע מענטשלעכע גורלות, וואָס פלעכטן זיך צוזאַמען ווי עלעקטרישע דראָטן. די זעלבע דראָטן, וואָס קאָנען ברענגען ליכט און וואַרעמקייט, קאָנען אויך ברענגען אַ קורץ=שלום, אַן אויפרייס פון פייער און פאַרניכטונג. און קוקנדיק אויף דעם חבר לעווין, וואָס האָט זיך געטראָגן פון איין ווינקל אין אַנדערן, איז ברינען קלאָר געוואָרן, אַז דער מענטש פלעכט אָט די דראָטן פון יעדן פון די אָפּגעריסענע, מענטשלעכע גורלות, אָנגעלאָדענע מיט שפּאַנונג פון אומגליק און פיין. ער פלעכט זיי און ביגדט און באַקומט אַרויס פון זיי ליכט און לעבן.

אין דער מינוט האָט ער אויך דערזען דעם חבר לעווין, וואָס איז אָנגעקומען פון אַ ווייטן ווינקל. ער האָט פאַמעלעך געשפּאַנט, טראָגנדיק אויף דער האַנט אַ שלאָפנדיק קינד. דאָס קינד האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געטוליעט דאָס צעשויבערטע קעפּל צו זיין אָרעם; איין מידן הענטל איז געווען פאַרוואָרפן אויף לעווינס האַלדז.

די פרויען האָבן מיט בלייכע, פריינדלעכע שמייכלען געקוקט אויף דעם בילד, ווי לעווין האָט דאָס קינד אַריינגעלייגט אין אַ בעטל און עס איינגעדעקט.

ברין האָט אין דער מינוט געקלערט וועגן אַלעם, וואָס ער האָט אין זיין לעבן געטאָן. ער האָט אין זיין זינען איבערגעוואויגן אַלץ, וואָס האָט באַדאַרפט באַרעכטיקן זיין שרייבערישע אויסדערוויילטקייט צווישן די מענטשן פונעם פאָלק. און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז דאָס מאָל פעלט אים אָט דאָס שלאָפנדיקע הענטל פון דעם מידן וואַנדער=קינד אויף זיין האַלדז.

* *
*

עס איז שוין גוט טונקל געווען, ווען חבר לעווין האָט זיך צו אים דערנענטערט.

— נו... איצט קאָנען מיר רעדן... — האָט ער געזאָגט און זיינע אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט פון מידקייט.

די פענצטער זענען שוין געווען פאַרשטעלט מיט די שוואַרצע פאַר־טונקלונג־ראָלעטן און פון אַ ווייטן ווינקל האָט אויפגעבליצט אַ קליין, נאַ־קעט לעמפּל. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל, מיט יענער שטילקייט פון אַ שפּיטאָל, ווען יעדער בלייבט מיט זיין אייגענעם ווייטיק.

— איר בלייבט דאָך דאָ — האָט לעווין געזאָגט — מען דאַרף אייך באַזאָרגן... אפשר אויף אַ העכערן שטאָק... דאָרט זענען דאָ אַ פּאָר מענ־טשן... מער געפּאַסטע פאַר אייך...

ברין האָט זיך אַ וויג געטאָן.

— איך... איך וועל מוזן גיין... איך האָב אַ ווינקל... אין אַ שטוב.

ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז עס איז טיפער אָוונט. זיי זענען צו־געגאַנגען צו דער אָפענער טיר, און ברין האָט דערזען דעם גרויסן אָפּגע־צוימטן הויף אין דעם ברעג שטאָט, די אַלטע ביימער, וואָס האָבן געוויגט מיט זייערע צווייגן, און אים האָט אַרומגענומען אַ מאָדנער אומעט.

זיי זענען איצט געווען אַליין און לעווין האָט פּלוצלונג אים גענומען אונטער דער האַנט, אים אַ פיר געטאָן אַרויס אין דרויסן. אַ לייכטער ווינט האָט געווייט אין אַן עלנט האָט זיך געשפּרייט אין דער ווייט. זעלטן ווו עס האָט געבליצט אַ געל פייערל. פון דער וואָלגא האָט זיך געטראָגן אַ וואָיענדיקער סיגנאַל פון אַ שיף.

— איר פאַרשטייט דאָך... — האָט לעווין שטיל געזאָגט — עס קאָן געשען... מען זאָל מוזן.... די שטאָט פאַרלאָזן. מיר האָבן דאָ פרויען... קינדער... מען מוז דאָך זיי העלפן. מען ווייסט נישט וואָס מאָרגן וועט זיין...

ברין האָט דערפילט די קעלט, וואָס האָט זיך אָנגעטראָגן פון דער ווייט. זיי זענען שוין געווען ביי דער ערשטער גאַס, וואָס האָט געפירט אין שטאָט אַריין. דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט. אין דער טונקלקייט האָט זיך באַוויזן אַ שטערן, איינציקע מענטשן האָבן זיך אייליק געטראָגן איבער דער גאַס.

ברינען האָט אויסגעזען ווילד נישט צוריקצוקומען צו דער אַלטער

סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָלט ביי אים צוגענומען עפּעס אַ רעכט, וואָס ער האָט דאָ דערוואָרבן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אַלטן הויז, וואָס איז איצט געשטאַנען אַ פינצ־טערס און אַן אומעטיקס.

— איך וועל מאָרגן קומען... — האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך... אפשר העלפן...

אים האָט זיך געוואָלט מיט עפּעס פאַרבינדן זיין ווייטערדיקן וועג מיט דעם מענטש. ווי ער וואָלט געהערט זיין געדאַנק, האָט לעווין גע־פרעגט:

— וואָס האָט איר באַשטימט?... דאָ איז דאָך נישט קיין אָרט .. צו בלייבן...

ברין האָט דערויף נישט געקאָנט ענטפערן, דען ער האָט געוווסט, אַז פאַר לעווינען איז דאָ נאָר איין ענטפער, און איין וועג — צו גיין אין דער אַרמיי.

— איך וועל זען... איך וועל מיך מעלדן אין פאַריין... פון די שריי־בער.

— איך וועל אייך אַ ביסל באַגלייטן.

— ניין... איך מוז גיך... עס איז שפּעט... איך וועל מאָרגן קומען...

— מאָרגן...

לעווין האָט מיד אַ שמייכל געטאָן. און ברין האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ערשטער גאַס, ווו עס האָט זיך מיט אַ געקלימפּער געטראָגן אַ פולגעפּאַקטער טראַמוויי. באַלד האָט ער דערקאָנט די געגנט פון דער „ציגאַנקא“ און האָט זיך געלאָזט מיט גיכע טריט אַראָפּ באַרג. ער האָט גלייך דערקאָנט די גאַס, ווו ער האָט זיך באַגעגנט מיט דעם מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ.

## .14

איילנדיק אין דעם פאַרנאַכטיקן טונקל איבער דעם קנופּ אַלטע גאַסן, האָט ברין ערשט דערפילט דעם אומרו, וואָס האָט איצט וויברירט פון אַלע ווינקלען אין דער שטאָט. די אינדערפריערדיקע לייכטקייט און שפּילעווי־דיקייט איז פאַרשווונדן צוזאַמען מיט דער פריידיקער באַגעגעניש מיט דעם מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ. עס איז אים מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז די פיל טעג, וואָס ער האָט זיך געשלעפּט מיט די עשאַלאָנען היימלאָזע, איי־

דער ער האָט זיך דערטראָגן אַהער, האָבן אים נישט קיין סך דערוווייטערט פון דער מלחמה־אַנגסט, וועלכע האָט געשפּרייזט און זיך אָנגעטראָגן מיט אַנדערע וועגן און איז געקומען אַהער פריער. עס האָבן זיך איצט פאַר אים אויסגעשיילט לאַנגע וואָכן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעדרייט אין די רעדער פון די לאַנגע, קריכנדיקע צוגן מיט היימלאָזע, טעג און נעכט אָפּגעשטאַנענע אין מיטן וועגן, ווו מען האָט אין די פעלדער צעלייגט פייערן, געקאָכט שפּייז, געקרענקט, געשטאָרבן און געבוירן, אַזוי ווי וואַנדערפעלקער אין די אור־אַלטע צייטן.

ערשט איצט, אין דער טונקלקייט, האָט זיך אים איבערגעגעבן די געשפּאַנטקייט אין דער שטאָט, וואָס האָט אַרויסגעשלומערט פון יעדן הויז. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער שונא האָט זיך דערנענטערט צו די פילבאַרע אָדערן פון דעם לאַנד, ווו נישט ווייט, אין דער מיט, איז געלעגן דאָס האַרץ — מאָסקווע. דערמיט האָט זיך פאַרענטפערט די אומגעריכטע און גרויסע ענדערונג פון דעם געמיט אין דער שטאָט אויף דער וואָלגא, וואָס איז אַריינגעטרעטן דורך דעם איינעם טאָג.

אין דעם געדעמפטן אָוונטיקן גערויש האָט זיך פון אַלע זייטן געהערט דער ריטמישער געווירבל פון די ראַדיאָ־הילכער, וואָס האָבן כסדר עפּעס איבערגעחזרט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס ווערן איבערגעגעבן וועזנטלעכע און וויכטיקע ידיעות. און ער האָט פאַר זיך, אין זיין פאָרשטעלונג, באַלד דערזען דאָס געשטאַלט פון דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, איר שווער־אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, וואָס נעמט איצט אויף די בשורות פון ראַדיאָ, און אויף אַ מינוט האָט זיך זיין טראָט פאַרהאַלטן, ווי ער וואָלט געוואָלט צוריקגיין אין דעם אַלטן הויז צו די וואַנדערער. אַהין, ווו זיין נייער פריינד לעווין האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם גורל און מיט דעם וועג פון די אַלע, וואָס דאַרפן זיין הילף. ער האָט זיך אויף אַ מינוט דערפילט ווי אָפּגעריסן און פאַרבלאָנדזשעט, און אַ מידקייט האָט אים באַשלאָגן, ווי אַמאָל, אין דער צייט פון זיין וואַנדערן, ווען ער האָט נישט געזען פאַר זיך קיין ווייטערן וועג. ער האָט אָפּט געהאַט דאָס געפיל ווי ער וואָלט זיך פון דער זייט צוגעקוקט צו די אויסטערלישע פאַרוואַנדלונגען, צו דער פאַנטאַסטישער שפּיל, אין וועלכער עס איז געשטאַנען אין קאָן זיין אייגן לעבן. די שפּיל האָט אים טיילמאָל פאַרכאַפּט, ווי ער וואָלט געלייענט אַ בוך.

עס איז אים מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז ער גייט איצט, נאָר כדי נאָך אַמאָל צו באַגעגענען דאָס מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ, איז וועלכער עס

איז געלעגן דער רייץ, נישט נאָר פון אַ פרוי, נאָר אויך דער סוד פון דעם לעבן אין דעם לאַנד, וואָס האָט אים געלאָקט און גערופן פון דער יוגנט אָן.

* *
*

ער האָט דורכגעשניטן אַ קורצע גאַס, וואָס איז אים נישט געווען באַקאַנט. ער האָט זיך פאַרהאַלטן. עס האָט איצט אזוי אַנדערש אויסגעזען די געגנט, אָדער — ער האָט איצט אַלץ אַנדערש געזען. ער האָט געוואָלט דאָ געפינען עפּעס אַן ענלעכקייט צו דער שטאָט פון זיין געבוירן. אָבער ער האָט נישט געפונען. דאָ איז געלעגן אַן אַנדער וואָג אין יעדן שטיין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, דאָס איז געווען אַ קורצע, זייטיקע גאַס מיט נידעריקע, רויטע הייזער. דאָס איז געווען די צווייטע גאַס פון דער, ווו ער האָט געוווינט. עס האָט אים צוגעצויגן אַ לאַנגע ריי מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי אַ קיאָסק. מען האָט, זעט אים, איצט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין דער ריי די פרישע צייטונגען. ברין האָט דערכאַפּט די גרויסע שריפט אויף דער ערשטער זייט, ווו עס האָט זיך געזען דאָס וואָרט „מאָסקווא“. די צייטונג איז געווען אַ קליינע און אַ דינע, און איז אין די טעג געווען שווער צו באַקומען.

דאָס וואָרט „מאָסקווא“ האָט זיך איבערגעחזרט פון מויל צו מויל. ברין האָט געכאַפּט די גרויסע שריפט אויף דער צייטונג, וואָס איינער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. דאָס איז געווען ווי אַן אַליאַרם: „דער שונא רייסט זיך צו מאָסקווע“.

די מענטשן האָבן גענומען די בלעטער און זענען שטיל אַוועק. אַנדערע האָבן זיך געטיילט מיט שטילע ווערטער, ווי עס וואָלט דורכגעגאַנגען אַ מורמל, ווי אַן אָנזאָג פון שטורעם. עפּעס איינער אַ היכער — אין אַ זעלנערישן שינעל — וואָס האָט זיך געוויגט אויף די פיס, האָט אויסגעשריגן מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך אין דער געדעמפּטער פאַרדריקטקייט פון דער גאַס מיט אַ באַזונדער שניידנדיקער שאַרפקייט אָפּגעריסן:

— „ניע אָוווידיאַט“... נישט זען וועלן זיי מאָסקווע... הינטישע זין...

די שטים פון דעם שיכורן האָט זיך פאַרטראָגן ווייט, איבער די טונקעלע, פאַרנעפּלטע ברעגעס פון דער „וואָלגא“.

ברינגען האָט זיך נישט געוואָלט אַראָפּ פון דער גאַס, וווּ עס האָט זיך איצט פאַר אים אין יעדן ווינקל אַנטפּלעקט שטיקער אַלט-אייגנגעזעסן לעבן. אים האָט זיך געוואָלט געפינען עפּעס טרייסטבאַרעס מיטצוברענגען פאַר דער אַלטער. עס האָט זיך געוואָלט געווינען איר מילדן שמייכל, עפּעס איר צוזאָגן. ער וועט איר דערציילן פון זיין באַגעגעניש מיט לעווינען. ער וועט איר דערציילן פון דעם הויז, וווּ ער איז געווען. און עס איז אים געווען מאָדנע דער געדאַנק, אַז ער — אַ היימלאָזער און פאַריאָגטער ייד, וואָס האָט פאַרלוירן אַלע זיינע נאָענטע — זוכט אַ טרייסט פאַר דעם רוסישן מענטש, וואָס איז ווי אַ מעכטיקער בוים אַריינגעוואָרצלט אין אַן אייגענער, אייביקער ערד.

פון אַ צווייטער גאַס האָט זיך געהערט אַ שווער, רייסנדיק טופּעריי פון זעלנערישע שטיוול, און דאָס שיסנדיקע געזאַנג פון הונדערטער קעלן. זיי האָבן געזונגען „מאָסקוואַ מאָיאַ“ און די ריטמישע טריט האָבן זיך געטראָגן אַראָפּ צו דער וואָלגאַ.

דער איינער שטערן אויפן הימל איז געוואָרן גרעסער און העלער, ווען ברין איז אַריין אין זיין גאַס. דאָ זענען ביי די טויערן געשטאַנען מענטשן. און מיטאַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן, אַז נעבן יעדן טויער שטייט אַ וואַך פון די הויף-איינוווינער. עס זענען געשטאַנען מענער און פרויען, די טויערן זענען געווען האַלב-פאַרמאַכטע. יעדער פון דער וואַך האָט געטראָגן אַ רימען איבער דער פּלייצע און אַ צייכן אויף דער ברוסט.

דאָס אַלץ האָט אָנגעזאָגט, אַז די שטאָט איז אַריין אין דער ריי פון די באַדראָטע פון דער לופט. אַ שווערער עול האָט זיך מיטאַמאָל אַ לייג געטאָן אויף ברינגען, דען ער האָט געקאָנט די לאַנגע שעהן אין די פרעמדע שוץ-קעלערן, די אָנגעגליטע דערוואַרטונג פון טויט, צווישן די אַלטע מאַכיקע ציגל פון די קעלער-ווענט און סופיטן איבער קאָפּ, דאָס געוויין פון פרויען, וואָס וואכן איבער זייערע קינדער, ווען יעדער איז שוצלאָז און די שווערד פאָכעט איבערן קאָפּ, ווען מענטשן ווערן פרעמד און פאַרדעכטיק איינער צום אַנדערן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די אַלטע נידעריקע הייזער, וואָס זענען געשטאַנען מיט די שוואַרצע פענצטער-אויגן, אויסגעלאָשענע, ווי פאַרמשפּטע. ער האָט געקוקט אויף דעם הויז, וווּ ער האָט געוווינט, און האָט איצט, ביי דער לעצטער קאַרגער שיין פון טאָג געזען, אַז דאָס איז אַ לאַנג, אַלט, נידעריק הויז, פון צוויי שטאָק, געדיכט פאַרזייט מיט קליינע פענצטער אונטער אַ נידעריקן, גרינעם בלעכערנעם דאַך. דאָס איז געווען אַ הויז, געדיכט באַוווינט פון פאָלקס-מענטשן, און ברינגען האָט

מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ זיסער נייגיר צו די סודות, וואָס שלומערן אין דער געדיכטקייט פון דער פרעמדער מענטשלעכער געסט. דאָס איז געווען דער שרייבערישער נייגיר, וואָס האָט אין אים אויפגעברייזט. ער האָט געקוקט אויף דעם הויז און אים האָט זיך אָנגעהויבן קייטלען אַ קאָלירטע שנור פון געשעענישן, פון מענטשלעכע האַנדלונגען, און כסדר האָט ווי געקלאַפּט, צוזאַמען מיט זיין אויפגעברויזט האַרץ, דער געדאַנק, אַז ער שטייט איצט אויף דער ערד, פון וווּ עס זענען געבוירן געוואָרן די גרויסע ביכער פונעם מענטש, וואָס האָבן אים געגעבן אַזויפיל געווים און פרייד, אַזויפיל לוסט צו שאַפן פאַר זיין פאָלק אין זיין שפּראַך.

דאָ זענען שוין, זעט אויס, געווען די לעצטע גאַסן פון דער שטאָט, ווו מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו די ברעגן פון דער וואָלגא, וואָס האָט איצט געגלאַנצט אין דער שטילער ווייט, ווי אַ טונקעלער שפּיגל. ברין האָט זיך געלאָזן צו זיין טויער, ווען אים האָט פאַרהאַלטן אַן עלטערער מענטש אָנגעטאָן אין אַ הויך, פוטערן היטל, אַרומגעבונדן מיט אַ רימען. ער האָט געהאַט אַ קליין, גרוילעך בערדל און קליינע, פינקלענדיקע אויגן:

— ווהין דאַרפט איר... „גראַזשדאַנין"... צו וועמען?

דער טויער איז געווען האַלב־אָפּגעשפּאַרט. פון דאָרט האָבן זיך געטראָגן די שפּרינגענדיקע טענער פון אַ באַלאַלייקע. און אַ שטילע, באַהאַרצטע שטים האָט געזונגען דאָס ליד פון „דער פינצטערער נאַכט", וואָס מען האָט דעמלט געהערט אויף אַלע וועגן פונעם לאַנד. דער מענטש מיטן רימען אויפן אַקסל איז צוזאַמען מיט ברינען אַריין אין טויער. דאָ איז געווען שוין גוט טונקל. אויף אַ לאַנגער באַנק זענען געזעסן עטלעכע פרויען און מענער. דאָס זינגען און שפּילן האָט זיך געטראָגן פון דאַנען. ווי נאָר ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, האָט ער מיטאַמאָל דערהערט פון ווינקל טויער אַ יונגע, לוסטיקע שטים פון אַ פרוי:

—„דיאַדיאַ ניקאָלאַי... לאָזט דעם מענטש... דאָס איז אונדזער שכן...

פון דער גרופּע האָט זיך דערנעענטערט אַ פרוי, אָנגעטאָן אין אַ האַלב־זעלנערישן שינעל, מיט אַ ברייטן זעלנערישן פּאַס אַרומגענומען. ברין האָט ערשט איצט דערקאָנט דאָס מיידל. דאָס איז געווען לידאַ פּעט־ראָוונאַ. זי האָט געשמייכלט מיט דער פּשוטער קינדערישער פריינדלעכ־קייט, אָבער אין איר גאַנץ וועזן איז איצט געלעגן אַ האַרטע זעלנערישע אָנגעגורטקייט. ער האָט ערשט איצט דערזען ווי גרויס זי איז געוואַקסן.

דער עלטערער מיט דעם בערדל האָט מיליטעריש צוגעלייגט אַ האַנט צו זיין גרויסן פּוטערנעם היטל, פון אים האָט זיך געטראָגן דער זויערלע־בער ריח פון וואָדקאַ:

— זייט מוחל... „גראַזשדאַנין“... „טאָוואַרישטש“... מיר שטייען דאָ אויף דער וואַך.... פונעם קאָמיטעט... לופט־„אבאראָנאַ“... אויך לידאַ פּעט־ראָוונאַ... אויב זי קאָן אייך... איז שוין גוט.

ער האָט מיט דער אָנגעוואַרעמטקייט פון דעם ביסל „וואָדקאַ“, וואָס ער האָט געטרונקען, געוואָלט זיין איבעריק פריינדלעך, אַזוי ווי ער האָט פריער געוואָלט זיין איבעריק שטרענג, און ער האָט זיך באַמיט צוצוזוכן ווערטער, וואָס זאָלן מאַכן אַן איינדרוק:

— אונדזער פליכט... געערטער „גראַזשדאַנין“... צו היטן דאָס הויז... אַזוי איז געווען דער „פּריקאַז“... פונעם קאָמיטעט... שפּיאָנען... דיווער־סאַנטן צו כאַפּן... נישט באַקאַנטע... פּאַרהאַלטן... דער שונא איז אָנגע־פאַלן, אָט...

ער האָט זיך גענומען איבערחזרן אַלע ווערטער פון די אויפרופן און פון דער צייטונג.

— „לאַדנאָ“... „לאַדנאָ“... — האָט אים לידאַ פּעטראָוונאַ איבערגע־ריסן מיט אַ שפּילנדיק געלעכטער. און אין ווינקל פונעם טויער אויף דער באַנק האָט מען אויך געלאַכט.

— דיאַדיאַ ניקאָלאַי... איר קלויבט אייך צו האַלטן אַ רעדע... בעסער גייט אַרויס... אויף דער גאַס... מען דאַרף זען צי עס לויכט זיך נישט אין די פענצטער...

דער עלטערער האָט נאָך אַמאָל צוגעלייגט די האַנט צום היטל און איז אַוועק. לידאַ פּעטראָוונאַ איז פאַרבליבן מיט ברינען. זי האָט אים באַ־גלייט צום הויף:

— נו... האָט איר אַלץ דערליידיקט? — האָט זי געפרעגט.

און ער האָט ווידער דערזען אירע גרויסע, שטרענגע און ערלעכע אויגן.

דער לאַנגער הויף, ווי אַ גאַס, איז געשטאַנען אין אַ ליידיקער טונקל־קייט. און די בלינדע, פאַרשטעלטע פענצטער האָבן אויסגעזען, ווי די הויי־זער וואָלטן געשטאָרבן. עס איז מיטאַמאָל טונקל געוואָרן. איבער די ני־דעריקע דעכער פון דעם לאַנגן הויז איז דער הימל ביי דער זוים נאָך גע־ווען העל מיט אַ קילער בלויקייט. און די שטערן האָבן זיך אַלץ מער אָנ־געגאָסן מיט גרינער ליכט.

ביידע האָבן זיך פֿאַרהאַלטן ביי דער טיר פֿונעם לאַנגן קאָרידאָר. דאָ איז געשטאַנען אַ שכנישע באַנק. זיי האָבן זיך געזעצט און לידא פּעט־ראָוונאַ האָט די ערשטע זיך אָנגערופֿן:

— היינט איז ביי אונדז די ערשטע לופֿט־שוץ־וואך...

זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און צוגעגעבן:

— די מלחמה דערנעענטערט זיך... צו אונדז... אונדזער שטאָט איז... נישט זיכער...

זי האָט זיך אומגעקוקט און שטיל מיט אַ שעפּטש פֿאַרטרויט:

— מיר האָבן היינט געהאַט... אַן אָנפֿלי... איבער דער וואָלגא...

.15

ברין איז געזעסן אויף דער באַנק. נעבן איז געזעסן דאָס מיידל. אין דעם ערשטן אָוונט פֿון מלחמה־אומרו, וואָס האָט זיך אָנגעטראָגן אויף דער שטאָט; האָט זיך פֿאַר אים ווי געעפֿנט דאָס בוך פֿון דעם אַלטן: לאַנגן; טונקעלן הויף מיט די נידעריקע הייזער און פֿאַרשטעלטע פֿענצ־טער; וואָס האָבן געקוקט ווי שוואַרצע לעכער פֿון אויסגעבריענטע אויגן.

דאָס מיידל לידא פּעטראָוונאַ האָט אים; דערציילנדיק; געפֿירט איבער די געדיכט־באַוווינטע און באַזעסענע שטובן פֿון דעם אַלטן רוסישן הויף; ווי איבער די בלעטער פֿון אַ בוך, וווּ עס האָט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקט דאָס לעבן פֿון די ווייטע און פֿרעמדע מענטשן.

זי האָט דערציילט מיט אַ קינדערישער פּשוטקייט וועגן דעם הויף און וועגן די שכנים, וועלכע זי האָט געקאָנט פֿון זינט איר געבוירן.

לידא פּעטראָוונאַ איז איצט געווען אָנגעטאָן אין דעם גראָבן זעלנע־רישן שינעל, פֿון וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעשניטן איר בלייבער, הויכער מיידלשער האַלדז. עס איז געגאַנגען פֿון איר דער ריח פֿון יוגנט און גע־זונט. אירע הויכע פּיס און די הויכע זעלנערישע שטיוול און דעם קורצן קליידל האָט צוגעגעבן אַ באַזונדער רייץ פֿון יינגלערישער קרעפּטיקייט, ווען זי האָט פֿאַרלייגט אַ פֿוס איבער אַ פֿוס און פֿאַררויכערט אַ געדרייט ציגאַרעטל פֿון „מאַכאָרקאַ"־טיטון.

דער לאַנגער הויף, אָנגעטומלעט מיט מענטשן, האָט אין דעם אָוונט זיך נישט געגרייט צום שלאָף. עס האָבן געקלאַפּט טירן אין די לאַנגע קאָרידאָרן, אין די ווינקלען פֿונעם הויף האָבן נאָך קינדער גערווישט. ביי יעדן נייעם שטערן, וואָס האָט אויפֿגעלויכטן אויפֿן הימל, האָבן די קינדער

לאַנג געקוקט מיט חשד, געלאָפן צו די עלטערע, וואָס האָבן געהאַלטן די וואַך אין טויער, גערופן עפּעס אַן אַלטן קאַפּיטאַן, וואָס האָט געוווינט אינעם הויף. דער אַלטער האָט געקוקט אויפן שטערן דורך אַ לאַנגן שפּאַקטיוו פון זיין אַמאָליקער שיף, צי איז עס נישט קיין דייטשער אַעראָפּלאַן.

פון איין שטוב אויפן צווייטן שטאָק האָבן זיך געהערט טענער פון אַ „גאַרמאָשקע“. פון דאָרט האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג פון אַ סך שטימען און אַ טופּערײַ פון טאַנצן. לידיאַ פּעטראָוונאַ האָט דערציילט, אַז דאָרט געזעגנט מען זיך, פון דער שטוב גייט שוין אַוועק דער לעצטער איידעם אויף דער מלחמה.

— אַלע זענען שוין אַוועק... — האָט זי שטיל געזאָגט, פאַרציענדיק זיך מיט דעם רויך פון דעם ציגאַרעטל — מיינע ברידערלעך... מיינע חברים... אַלע דאָרט... עס ווערט „סקוטשנאָ“... — זי האָט זיך פאַרטראַכט און מיט לויכטנדיקע אויגן צוגעגעבן:

— שוין גיך... וועל איך זיין אויף מיין פּאָסט...

און זי האָט דערציילט פון אירע ברידער, וואָס זענען אויפן פראָנט, פון אירע חברים, חברטעס, פון דער מאַמען — אַ קראַנקע אויף די לונגען, וואָס זיצט און נייט פעלצלעך פאַר די זעלנער.

— זי איז אַ שוואַכע... אַ קראַנקע... זי וועט אפשר נישט איבערלעבן, ווען מען וועט דאַרפן לויפן פון דאַנען...

זי האָט ווי גערעדט צו דעם טונקעלן אַוונט, איר שטימע איז געוואָרן אַ טונקעלע, אָנגעפילט מיט האַרץ און געפיל, ווי נאָר ביי רוסישע מענטשן ווען זיי דערציילן וועגן זייער לעבן:

— דעם פאָטער האָב איך כמעט נישט געקאַנט... אין דער גראַזשדאַנסקע מלחמה אַוועק... לאַנגע יאָרן נישט געוווּסט ווו... פאַרלוירן געגאַנגען... די מאַמע זיך פאַרבונדן מיט קאַרל איוואַנאָוויטש... פון דייטשן געוועזן... אָבער אַ גוטער מענטש... כאָטש אַ דייטש... ער וואָלט נישט פאַרראַטן... איצט זענען מיר אַליין געבליבן... מיט דער מאַמען... איך האָב געענדיקט די זיבן־יאָר־שולע... און איך טרוים צו ארבעטן אין טעאַטער... דאָס איז מיין סוד... מיין טרוים... מיין איינציקע ליבע... אָבער די מאַמע גלויבט נישט אין מיין טאַלאַנט... איך האָב געשפּילט אין אַ „קרוזשאָק“... מען האָט מיך אפילו געלויבט אין אונדזער צייטונג...

זי האָט פאַרפלאָכטן די הענט אויפן האַרץ איבער דעם גראָבן שינעל, הינטער וועלכן איר ברוסט האָט זיך רעשיק געהויבן און איר בליק האָט געשטראַלט, ווי זי וואָלט געזען פאַר זיך איר אויסגעטרוימט טעאַטער.

מיטאַמאָל האָט זי אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און אַ מאַך געטאָן מיט דעם ברייטן אַרבל פונעם שינעל:

— ער... אָבער איצט... אַ מלחמה... איך בין אַוועק אויף אַ קורס פון אַ מעד-שוועסטער... איך האָב אָנגעגעבן אַ „זאַיאַוולעניע" אויפן פראָנט... אויב נישט שפּילן פאַר אונדזערע סאָלדאַטן... כאָטש העלפן זיי ווי אַ שוועסטער...

דער טויער האָט זיך אַלע מאָל געעפנט מיט אַ געקלימפּער און עס האָבן זיך אַריינגעלאָזן אינעם לאַנגן הויף וועגענער, אָנגעלאָדענע מיט שווע-רער משא. מענטשן האָבן געווימלט אין די ווייטע פאַסן ליכט פון די פאָ-רערס און פון אַלע זייטן האָט מען געשריגן:

— פאַרלעש די ליכט!...

ברין האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער געפינט זיך אין אַן אויפגע-רודערטער נעסט פון מענטשן, פאַרבונדענע מיט עפּעס אַ מעכטיקן, וואַכ-זאַמען כוח, וואָס רוט נישט קיין מינוט. עס האָט אים געדאַכט, אַז ער איז אויך פאַרבונדן מיט דעם אָנוואַקסנדיקן כוח, וואָס וועט אים שיצן. די וואַרעמקייט, וואָס איז געגאַנגען פון דעם יונגן מיידל, האָט געמאַכט קלאַפּן זיין האַרץ מיט אַ שוין לאַנג נישט געפילטער פולקייט.

מיטאַמאָל האָט זיך פונעם טויער דערטראָגן אַ נייער רעש. עס האָבן זיך מיט אַ נײַ געערודער אָנגעטראָגן אַ ראָד מענטשן, צווישן וועלכע עס האָט זיך מיט געאייל אַריינגעלאָזן אין הויף אַן עלטערער זעלנער, אָנגעטאָן אין אַ הויך, פוטערן היטל. ער האָט, אָנגעשפּאַרט אין שטעקן, שווער געהונקען אויף אַ פוס. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ לעדער-טאַש, פון וועלכער ער האָט אַרויסגעלייגט ווייסע פּאַפּירלעך. די ראָד מענטשן אַרום האָט אים אײַליק געפירט צום קאָרידאָר, וו עס האָט שוין געברענט אַן עלעקטרי-שער לאָמפּ, אַרומגעהילט מיט בלויען פּאַפּיר.

איבער גאַנצן לאַנגן הויף האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ יונגע, רייסנדיקע שטים:

— דער אינוואַליד פון „וואָיענקאָמאַט" איז געקומען... בירגער... קומט אַראָפּ...

די קינדער האָבן אַריינגעשריגן איז אַלע פענצטער, פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעשטעקט קעפּ פון פרויען און מענער.

אין דער טיפער טונקלקייט האָבן זיך אַ טראָג געטאָן מענטשן פון אַלע זייטן. ברין האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר. אין דער ערשטער

מינוט האָט אים געדאַכט, אַז אין דער שטאָט האָט זיך אַריינגעריסן דער שונא.

דער הינקענדיקער אינוואַליד איז שוין איצט געווען אין קאָרידאָר. ביי דעם בלויען לאָמפּ, אַרומגעריגגלט פון די מענטשן, האָט ער געפּאַכעט מיט די ווייסע פּאַפּירלעך איבער די קעפּ פון די ווימלענדיקע מענטשן.

אויך לידאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן און איז אַוועק אין קאָרידאָר.

דאָרט, ביי דעם בלויען ליכט, האָט דער אינוואַליד אַלע מאָל אויסגע־רופן אַ נאָמען, פון וועלכן עס האָט זיך אויפגעהויבן אַן איינגעהאַלטענער רעש און פון אַלע זייטן איז דער אויסגערופענער נאָמען איבערגעחזרט געוואָרן:

— איוואַן דאַנילאָוו...

— גריגאָרי וואַסיליעוויטש...

— קיריל ניקאָלאַיעוויטש...

פרויען האָבן אַרום, אין דער טונקל, אַ כליפּע געטאָן און עפּעס אַ קינדערישע שטימע האָט געשריגן:

— מיין טאַטן...

— מיין ברודער...

— מיר וועלן גיין... אַלע וועלן מיר גיין... ברידערלעך... — האָט ווער געשריגן אין דער פינצטער, און ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז פאַר־טראָגן געוואָרן אין אַן אַלטער פאַרגעפּלטער צייט, אין דער העראָישער געשיכטע פון דעם פאָלק. עס איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אומהיימלעך־פרעמד. ער האָט געוואָלט אין זיך געפינען די לוסטיקייט פון גיין קעגן יעדן כוח מיט דעם מוט און דער גרייטקייט פון די מענטשן אַרום. באַלד איז לידאַ פּעטראָוונאַ צוריקגעקומען, זי איז געווען אויפגעברויזט און האָט כסדר איבערגעחזרט:

— נישטאָ קיין „פּאָוויעסטקאַ“... נישטאָ...

איבערן הויף האָט זיך געטראָגן אַ געמורמל, מען האָט אַרומגעריגגלט די, וואָס האָבן באַקומען אַרויסרופן אין מיליטער. צו אַנדערע האָט מען אַריינגעשריגן אין די פענצטער באַגריסונגען צוליב זייער גיין אויפן פראָנט.

ברין איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און אַריינגעקוקט אין דעם באַלויכ־טענעם קאָרידאָר, וו דער אינוואַליד האָט געטיילט די ווייסע קוויטלעך, די בלויע ליכט פון דעם לאָמפּ איז געפאַלן אויף די פּנימער פון די מענטשן אַרום. נעבן אים איז געשטאַנען לידאַ פּעטראָוונאַ.

— נישטאָ קיין ענטפער... אויף מיין „זאַיאַוולעניע"... — האָט זי אוי־
מעטיק געזאָגט — איך האָב זיך שוין אַזוי דערפרייט... ווען דער אינוואַ־
ליד פונעם „וואָיענקאָמאַט" איז געקומען... געמיינט... מען רופט מיך
אויך....

* *
*

מיטאַמאָל האָט ברין דערכאַפּט אַ נאָמען, וואָס דער אינוואַליד האָט
אויסגערופן. דער נאָמען האָט זיך ווי צעשיט אין דעם מויל פון דעם אויס־
רופער און האָט אַ קלונג געטאָן פאַר בריגען מיט אַ מאָדנער נאָענטקייט,
פון וועלכן זיין האַרץ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן מיט אַ זיסן צאַפּל:

— סעמיאָן איזראַעלעוויטש... — האָט דער אינוואַליד אויסגעשריגן
און די ראָד מענטשן אַרום אים האָבן אונטערגעכאַפּט מיט אַ באַזונדער
אויפגעהייטערטקייט דעם נאָמען. פון אַלע זייטן הויף האָט מען זיך איבער־
גערופן און איבערגעחזרט: „סעמיאָן", „סעממא". בריגען האָט זיך גע־
דאכט, אַז ער האָט עפּעס געוווּנען אַ פריידיקע זאַך. ער האָט נאָך אַפילו
אויף קלאָר נישט פאַרשטאַנען מיט וואָס דער יידישער נאָמען האָט איצט
פאַרנומען אַזאַ אָרט אין זיין זינען, ווי ער וואָלט געפונען אַ מעכטיקן אָנ־
שפּאַר אין דער גרויסער פאַרלוירנקייט. ער האָט געפילט, אַז דער יידישער
נאָמען אין דעם אַלטן רוסישן הויף האָט אויך אָפּגעקלונגען מיט אַ טיפן
און שאַרפן ווידערקלאַנג.

דער נאָמען „סיאָמאַ" און „סיאָמקאַ" האָט זיך געטראָגן פון אַלע
זייטן הויף און צווישן די אַלע צעשריגענע שטימען האָט זיך אויך מיט־
אַמאָל אַריינגעריסן אַ צעוויינטע, שווערע, הודזשענדיקע שטים מיט אַ רייסנ־
דיקן כריפּ, וואָס מען הערט ביי שיכורע. די שטים האָט זיך באַמיט אַריינ־
צולייגן אין דעם קלאַנג אַ חוזק־צאַרטקייט מיט איבערגעטריבענער צע־
צויגנקייט, ווען זי האָט אויסגערופן:

— סיאָ־מאַטש־קאַ... אָט... אַ „געראָי"...

דער שרייער האָט זיך אָנגעטראָגן פון אַ טונקעלן ווינקל הויף. ער איז
געווען אַ הויכער, ריזיקער מענטש, מיט אַ רויט, שווער פּנים און לאַנגע
הענט, מיט וועלכע ער האָט ווי געדודערט, מאַכנדיק זיך אַ וועג פאַר זיי־
נע שיכורע, נישט זיכערע טריט. דער עולם האָט זיך אָפּגערוקט, מאַכנ־
דיק אַ וועג פאַר דעם שיכורן, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט אויף פאַר־
שיידענע טענער איבערצוחזרן דעם נאָמען: „סיאָמאַ", „סיאָמאָטשקאַ". פון

אַ ווינקל הויף האָט זיך באַוויזן אַ צווייטער. ער איז געווען אָן אַ היטל, אין אַ גרינער, זעלנערישער בלוזע, וואָס איז ביי אים געווען צעשפּיליעט. אויך ער האָט באַקומען אַן ארויסרוף. ער האָט געהאַלטן דאָס ווייסע קוויטל אין דער האַנט. ער איז געווען ברייט געבויט און די בלוזע האָט זיך אַליץ געעפּנט אויף זיינע ברייטע אַקסלען. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דעם שיכורן און מיט אַ ברייטער און רואיקער שטים געזאָגט...

— עי... דיאַדיאַ... גיי לייג זיך שלאָפן... און רעד נישט קיין נאַרישקייטן...

אין דער מינוט האָט זיך באַוויזן אַ יונגערמאַן, אַ הויכער, מיט קרעפּטיקע אַקסלען, אויף וועלכע עס איז געהאָנגען אַ קורץ פּעלצל. ער האָט געהאַט אַ בלייך, איידל פּנים מיט אַ לענגלעכער נאָז און בולטע פולע ליפּן. נעבן איז געשטאַנען אַן עלטערע פרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. איר בליק איז געלאָפן איבער די מענטשן אַרום. זי האָט זיך קראַמפּהאַפּט געהאַלטן אין דעם אָרעם פון דעם יונגנמאַן. ווען מען האָט אים איבערגעגעבן דעם צעטל האָט אַ שמייכל אַ צאַפּל געטאָן אַרום זיין קרעפטיק מויל. די עלטערע פרוי האָט זיך פעסטער איינגעקלאַמערט אין זיין אָרעם.

אין דער מינוט האָט זיך ווידער באַוויזן דער שיכור. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון קינדער, וואָס האָבן גערוישט אַרום אים. ע ר האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך פאַרהאַלטן ביי דעם יונגנמאַן און פאַרנויגנדיק זיך פאַר אים מיט אַ חוזק־רעווערענס, האָט ער אַרויסגעכריפּעט הייזעריק:

— סיאָ־מאָטש־קאַ... זאָלסט נישט גיין אין „פּלען“... די דייטשן האָבן נישט ליב... אַזעלכע...

אַ טיף ריזלען האָט זיך דורכגעטראָגן און עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. דער יונגערמאַן האָט זיך אַ ריס געטאָן. די עלטערע פרוי האָט אים אַרומגעכאַפּט און אים געצויגן אין אַ זייט פון דער ראָד מענטשן:

— לאָז... מאַמע... האָט דער יונגערמאַן ווי אַ קרעכץ געטאָן.

עס איז געווען שטיל פון אַ פּלוצלונגער שטילקייט, ווי עפּעס וואָלט פאַרשטיקט געבליבן. אין דער מינוט האָט זיך ווידער באַוויזן די ברייטע, קרעפטיקע פיגור פון דעם, וואָס איז געווען אָן אַ היטל, אין דער צעשפּיליעטער בלוזע. ער האָט ברייט אַ שפּאַן געטאָן און מען האָט מיטאַמאָל דערזען ווי ער טראָגט עמעצן, וואָס וואַרפט זיך אין זיינע ברייטע הענט, צאַפּלט און וואַרפט מיט אַראָפּגעהאָנגענע פיס.

עס האָבן זיך דערהערט פאַרשטיקטע, אָפּגעריסענע קוויטשן פון דעם שיכורן. דער מענטש מיט דער צעשפּילעטער בלוזע האָט אים לאַנגזאַם

געטראָגן אין אַ טיפן ווינקל פון הויף. ברין האָט מיטאַמאָל דערזען נעבן זיך לידאַ פּעטראָווונאַ. זי איז געשטאַנען זעלנעריש גלייך, פאַררוקט די הענט אין די קעשענעס פונעם שינעל. זי האָט געקוקט, ווי די מענטשן האָבן אַרומגערינגלט די צוויי, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט.

— וואָס איז געשען?... — האָט ברין געפרעגט.

— גאָרנישט... — האָט דאָס מיידל רואיק געענטפערט — מיר האָבן דאָ איינעם... וואָס „כוליגאַניעט"... ער איז שוין אַזעלכער. ער האָט זיך נישט גוט אָנגערופן וועגן סיאָמען... ער איז איינער אַזעלכער... ביי אונדז אין הויף...

אין דער מינוט האָט זיך צוריק באַוויזן דער אָן דעם היטל. זיין בלוזע איז איצט געווען איינגאַנצן אָפן, עס האָט זיך אַרויסגעזען זיין ברייט, מעכ־טיק לייב. ער האָט געשמייכלט, טיף געאָטעמט און דערזעענדיק דעם יונגנ־מאַן מיט דער מוטער, וואָס האָט נאָך אַלץ אַרומגעהאַלטן דעם זון, האָט ער שטיל געזאָגט, דערלאַנגענדיק דעם יונגנמאַן זיין ברייטע, קרעפטיקע האַנט:

— גוטן אָוונט... סיאָמאַ... איך באַגריס דיך.. מיטן אַריינטרעטן... אין דער אַרמיי...

— איך באַגריס דיך אויך... קאָליאַ... — האָט דער יונגערמאַן געענט־פערט.

— איך באַגריס דיך אויך... סיאָמאָטשקאַ... — האָט זיך אָנגערופן לידאַ פּעטראָווונאַ און צוגעלייגט אַ האַנט צום שטערן.

ברין האָט געקוקט אויף דעם יונגנמאַן. ער האָט געקוקט אויף זיין הויכן, קרעפטיקן געבוי, אויף זיין פּנים מיט דער לענגלעכער נאָז, אויף דעם שמייכל אַרום זיין איידל, געשניצט מויל, און בריינגען האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער קען אים פון ערגעץ, פון אַ גאַנצער און היימישער יועלט, פון וואַנען זיי זענען דורך פאַרשיידענע וועגן געקומען אַהער אין דעם לאַנגן, אַלטן רוסישן הויף אין דער שטאָט אויף דער וואָלגאַ.

.16

אין דער שפּעטער אָוונט־שעה איז דער הויף נאָך אַלץ געווען פול פון אַ צעוויגטן אומרו, וואָס האָט נישט געקאָנט אַריין צוריק אין די ברעגן. ברין האָט מיט דער געפּרווּוטקייט פון זיינע טויט־וועגן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט דורך דעם יאָר מלחמה, אויך דאָ, אין דער פרעמדער שטאָט

דערשפּירט דעם אָפּרוף פון געפאַר, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקאָנט, כאָטש עס איז אים נאָך נישט קלאָר געווען פון וואַנען דאָס געפאַר גייט.

די ידיעות פון דעם ראַדיאָ זענען געווען מאָדנע קורצע, פאַרקלעמטע, ווי עס וואָלט נישט אַלץ געזאָגט געוואָרן, אָבער די פאַרענדערונג, וואָס עס איז אַריינגעטרעטן אין דעם געמיט פון דער שטאָט פאַר דעם איינעם טאָג, לויט דעם פיבערהאַפטן טעמפּאָ, וואָס האָט געריזלט, ווי די ערד וואָלט געזאָטן, איז קלאָר געווען, אַז עפּעס אַ גרויסע און דראָענדיקע קראַפט זאַמלט זיך און טראָגט זיך אַהער מיט דער גיכקייט פון אַ שטורעם־ווינט.

אין דער געדעמפּטער פינצטערניש פון דעם אָוונט איז געשטאַנען אַ פאַרדריקטע שטילקייט, פול מיט קלאַנגען פון בהלה, וואָס האָבן זיך אָנגעטראָגן פון די ווייטן, צוזאַמען מיט דער פייכטער, ווינטיקער קעלט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער נאַכטיקער וואָלגאַ, וועלכע האָט אַרומגערינגלט די שטאָט און געקרעכצט אין איר אייביקן לויף.

קיינער האָט איצט די קעלט נישט געפילט, ווי מען פילט נישט בעת געשעענישן, וואָס צעשטערן דעם געוויינלעכן גאַנג פון לעבן. אויך די באַוועגונג אויף דער גאַס הינטערן פינצטערן טויער, אין דעם טייל הינטערשטאָט, האָט זיך דערטראָגן מיט בהלהדיקן קלימפּערן פון עפּעס אַן אייליקן געלויף אָן איבעררייס. דאָס איז געווען אַ גערודער, וואָס איז בריינען געווען גוט באַקאַנט.

עס האָבן זיך אָן אויפהער געטראָגן שווער־אָנגעלאָדענע אויטאָ־וועגענער מיט שרעקיקע וואָרנענדיקע גרילצערייען און נאַכטיקע אויסרופן פון שטרענגע מיליטערישע פאַראָלן. מיגוטנווייז האָט זיך בריינען געדאַכט, אַז שוין דאָ, הינטערן פינצטערן טויער, שטייען די געפאַרן, וואָס האָבן אים, ווי אַ פרעמדן, אויסגעזען געצילט אין אים.

דאָס מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ איז צומאָל פאַרשוווּנדן, אָבער יעדעס מאָל צוריקגעקומען צו בריינען, און זיך געטיילט מיט אים וועגן אַלעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די פאַרשידענע וויגקלען פונעם לאַגער, צערודערטן הויף. אָבער אין בריינען האָט איצט מער ווי פאַר דער גאַנצער צייט געוואַכט דאָס אָנגעהיצטע געפיל פון אַ פרעמדן און פון אַ ייד, וואָס האָט זיך איצט, נאָך דער סצענע מיט דעם שיכור, זיך נאָך מער אָנגעשפּיצט.

ער האָט שוין איצט געוווּסט, אַז די עלטערע, גרויע פרוי איז אַן אַלמנה, אַז זי איז אַ צאָן־דאָקטערין, אַז סעמיאָן איזראַעלעוויטש, וועלכן מען רופט איצט אויפן פּראָנט, איז איר זון, און בריין האָט די גאַנצע צייט זיך

געהאַלטן געבן זיי, ווי ער וואָלט געוואָלט איבערמעסטן ווי טיף עס זענען איינגעוואָרצלט די צוויי ייִדן אין דעם אַלטן רוסישן הויף מיט די פּראָסטע פּאָלקס־מענטשן, ווי ער וואָלט דורך זיי געוואָלט דערפילן וו ו או: צווישן יו ע מ ע ן ער געפינט זיך אין די גורלדיקע שעהן פון דער אַלטער רוסישער שטאָט. פון די איינציקע ווערטער, וואָס דאָס מיידל לידא פּעטראָוונא האָט אים צוגעוואָרפן, האָט ער שוין געוווּסט, אַז דער שיכור איז אַ באַקאַנטער „כוליגאַן", וואָס וואַרפט שיכורערהייט שטעכווערטלעך אויף ייִדן, אַז ער איז די „שאַנדע פון דעם הויז", אַז ער האָט שוין דערפאַר באַקומען שטראָף און איז אַפילו געזעסן אין תפיסה.

ברין האָט שוין אויך געוווּסט, אַז אין דעם הויף און אין דער גאַס וווינען אויך אַנדערע ייִדן, און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז פון דעם אַלץ, וואָס מיט אים קומט פאָר אין דעם היינטיקן אָוונט, וועלכער איז אַזוי פול מיט נייע געשעענישן, וואָס ווען אים אפשר פאַרטראָגן אַלץ ווייטער איבער נייע, אומבאַקאַנטע וועגן — האָט דער קליינער פאָרפאַל מיט דעם שיכורן אמיינסטן אויפגעטרייסלט זיין געמיט.

דערפאַר האָט זיין אויפמערקזאַמקייט כסדר געוואַכט איבער די צוויי מענטשן: איבער דער עלטערער ייִדישער פרוי און איר זון, דעם יונגנמאַן סיאָמאַ, וועלכער איז איצט געזעסן אויף די טרעפּ נעבן דעם באַלויכטענעם קאָרידאָר צוזאַמען מיט די אַלע, וואָס האָבן באַקומען די „פּאָוויעסטקעס" צום מיליטער.

דאָ, אין דעם ערשטן צימער פון דעם קאָרידאָר, האָט איצט דער קאָמיסאַר פונעם הויף אַרויסגעגעבן באַשטעטיקונגען פאַר די גערופענע. ברין האָט געקוקט אויף דעם ייִדישן יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן צווישן די אַנדערע. ער האָט געזען דעם ברייטפּלייציקן, אין דער אָפענער בלוזע; וואָס האָט באַשטראָפט דעם שיכורן און איז געזעסן אַרומגענומען מיט דעם יונגן ייִד, ווי זיי האָבן געלאַכט, שוין פאַרבונדענע מיט דעם גורל פון סאָלדאַטן, און ברינען איז מיטאַמאָל מאָדנע גוט און רואיק געוואָרן. אין דער מינוט האָט ער אויך דערזען די עלטערע ייִדישע פרוי, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אין אַ ראָד צווישן די פרויען פונעם הויף. די פרויען האָבן מיט שטילע, נאַכטיקע שטימען גערעדט. איצט האָט די ייִדישע פרוי זיך האַרציק געזעגנט מיט דעם רעדל ווייבער:

— אַ גוטע נאַכט, סאָפיאַ איוואַנאָוונאַ...

— אַ גוטע נאַכט, אירינאַ גריגאָריעוונאַ...

און אַלע מיט אַ באַזונדער פייערלעכקייט האָבן אָפּגעענטפערט:

— אַ גוטע נאַכט, מיריאַם גאָומאָוונאַ...

אַן אַלטיטשקע, מיט אַ ווייסן קאָפּ, איינגעהילט אין אַ שווערן טוך, האָט מיט אַן אַלט, ציטערדיק קול זי באַגליים:

— זאָרג נישט.. מיריאַם גאָומאָוונאַ... גאָט וועט העלפן... דיינער וועט צוריקקומען... אַ גאַנצער... אַ געזונטער...

אויף אַ מינוט איז געוואָרן שטיל, עס האָבן זיך נאָך געהערט שטילע קרעכצן פון די פרויען.

די יידישע עלטערע פרוי האָט זיך איצט דערנענטערט צו איר זון און האָט שטיל געזאָגט:

— סעמיאָן... קום... שוין שפּעט... דאַרפסט אויפשטיין פרי...

איר שטילע שטים האָט געקלונגען מיט מוטערלעכער צאַרטקייט און ברין האָט צום ערשטן מאָל דערהערט די שטים פון דעם יונגן יידן סיאָמאַ:

— גיי... מוטער... גיי... איך וועל נאָך אַ ביסל זיצן מיט די חברים.

זיין שטימע איז געווען אַ טיפע, אַ מענלעכע און וואַרעמע. און ברי־נען האָט זיך געדאַכט, אַז נאָך קיינמאָל האָט ער נישט געהערט אַ יידן אַזוי רעדן.

דער יידישער פרוי איז אָבער, זעט אויס, אין דער שעה, שווער גע־ווען זיך צו שיידן מיט איר זון. זי איז אַ מינוט געשטאַנען, און ברין האָט דערזען ווי איר מויל האָט אַ צאַפּל געטאָן און זי האָט מיט אַ געבראָכע־נער שטים געערדט נאָר צום זון. ברינען האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז זי רעדט יידיש:

— קום, סיאָמאָטשקאַ... וועסט זיין מיד... ס'איז נישט איצט קיין צייט... מען דאַרף זיך גרייטן...

דער זון האָט זיך אויפגעהויבן. די יונגע, וואָס זענען געזעסן, זענען אויך אויפגעשטאַנען און דער, מיט דער צעשפּיליעטער בלוזע, האָט מיט אַ געמאַכטער פייערלעכקייט געזאָגט:

— מאַמאַשאַ... זיי רואיק... איך וועל אים אָפּהיטן... אויפן פראָנט... איך וועל אים נישט לאָזן קיין שלעכטס טאָן...

און אַלע האָבן געלאַכט מיט אַ זעלנעריש, אַרויסרופנדיק געלעכטער.

ברין האָט געקוקט אויף דעם יידישן יונגנמאַן, וואָס איז איצט גע־שטאַנען אין זיין הויכער, גלייכער וווקס און דורך זיין האַרץ איז דורכגע־גאַנגען אַ וואַרעמער שטראָם פון אַ מאָדנער נאָענטקייט צו דעם פרעמדן און אַזוי נאָענטן יינגל.

ברין האָט געקלערט װעגן זײַן גורל, װאָס װאַרט אים אַלס סאָלדאַט און אַלס ייִד. ער האָט אים געזען מיט זײַן קינדערישער פּשוטער גוטס־קייט, אַ װײַטן פון דער עלטערער ייִדישער פרוי, דער מאַמען, אין דעם פייער פון מלחמה. ער האָט געזען דעם בליק פון דער מוטער, װאָס איז געװען װי אַרײַנגעשטאָכן אין דעם זונס פּנים, און ברינגען האָט זיך מיט־אַמאָל פאַרװאָלט גײן מיט אים צוזאַמען קעגן יעדער געפאַר.

סיאָמאַ האָט זיך אַרומגעקוקט, װי ער װאָלט דערפילט די גורלדיקייט פון דער מינוט, ער האָט איצט אױסגעזען װי אַ ייִנגל מיט זײַנע זאַפּטיקע ליפּן, װאָס זענען פול געװען מיט דער יונגער לעבנס־זיסקייט. ער האָט זיך װי געשעמט:

— „טאָװאַרישטשי“... חברים... — האָט ער שטיל געזאָגט — װי זשע הייסט עס... אַז מען דאַרף זיך געזעגענען...

די יונגע האָבן אױפגעהױבן אַ רעש. עס זענען צוגעקומען אױך אַנ־דערע, װאָס זענען גערופן געװאָרן אױפן פראָנט. זײ זענען געװען אױפגע־ברױזט און האָבן געזוכט אױסצולאָדן זײערע נײַע עמאָציעס:

— און אױסטרינקען דאַרף מען אױך... — האָט אײנער געשריגן.

— װער װײסט... צי מען װעט זיך נאָך אַמאָל זען...

און אײנער האָט מיט אַ דינער, ציטערדיקער האַרץ־שטימע אָנגע־הױבן זינגען:

דעם לעצטן... לעצטן טאָג, נאָר הײַנט...
צוזאַמען זענען מיר נאָך, פרײַנד...
מאָרגן... װי נאָר פון טאָג די שײַן...
דערהערן װעט זיך אַ געװײן...

באַלד האָבן אונטערגעכאַפּט נאָך אַנדערע. עס האָבן זיך אָנגערופן שטימען פון מענער און פרויען פון אַלע זײַטן הויף, און עס האָט זיך אַ טראָג געטאָן דאָס אַלטע גאָרקי־ליד, װאָס איז געבוירן געװאָרן דאָ, בײַ די ברעגן פון דער װאָלגאַ, דאָס ליד פון גרויסן רוסישן אָטעם, פון שװערן גאַנג דורך פּײַן.

צװישן די שטימען האָט ברין אויך דערהערט די שטימע פון לידאַ פּעטראָװנאַ. זי איז געשטאַנען נעבן אים, אירע אויגן זענען געװען גע־װענדט אין דער װײַט, איר זעלנעריש היטל איז געװען פאַררוקט אויף אירע

בלאָנדע האָר. זי האָט אויסגעזען ווי אַ בלענדנדיק שיין ייגל פון די אַלטע ביזאַנטישע ריטער־מעשהלעך.

ברין איז געשטאַנען אין דעם פרעמדן, רוסישן הויף, ווו עס האָט זיך פאַר אים צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט דאָס טיפע ריזלען פון דעם פאָלקס־בלוט אין דעם ריזיקן לאַנד. ער האָט דערפילט דעם כוח,וואָס האָט גע־קלאַפּט פון יעדן ווינקל.

זיין האַרץ האָט איצט געקלאַפּט פאַר צוויי שיינע, יונגע לעבנס, פאַר דעם יידישן יונגנמאַן סיאָמאַ און פאַר דעם רוסישן מיידל לידא פעטראָווו־נאַ. ער איז גרייט געווען מיטביידע צו גיין אין די ווייטסטע וועגן פון זיין וואַנדערן. ער איז געווען פול מיט באַגער זיי צו דערציילן פון אַלע זיינע טעג און נעכט, פון אַלעם, וואָס עס איז געשען מיט זיין היים און מיט זיינע נאָענטע.

אים האָט זיך געוואָלט אַוועקלויפן אין דער נאַכט צו יענעם עלנטן, אָפּגעריסענעם הויז, ווו עס איז פאַרבליבן דער חבר לעווין מיט די יידישע היימלאָזע פרויען, אַלטע און קינדער, ברענגען זיי אַהער, אריינגעמען זיי אין איין גאַנג מיט די זינגענדיקע, גיין מיט זיי צוזאַמען, מיט זייער כוח פון אייביקייט, וואָס האָט געקלונגען אין דעם אומעטיקן גאָרקי־ליד פון דער גרויסער רוסישער ערד.

.17

ברין האָט געקוקט אויף דעם יונגנמאַן סיאָמאַ, וואָס האָט איצט, אַרומגענומען מיט דער מוטער און באַגלייט פון די אַנדערע, זיך געלאָזן אַראָפּ אינעם טיפן ווינקל פון דעם לאַנגן הויף. ער האָט דערפילט אַ שטאַרקן באַגער זיך צו געזעגענען מיט דעם יונגנמאַן. אים האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט אויך פאַרטוישן אַ פּאָר ווערטער מיט דער עלטערער פרוי, סיאָ־מאַס מוטער, ווי ער וואָלט זיך באַדאַרפט פון זיי עפּעס דערוויסן, עפּעס, וואָס נאָר זיי קאָנען אים קלאָר מאַכן.

סיאָמאַס מוטער, די עלטערע יידישע פרוי, האָט אים אויסגעזען צו זיין אָנגעפילט מיט דעם געמיט פון אַ פריערדיק לעבן, פון אַ יידישער היים אין איינער פון די אוקראַאינישע שטעט. זי האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ יידישע טאָכטער פון אַ רחבותדיקער יידישער שטוב, פון וועלכער דוד בערגעלסאָן, דער גאָלדשמיד פון יידישן געמיט, האָט געהעמערט זיינע רעמבראַנדישע איידלשטיינער — פון יידישער בענקשאַפט אויף דער רוסישער ערד.

ברין האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער זעט זי איצט אין דער טונקל־קייט פון דעם אויפגעברויזטן פרעמדן רוסישן הויף, ווי אויף דער גרענעץ פון אַ צייט, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן. מאָרגן קאָן אַלץ אַוועקגעטראָגן ווערן אין דעם שטורעם־ווינט, וואָס טראָגט זיך אָן. סיאָמאַ וועט אַוועקגיין מיט די גורלדיקע וועגן פון אַ זעלנער און וועט אפשר קיינמאָל מער נישט צוריקקומען. אויך ער, ברין, זעט אפשר צום לעצטן מאָל די יידישע פרוי, איינע פון די, וואָס האָבן מיטגעשפּאַנט אין דעם גרויסן און שווערן וועג פון דעם לאַנד.

ברין האָט אַ בלאַנדזשע געטאָן איבער דעם לאַנגן הויף. ער האָט איז דעם טיפן טונקל זיי פאַרלוירן פונעם אויג, און עס איז אים מאָדנע אומע־טיק געוואָרן, ווי ער וואָלט פאַרלוירן עפּעס אַ נאָענטע און טייערע זאַך. ער האָט דערפילט אַ מידקייט און אַ קעלט, און עס איז אים ווי ליידיק געוואָרן ביים האַרץ. עס איז אים פאַרבליבן נאָר שטיל אַריינצושלייכן זיך אין זיין ווינקל צו דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ און וואַרטן אויפן טאָג מיט נייע געשעענישן.

אָבער אין דער מינוט האָט אים אַ וואַרעמער שטראָם אַ קלאַפּ געטאָן, ווען ער האָט אין אַ ווינקל ביים מויער דערזען לידאַ פּעטראָוונאַ. נעבן איר איז געשטאַנען סיאָמאַ מיט דער מוטער. סיאָמאַ און לידאַ האָבן פאַר־רויכערט און אין דעם ליכט פון דעם שוועבעלע האָט זיי ברין דערזען. די פרוי איז איצט געווען ווי קלענער, איינגעבויגן האָט זי זיך געקלאַמערט אין דעם אָרעם פון דעם זון.

ברין האָט זיך דערנעענטערט. ער האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן די פרייד און האָט נישט געפונען וואָס צו זאָגן. אָבער לידאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך מיט איר גלייכער, אָפענער שטים אָנגערופן:

— אָט איז אונדזער שכן... זייט באַקאַנט... איר דאַרפט אייך קאָ־נען...

און זי האָט קינדעריש אַ שמייכל געטאָן.

סיאָמאַ האָט אים דערלאַנגט די האַנט. די האַנט איז געווען פול מיט אַ יונגער, קרעפטיקער וואַרעמקייט:

— מיין מאמא... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער מוטער. און עס איז געוואָרן שטיל.

די עלטערע פרוי האָט געקוקט אויף ברינען מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי זי וואָלט נאָך עפּעס אין אים דערזען.

— דאָס איז אונדזער שכן... פון „פּאַלשאַ“ אַנטלאָפן... — האָט לי־דאַ פּעטראָוונאַ געזאָגט.

די פרוי האָט אַלץ געקוקט אויף ברינען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט באַלד עפּעס אויסשרייען. ליזאַ פּעטראָוונאַ האָט געררייכערט און גע־בלאָזן דעם רויך:

— ער וווינט דאָ... ביי דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ...

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, און נישט געפינענדיק וואָס, האָט זי צוגעגעבן מיט אַ קינדערישן ערנסט:

— אָט... וואָס די מלחמה טוט מיט מענטשן...

— גו, וואָס... — האָט זיך אָנגערופן סיאָמאַ — „פּאַלשאַ“ — דאָרט איז דער דייטש... און איר זענט אַנטלאָפן...

די מוטער האָט אַלץ מיט אירע גרויסע, טונקעלע אויגן געקוקט אויף ברינען. מיטאַמאָל האָט זי אויסגערופן:

— איר זענט... איר זענט אַ ייד...

און איר בליק האָט אַלץ געלויכטן אויף ברינען, ווי זי וואָלט געזען פאַר זיך אַ וווּנדער. זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם זונס אָרעם און איז מיט־אַמאָל געוואָרן ווי גרעסער און יונגער. זי האָט אַלץ געקוקט אויף ברינען און יעדעס מאָל, ווען די רויכערער האָבן אַ בלינצל געטאָן מיט דער שיין פון די ציגאַרעטן, האָט ברין דערזען דעם צאַפּל אַרום איר דין, איידל מויל.

— זענט איר פון סאַמע פּוילן.. אַהער אַזש אַנטלאָפן... — האָט סיאָ־מאַ איבערגעחזרט. זיין שטים איז געווען אַ פאַרטראַכטע, ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך דעם ווייטן וועג, וואָס ברין איז דורכגעגאַנגען.

— איר זענט דאָ אַליין... — האָט די מוטער געפרעגט.

— אַליין.. איך האָב נישט קיינעם... — האָט ברין געענטפערט, און ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן. ער האָט דערציילט מיט אייניציקע ווערטער, אָפּגעריסענע, פון פייער, פון טויט, פון וועגן הינטער קוילן, פון בלאָנדזשען, פון הונגער. ער האָט איצט קיינעם נישט געזען, נאָר דעם טונקעלן, לויכטנדיקן בליק פון דער יידישער פרוי. ער האָט גערעדט נאָר צו איר, און פּלוצלונג האָט ער דערזען, אַז פון טונקל פונעם הויף האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען מענטשן און ער איז שטיל געבליבן.

סיאָמאַס מוטער האָט עפּעס גיך און אויפגעבראַזט גערעדט מיט לי־דאַ פּעטראָוונאַ. ברין איז געשטאַנען נעבן דער וואַנט פונעם הויז. ער האָט

געפילט ווי אויגן האָבן געקוקט אויף אים און פון דערפינצטער האָבן זיך געהערט שטימען פון אַ געמורמל. עמעצער האָט מיט אַ טיפער מענלעכער שטים כסדר איבערגעחזרט:

— זיי זענען אַ סך... אין שטאָט... „ביעזשענצעם״... אַלע טאָג קומען נייע... „ניעשטשאַסניע״...

— „ביעדניע״... — האָבן אַנדערע גערעדט אין דער נאַכט אַריין. ברין האָט געוווּסט, אַז דאָ רעדט מען וועגן אים.

מיטאַמאָל איז די יידישע פרוי מיט גיכע טריט צוגעגאַנגען צו אים און שטיל געזאָגט:

— קומט אַריין צו אונדז... מיר וועלן מאַכן טיי...

ברין האָט מיטאַמאָל דערפילט די פייכטע קעלט פון דער נאַכט. ער איז געווען אויסגעשעפּט פון עפּעס אַן איבערפלוס פון געפיל און ער האָט מיד געענטפערט:

— צו אייך... ס'איז אפשר שפּעט... אייער זון דאַרף זיך גרייטן...
אָבער זיין האַרץ האָט געקלאַפּט מיט אַ פולקייט.

— קומט... — האָט סיאָמאַ פּשוט געזאָגט.

— איך וויל אייך נישט באַלעסטיקן... — האָט ברין געפּרוווט אָפּ־ווענדן. אָבער די פרוי האָט פּלוצלונג צוגעגעבן:

— לידאַ פּעטראָוונאַ... קומט אויך צו אונדז... מיר וועלן מאַכן הייסע טיי...

— „מאָזשנאַ״... — האָט דאָס מיידל זעלגעריש געענטפערט. און ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט אין דער פינצטער, ווי זי קוקט אויף אים פריידיק מיט אירע פאַרהויבענע ברעמען. ער האָט געפינען איר קליי־נע, האַרטע האַנט אין דער פינצטער און איר האַנט האָט ווי אינדערפרי זיך וואַרעם און צוטרוילעך אַריינגעלייגט אין זיינער.

* *
*

די צוויי קליינע, באַשיידענע שטיבלעך האָבן ברינען גלייך דערציילט וועגן פיל יאָרן לעבן פון די מענטשן, וואָס האָבן די שטוב באַוווינט. און ברין האָט עס אויפגענומען ווי אַ שרייבער. ער האָט אויפגענומען יעדן פלעק, וואָס האָט זיך אַריינגעוועבט אונטער דעם געדעמפטן ליכט פון דער אַלטמאָדישער, ראָזלעכער אַבאַזשור, וואָס האָט אַזוי דערמאָנט אין די אַלטע, סטודענטישע, רוסישע יאָרן פון „געדעמפטער שטימונג״.

די ביכער אויף דער פּאָליצע, די בילדער אויף די ווענט; פאָטאָגראַפיעס פון דער יוגנט, ווו מען האָט געקאָנט זען די עלטערע פרוי אין איר יוגנט אויף פּליאַזשעס, אויף גרופּן פון קורסן, דאָס גרויסע בילד פון מאַקסים גאָרקי אויף די עלטערע יאָרן מיט די פּולע, גוטמוטיקע קנייטשן אויפן פּנים, וואָס האָט דאָ אין דער וואָלגאַ־געגנט זיך געפונען אין כמעט יעדן הויז; דאָס טישל מיט די אינזשעניערן־מכשירים און די גיטאַרע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. דאָס איז געווען אַ קורצע געשיכטע פון לאַנגע יאָרן שווער לעבן פון אַרבעט און אָמפּערניש.

בריין האָט אויך געזוכט נאָך עפּעס, וואָס האָט באַדאַרפט דערציילן פון אַ צווייט, פאַרגאַנגען לעבן, פון דעם אָנהייב. די עלטערע פרוי האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס בריין זוכט. זי האָט אים שטיל פאַררופן אין אַ טונקעלן ווינקל און מיט פאַרטראַכטקייט, ווי זי וואָלט נאָכגעדענקט נאָך אַ וויַיטן, אַנטלאָפענעם געדאַנק, האָט זי אים אַרייַנגעלייגט אין דער האַנט אַן אַלט, פאַרגעלט בילד, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון אַ שופלאָד. ביידע האָבן קיין וואָרט נישט גערעדט און בריין האָט געקוקט אויף דעם בילד, ווו מען האָט געזען אַ יידישע פאַמיליע פונעם באַלעבאַטישן שטאַנד. דאָ איז אין דער מיט געזעסן אַ מיטליאָריקער ייד מיט אַ פיין פּנים אַרומגענומען מיט אַ געצירטער באָרד, אַ פרוי מיט אַ היימיש יידיש, יוגנטלעך פּנים, וואָס איז געווען ענלעך צו דער באַוווינערין פון דעם הויז. אַ ייִנגל אין אַ היטל פון אַ רוסישן גימנאַזיסט און צוויי מיידלעך, קינדער, אין וועלכע בריין האָט גלייך דערקאָנט די איצטיקע עלטערע פּירוי. בריין האָט צוריקגעגעבן דאָס בילד און אויפגענומען דעם בליק פון דער פרוי, וואָס איז געווען ווי אַ שליסל צו דער גאַנצער געשיכטע פון די צוויי האַלבע לעבנס פון אַ גאַנצן דור.

לידיאַ פּעטראָוונאַ האָט אַראָפּגענומען די גיטאַרע פון דער וואַנט. זי האָט פאַררוקט דאָס זעלנערישע היטל, פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס און שטיל עפּעס גענומען אויסזינגען, באַגלייטנדיק אויף דער גיטאַרע מיט בלאָנדזשענדיקע פינגער איבער די סטרונעס.

— זינגט אונדז עפּעס, לידאָטשקאַ... — האָט די פרוי געבעטן — איר זענט דאָך ביי אונדז אַן אַקטריסע...

דאָס מיידל איז באַשלאָגן געוואָרן מיט אַ פּלוצלונגער ראָזקייט:

— נישט קיין צייט דערויף... — האָט זי אומעטיק געענטפערט און ס'איז געוואָרן שטיל. די ריינקייט פון דער שטוב האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דעם געדעמפטן ליכט מיט אַ געדריקטקייט, ווי עס וואָלט עפּעס באַ־

דאַרפט געשען. דען אַ קילקייט און נישט־באַוווּסטקייט איז דאָ אַרומגעגאַנ־
גען, ווען ברין האָט דאָס פאַרגליכן מיט דער באַזעסנקייט פון סטעפּאַני־
דא איוואַנאָוונאַס שטוב.

פונעם קיכל האָט זיך דערטראָגן דאָס רוישן פון דעם „פּרימוס“ און
אויפן טישל האָט זיך באַוויזן אַ געשניצט טעצל מיט אָנגעשניטן שוואַרץ
ברויט:

— נעמט נישט פאַר אומגוט... — האָט די פרוי געזאָגט — נישט
אַזוי איז ביי אונדז געווען פריער...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ברינען:

— ביי אייך איז מען אוודאי געוווינט... צו אַנדערע „אוגאָשטשע־
ניעס“... עס האָט ביי אונדז... אויך גאָרנישט געפעלט... היינט איז אַנ־
דערש...

— מאַמאַ... — האָט געזאָגט סיאָמאַ — איך האָב געברענגט...
עפּעס... צו עסן...

און באַלד האָט זיך אויפן טיש באַוויזן אַ פּודלע מיט פיש־קאָנסערוון
און אַ פלעשל בראָנפן. לידא פּעטראָוונא האָט זיך אָפּגעזאָגט:

— היינט נעמט מען נישט אויף קיין געסט... היינט איז מלחמה... —
האָט זי געזאָגט. אויך ברין האָט זיך אָפּגעזאָגט. כאָטש קוקנדיק אויפן
ברויט האָט ער דערפילט די טרוקענע נעגל פון הונגער אין האַלדז. אָבער די
עלטערע פרוי האָט זיך געפילט געטראָפן און זי האָט געפּועלט ביי דעם מיידל
זי זאָל אויסטרינקען אַ גלעזל בראָנפן און צובייסן. אויך ברין האָט גע־
מוזט דאָס זעלבע טאָן, דען ער האָט דערפילט, אַז צוליב אים איז מען
אַהער פאַרבעטן געוואָרן. דערנאָך האָט מען דערלאַנגט טיי מיט קליינע
שטיקלעך צוקער.

די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט און פאַרהאָנגען, אָבער דאָס
אומרואיקע געמורמל פונעם הויף האָט זיך נאָך אַלץ דערטראָגן.

סיאָמאַ האָט זיך ווידער אויסגעפרעגט וועגן פּוילן, וועגן די דייטשן.
ברין האָט דערציילט. ער האָט געקוקט אויף דער יידישער פרוי און געזען
די טיפע זאָרג, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אירע יידישע אויגן. די אויגן
האָבן נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג פון דעם זון סיאָמאַ, וואָס האָט זיך
שוין געזומען גרייטן אין וועג.

לידא פּעטראָוונא האָט איצט דערציילט ווי זי וואַרט אויף דער „פּאָ־
וויעסטקע“ צו גיין אויפן פראָנט אַלס קראַנקן־שוועסטער. זי וואָלט שוין
געוואָלט דאָרט זיין. זי האָט נישט קיין רעכט דאָ צו זיצן, ווען דאָרט...

אירע שטרענגע, קינדערישע ברעמען האָבן זיך פֿאַרהויבן און איר ברוסט האָט זיך געהויבן אונטער דעם גראָבן, סאָלדאַטישן שינעל.

— די מאַמע איז קראַנק... זי וועט בלייבן אַליין... אָבער וואָס זאָל מען טאָן... ס'איז מלחמה...

זי איז אויפֿגעשטאַנען פֿונעם בענקל און האַלטנדיק זיך פֿאַרן קאָפּ, האָט זי אַ שפּאַן געטאָן איבערן צימער. מיטאַמאָל איז זי צוגעפֿאַלן צו דער יידישער פֿרוי, זי אַרומגענומען און דריקנדיק זיך צי איר, האָט זי מיט אַ רוסישער האַרציקייט און טיפֿן צאַפּל פֿון גערירטקייט געזאָגט:

— מיריאַם נאַומאָוונאַ... זאָגט מיר צו... ווען איך וועל אַוועק... אויפֿן פֿראָנט... און דאָ... דאָ וועט... עפּעס געשען... וועט איר זיך פֿאַרנעמען מיט מיין מאַמען... אייך וועל איך טרויען... איר זענט אַ גוטע... אַן איי-גענע....

מיריאַם נאַומאָוונאַ האָט געקוקט אויף איר מיט אַן אָנגעווייטיקטן שמייכל און געגלעט דעם מיידלס טונקל-גאָלדיקע האָר. זי האָט אויך מיט דעם זעלבן בליק געקוקט אויפֿן זון סיאָמאַ. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און אירע ליפּן האָבן בלויז אַ צאַפּל געטאָן.

דעמלט האָט זיך אָנגערופֿן סיאָמאַ:

— לידאַ... דו ווייסט אפשר ניש... מיין מאַמאשא טאָר דאָ נישט בלייבן... ווען די שטאָט... ווען די דייטשן... זאָלן דאָ קומען... דו פֿאַר-שטייסט... די מאַמע איז אַ יידישע... די דייטשן דערהרגענען אַלע אונ-דזערע... אָבער יידן פֿאַרפּייניקן זיי... איך וועל דאָ די מאַמע נישט לאָזן...

עס איז געוואָרן שטיל.

די יידישע פֿרוי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול, אַריינגענומען דעם קאָפּ אין די הענט און האָט זיך שטיל צעוויינט.

פֿונעם הויף האָט זיך דערטראָגן דאָס האַרטע, מעטאַלענע קול פֿון ראַדיאָ:

— הערט... הערט... בירגער.

.18

ווי פֿון ערגעץ אַן איבערמענטשלעכער הייך, איבער יעדער מאָס פֿו-נעם מענטשלעכן געהער, האָבן געקלאַפּט די ווערטער פֿון ראַדיאָ. פֿאַר בריגען איז נאָך נישט קלאָר געווען דער זין פֿון די ווערטער, וואָס האָבן זיך ווי אַ שווערער, וואָגיקער מעטאַל אַריינגעגאָסן אין דער פֿאַרדריקטער

שטילקייט פון דער נאַכט, און יעדעס וואָרט האָט גלייך, אָן אַן אָפּהאַלט, צוגעשלאָגן צו דעם לויף פון בלוט אין האַרץ און אַריינגעשפּיגט די מענטשן אין דער געץ פון די געשעענישן.

זעט אויס, אַז אין דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער מעלדונג, איז געלעגן עפּעס, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם הויף, מיט דער שטאָט און מיט די מענטשן אַרום; עפּעס אַ וואָרט, אָדער אַ נאָמען פון אַן אָרט, וואָס איז ברינען נישט געווען פאַרשטענדלעך. דאָס וואָרט האָט ווי אויפגעריסן און ווי אַ שווערער קרעבץ האָט עס זיך אַ טראָג געטאָן אין דער פינצטער, פון אַלע זייטן, און זיך אָפּגערופן אין אַלע מענטשן אַרום.

דער הויף, וואָס האָט זיך שוין געהאַט פריער אָפּגעלייריקט מיט יע־נער דרימלענדיקער וואַכזאַמקייט, וואָס איז ברינען אַזוי באַקאַנט פון די נעכט, ווען דער שונא איז פאַרלאָפן זיינע וועגן, האָט נאָך דער ראַדיאָ־מעלדונג זיך צוריק אָנגעפילט מיט אַ נייער, ריזלדיקער אויפגעבראַכט־קייט. עס האָט אויסגעזען ווי שוין, איצט, וואָלט באַדאַרפט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס. דער הויף האָט זיך צוריק אָנגעפילט מיט מענטשן, וואָס האָבן אין דער פינצטער זיך אָנגעטראָגן מיט אַ ניי געאייל.

אויך פון דער גאַס האָט זיך פאַרשטאַרקט דאָס קלימפּערן אין אַ שווער גערודער פון אַ בהלהדיקער באַוועגונג. עס האָבן אָן אויפהער געגרילצט סיגנאַלן פון שווער־אָנגעלאָדענע מאַשינען, אַ ריטמיש מאַרשירן פון טויזנטער טריט און עפּעס אַ וואָג, ווי אַ טונקעלע האַרבסט־נאַכט, האָט זיך אַ ריר געטאָן, ווי די ערד וואָלט זיך גערירט אונטער די פיס.

ברין האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון די פינצטערע טרעפּ. לידאַ פּעט־ראָוונאַ איז געגאַנגען פאַר אים. ער האָט אין דער פינצטער געזוכט איר האַנט און זי איצט געפונען. ער האָט נאָר געהערט איר רייטנדיקן אָטעם, מיט וועלכן זי האָט כסדר איבערגעחזרט דאָס וואָרט „מאָסקווע“.

פון אַלע ווינקלען פונעם הויף האָט זיך געטראָגן דאָס זעלבע וואָרט „מאָסקווע“ און ברינען איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז ער געפינט זיך נאָענט פון דעם קנויל, וואָס טראָגט זיך נאָך אים און וויל אים פאַר־כאַפּן. ער האָט זיך דערנעענטערט צו אַ ראָד מענטשן און מיטן פון דעם הויף. דאָ האָט ווער מיט אַ שווערער, אָנגעהיצטער שטים גערעדט. אין דעם בלייבן ליכט, וואָס האָט פון ערגעץ קוים אַרומגענומען די מענטשן,

האָט מען געזען די גרויסע, טונקעלע הענט פון דעם מענטשן, וואָס האָט ערגעץ אָנגעוויזן; אַנדערע הענט האָבן זיך געהויבן, געוויזן און געמשלט. אַ טייל פון דער ראָד מענטשן האָבן זיך אָפּגעריסן און זיך אַריינגלאָזן אין דעם אייגציקן באַלויכטענעם קאָרידאָר, ווו עס איז געזעסן דער קאָמיסאַר פונעם הויז ביי אַ טיש. באַלד האָט מען אַהערגעברענגט אַ לאַנד־קאַרטע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צענדליקער קעפּ און שווערע, טונקעלע הענט מיט פינגער האָבן זיך געאַמפּערט.

עפּעס אַ נאָמען פון אַ שטאָט איז דאָ אַרויסגערעדט געוואָרן מיט אַ באַזונדער וויכטיקייט, אַ שטאָט, וואָס ברין האָט צום ערשטן מאָל געהערט איר נאָמען, און ברין האָט מיטאַמאָל ווי פאַרלוירן זיין אָרט צווישן די אַלע מענטשן, ווי די ערד וואָלט אַוועקגעשווומען פון אים. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל, ווי מען וואָלט געוואַרט אויף עפּעס אַ קול, וואָס דאַרף זיך אָנרופן.

ברין איז מיטאַמאָל געבליבן אַליין; ער האָט אַ בלאָנדזשע געטאָן. אים האָט זיך פלוצלונג אויסגעוויזן, אַז ער האָט עפּעס פאַרזען. ער האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, אַז דער שונא רייסט זיך צו דער הויפּט־שטאָט מאָסקווע, און אַז ער, ברין, געפינט זיך אין איינער פון די שטעט, וואָס ליגן אויפן וועג און קאָן יעדע שעה פאַרכאַפּט ווערן דורכן שונא; און אַלע וועגן זענען מיטאַמאָל אָפּגעשניטן געוואָרן פאַר אים. ער האָט דערזען פאַר זיך דעם איינעם וועג צו דעם אַלטן הויז אינעם ברעג פון דער שטאָט, דאָס הויז פון די יידישע היימלאָזע, דעם וועג צו דעם ייד לעווין. ווען ער קאָן איצט זיין מיט זיי.

אינעם קאָרידאָר איז מיטאַמאָל געוואָרן ליידיק. ער האָט זיך שטיל אַריינגעשלייכט אין קאָרידאָר און דאָ האָבן זיך אים פאַרמישט די אַלע פרעמדע טירן. ער האָט מער נישט דערקענט די טיר צו דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. עס האָט אים אויסגעזען ווילד דאָס שטיין אין דעם באַלויכטענעם קאָרידאָר אונטער דעם ליכט פון דעם נאַקעטן לעמפּל. פלוצלונג האָט ער דערקענט די טיר פון דער שכנה לידאַ פּעטראָוונאַ. דאָס איז געווען די צווייטע טיר. ער האָט שטיל זי געעפנט און האָט דערקענט זיין ווינקל. אין דער מינוט האָט ער דערזען די אַלטע; זי איז געווען אָנגעטאָן; זי איז געשטאַנען אויף דער שוועל פאַרלייגט די הענט אויפן האַרץ. ער האָט שטיל געזאָגט אַ גוטן אָוונט. זי האָט אים שטיל געענטפערט.

— וואָס האָסטו געהערט... ליבינקער... וואָס רעדט מען אויף דער וועלט... וואָס וועט זיין מיט אונדז... — האָט זי שטיל געפרעגט, ווי זי וואָלט געוועדט צו עמעצן.

— איך ווייס נאָר דאָס... וואָס דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן... איך בין געווען אויפן הויף די גאַנצע צייט...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן טישל און דערזען אַ טעפּל טיי, צוגע־דעקט מיט אַ שטערץ, דערנעבן אַ שטיקל צוקער.

— טרינק... — האָט זי געזאָגט — ס'איז אפשר וואַרעם...

ס'איז געווען שטיל. ברין האָט זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקאָנט. ער האָט צוגעדרוקט צו זיך דאָס וואַרעמע טעפּל טיי און געפילט ווי אַ מידער, וואַרעמער דרימל נעמט אים אַרום. ער האָט געהערט סטעפּאַנידאַ איוואַנאָווּנאַס שווערע און ווייכע טריט, ער האָט געהערט איר שטיל שעפּטשען, ווי זי וואָלט זיך מיט וועמען גע־סודעט און האָט דערכאַפּט דעם שאַרך פון איבערגעמישטע בלעטער. אַזוי האָט ער געדויערט אַ לאַנגע, נעפּלדיקע צייט.

ברין האָט געוואַרט אויף דעם טאָג. אָבער די נאַכט האָט מאָדנע לאַנג געדויערט, ווי עס וואָלט זיך אין איר אין עפּעס געגרייט, עס האָט אים גע־צויגן צו דער פּאָדלאָגע, צו געפינען אַן אָנשפּאַר פאַר דער מידקייט, וואָס האָט אים געשלעפּט אַראָפּ און ער האָט מורא געהאַט זיך אָנצוטרויען דעם קורצן שלאָף, וואָס וועט אים צושמידן צום אָרט. ער האָט זיך צו־געהערט צום הויף, וואָס איז, דאַכט זיך, איצט פאַרגליווערט געבליבן, אָבער ערגעץ־ווו, אַרום אין די שטובן האָט זיך פאַרהאַלטן אַ גערודער, ווי יעדער וואָלט זיך צו עפּעס געגרייט. עס איז געווען די שעה אין דער נאַכט, ווען טויטע זאַכן לעבן אויף און רעדן זיך איבער מיט קלאַנגען נאָר פאַר זיך.

דאָס לעמפּל האָט געבלענדט און געשטאָכן די אויגן, און ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלטע פרוי האַלט די ליכט ווי עפּעס אַ שוץ קעגן וועמען. ער האָט געפילט ווי זיין מוח גיסט זיך אָן מיט אַ פרעמדער וואַרעמקייט, ווי עס וואָלט אין אים אַרייננעטרעטן נאָך אַ לעבן, אויסער זיינס. מיטאַמאָל האָט ער דערזען דעם הויף, דאָס איז געווען דער הויף פון זיין ווייטער היים. ער האָט דערזען די טרעפּ, איבער וועלכע ער האָט יאָרן געשפּאַנט. ער האָט געמוזט אַראָפּגיין פון די טרעפּ און האָט גע־טראָגן אויף דער פּלייצע אַ וואַנדער־זעקל. ער איז געגאַנגען אַראָפּ מיט

די טרעפּ, אָבער די טרעפּ האָבן זיך נישט געענדיקט. דאָס וואַנדער=זעקל איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער, און די טרעפּ האָבן, ווי אַן אָפּגרונט, זיך געשפּרייט אַלץ טיפער און טיפער און ער האָט דערפילט, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. עס האָט אים באַשלאָגן אַ פּיין. פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ סך גאָענטע און אייגענע מענטשן, ער האָט דערזען זיין שוועסטער שרה. זי האָט געעפנט אַ טיר און געזען ווי ער גייט אַראָבער די אומענדלעכע טרעפּ, זי האָט געקוקט אויף אים מיט שרעק און פאַרהאַקט פאַר אים די טיר. מיטאַמאָל האָט ער דערזען, אַז דאָס איז געווען נישט זיין שוועסטער שרה; דאָס איז געווען לידאַ פּעטראָוונאַ.

פּלוצלונג האָבן זיך די טרעפּ געענדיקט און ער האָט דערהערט אַ געשריי פון אַ סך מענטשן. ער האָט געהערט דאָס געשריי פון דייטשן און ער האָט גענומען לויפן אַרויף מיט די טרעפּ, אָבער זיינע פיס זענען נישט געגאַנגען, זיי זענען ווי צוגעוואָקסן צו די טרעפּ. אַרום אים זענען מענטשן געלאָפן אין אַ טויט=געלויף, עס האָט זיך געהערט געוויין און רייסנדיקע קולות פון די דייטשן און דאָס שטעכיקע האַמערן פון זייערע טריט.

ווידער זעט ער זיין שוועסטער שרה. עמעצער שלעפּט זי פון די טרעפּ, איר קאָפּ הייבט זיך אויף און פאַלט ווידער. ער לויפט נאָך איר, ער כאַפּט זי פאַר דער האַנט. איר האַנט איז אַ שטאַרקע, אַ וואַרעמע, דאָס איז לידאַ פּעטראָוונאַס האַנט. און די אויגן זענען פון מרים נאַאומאָוונאַ. ער האַלט לידאַ פּעטראָוונאַס האַנט און קוקט אין די אויגן פון מרים נאַאומאָוונאַ.

עס איז פינצטער אין דער גאַס. דאָס איז די גאַס פון זיין היים. די וואָלגאַ ליגט אַ פאַרנעפּלטע און אין נעפּל גייען דייטשן, זייער געבריל טראָגט זיך פון אַלע זייטן. ער רייסט זיך אויף פונעם אָרט און דערזעט דאָס גרעלע, נאַקעטע לעמפּל, וואָס הענגט אויפן דראָט, דאָס טעפּל טיי גיסט זיך איבער זיינע ציטערדיקע הענט.

איבער אים שטייט סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ:

— גאָט איז מיט דיר... אָרעמער... האָסט געשריגן... אַ חלום געזען...

אירע קליינע, בלוי=גרויע אויגן זענען טאָגיק וואַך, צום האַרץ האַלט זי צוגעפּרעסט דאָס שווערע בוך פון דער ביבל.

## 19.

פאַר ברינגען האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן די נאַכט פון געשעעניש. ער
האָט נישט געדענקט ווען ער האָט זיך פון דער שטול אַראָפּגעלאָזן אויף
די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, זיך אײַנגעטוליעט אין דער אײַגענער וואַ=
רעמקייט מיט דעם זעקל צוגעפּרעסט צו דער ברוסט, זיך אַרײַנגעלאָזן
אין דער טיף פון אַ הייסן שלאָף, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעריסן פון אַלע
פּעדעם, וואָס ביגדן אים מיט דעם לעבן. ער האָט געעפנט די אויגן פון
עפּעס אַ גערויש און זיך אָנגעשלאָגן אין שטעכיקן ליכט פון דעם ברע=
נענדיקן לעמפּל, און כאָטש די פענצטער זענען נאָך אַלץ געדיכט געווען
פאַרהאָנגען, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער איז אַרײַן אין אַ נײַעם
טאָג. ער האָט זיך דערשראָקן, ווי אײַנער, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט אַן
עיקרדיקע לעבנס=זאַך, ער האָט זיך אויפגעזעצט און מיט אַ קלאַפּנדיק
האַרץ זיך צוגעהערט צו דער וועלט.

ער איז אויפגעשפּרונגען פונעם אָרט, פאַרהויבן אַ ברעג פונעם
שוואַרצן טוך איבערן פענצטער און האָט גאָרנישט געקאָנט דערזען אין
דער מוטנער גרויקייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָך ווייט צו
טאָג. עס איז געווען שטיל און נאָר ווייטע קלאַנגען פון עפּעס אַ כסדר=
דיק דערקוטשענדיק רימשן, ווי שווערע רעדער וואָלטן אָן אַן איבעררייס
זיך געקאָלערט איבער שפּיציקע שטיינער, האָבן זיך אָנגעטראָגן פון דער
ווײַט. אַ הייזעריק רעווען פון שיף=סירענעס האָט זיך צומאָל מיט נאַכטי=
קער שרעקיקייט איבערגעשריגן מיט אַן אומעט פון בײַנאַכטיקע וואַסערן
אויף דער וואָלגע.

די טיר פונעם צווייטן צימער איז געווען צוגעשפּאַרט, עס איז געווען
שטיל און ברינען האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז אַלע האָבן פאַר=
לאָזן דאָס הויז.

אויך פונעם קאָרידאָר איז געגאַנגען אַ שווערע, אָנגעלאָדענע שטיל=
קייט. ברין האָט אַ שפּאַן געטאָן און שטיל געעפנט די טיר. פון דעם
קלײנעם פענצטערל אין קאָרידאָר האָט געשלאָגן אַ גרויער אָפּשײַן. ברי=
ן האָט זיך דערמאָנט, אַז דורך דעם פענצטערל האָט ער געזען אין אַ ווײַסן
נעפּל די וואָלגאַ, וואָס איז געלעגן הויך, ווי אויפן הימל. ער האָט צוגע=
שפּאַנט צו דעם פענצטערל. אַ טריבע טונקלקייט און אַ פײַכטער נעפּל
האָט אויף אים אַן אָטעם געטאָן. ער האָט דורכגעשפּאַנט דורך דעם קאָ=
רידאָר און מיטאַמאָל דערזען דעם הויף, ער האָט אים איצט נישט דער=

קאָנט. די נידעריקע, לאַנגע הייזער זענען געווען ווי איבערגעצויגן מיט אַ גרויער, קראַנקער הויט. די שוואַרצע, פאַרהילטע פענצטער האָבן גע־קוקט מיט דער שרעקיקייט פון מגפה און טויט, אַ שטעכיקע קעלט האָט אָנגערירט זיין הויט, ערגעץ פון אַ ווינקל האָבן זיך געהערט דרימלענדיקע שטימען און טויבע טריט.

ברין האָט זיך דערשראָקן פאַר דער קאַלטער פרעמדקייט און האָט זיך שטיל, ווי אַ גנב צוריק אַריינגעשלייכט אין זיין ווינקל שטוב. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפל און זיך צוריק אַוועקגעלייגט אויף דער פאָדלאָגע, ער האָט געציטערט פון דער קעלט, וואָס האָט זיך אַריינגע־קליבן אין זיין אָנטון און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער טאָג וועט קיינמאָל נישט קומען.

ברין האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַזוי ווי אומעטום אין אַלע טעג פון זיין וואַנדערן, האָט אים גענומען פייניקן דאָס שרעק־בילד, אַז די דייטשן זענען אַריינגעקומען אין דער שטאָט. ער האָט זיך געזען אַריינ־געכאַפט אין אַ שטייג, פון וועלכער ער קאָן נישט אַרויס. ער איז געלעגן און די פיין איז געוואָקסן אין אים. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער טיר, ווו די אַלטע סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט באַדאַרפט זיין און אים האָט געשראָקן די שטילקייט פון דאָרט. אפשר האָט זי פאַרלאָזן דאָס הויז און אים געלאָזן אַליין. און מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז פון יענער זייט וואַנט געפינט זיך דאָס מיידל לידאַ פעטראָוונאַ און זי איז איצט פלוצלונג פאַר אים געוואָרן סודותדיק און ווייט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט געזוכט איר האַנט, ווען זיי האָבן זיך אָראָפגעלאָזן פון די טרעפ פון מרים נאַומאָוונאַ, ווען דער ראַדיאָ האָט זיך אָנגערופן, און איר האַנט האָט זיך צו אים נישט אָפגערופן. ער האָט גיך, ווי ער וואָלט גע־וואָלט עפעס ראַטעווען, אַרויסרופן פאַר זיך זייער ערשטע באַגע־געניש, די נאָענטקייט און היימישקייט, וואָס זי האָט אים אַרויסגעוויזן. ער האָט אין געדאַנק אַראָפגענומען פון איר דעם האַרטן זעלנערישן שינעל און צוריק דערזען איר מילד, מיידלש געשטאַלט. אפשר זאָל ער זי רופן, כדי זי נישט צו פאַרלירן אויף אייביק. ער האָט געזען פאַר זיך אירע גרוי־בלויע, וואַרעמע אויגן און די שפילעוודיקייט פון איר געשטאַלט. עס איז מלחמה, מענטשן באַגעגענען זיך. עס איז שווער צו זיין אַליין ווי ער איז, אפשר וועלן זיי גיין צוזאַמען. אים איז געוואָרן באַנג נאָך איר פשוטער גוטסקייט, אים האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז ער פאַרשפילט עפעס. מען וועט פאַרלאָזן די שטאָט, ער איז אַ ייד,

ער מוז גיין ווייטער און ווייטער. ער האָט זיך איינגעהערט אין דער שטיל־קייט פון דעם הויז. עס איז אים איצט אפילו געוואָרן אומהיימלעך צו ליגן דאָ, ביי דער אָפענער טיר, אַ נישט־געשיצטער. זיין האַרץ האָט אויפגעצאַפּלט פאַר דעם אַלעם, וואָס האָט נאָך געקאָנט מיט אים געשען.

ער האָט פיבערהאַפט געוואַרט אויפן באַגינען, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער אין אַ טיפן וואַלד, ווען די ליכט פון טאָג דאַרף ווייזן אַ וועג. ער האָט געוואַרט אויף דער ערשטער באַוועגונג אין דעם פאַרשטומטן הויז און איבער אַלעם האָט געוואַקסט אין אים דער באַגער צו זען נאָך אַמאָל דאָס מיידל לידאַ פעטראָוונאַ.

אפשר וועט לידאַ גיין מיט אים, אַהין, צו דעם הויז פון די יידישע היימלאָזע. אים האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט, אַז לעווין, דער חבר לעווין, זאָל זי זען. ווי ער וואָלט אים דערמיט געוואָלט באַווייזן זיין אייגענע, ברינס ווערט.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך מיט דער גאַנצער שווערקייט און מידקייט פון זיין גוף און זיין געדאַנק איבערגעגעבן דער מידקייט, ווי ער וואָלט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ פּליסיקן לויף אָן אַן אינהאַלט. אים איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז ער געפינט זיך אויף דער לעצטער גרענעץ, פון וואַנען ער קאָן נאָך דערזען זיין היים, און אַלץ וואָס בינדט אים מיט זיין פריערדיק לעבן. איצט קאָן ער פאַרטראָגן ווערן אין אַזאַ ווייט, וואָס האָט נישט געפונען קיין מאָס אין זיין פאַרשטעלונג. ער האָט זיך אין זיין מידן זינען געזעגנט מיט אַלעם, וואָס איז געווען ביז איצט.

זיינע אויגן זענען צוגעפאַלן איבער די אָפּגעריסענע שטיקער פון זיין פריערדיקער וועלט, וואָס האָט זיך געגעפּלט, ווי אונטער אַ געדיכטן שלייער. ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט זיך מיט די לעצטע כוחות אין צעטרייסלטע ראַמען פון זיין פריערדיק לעבן, אָט רייסט ער זיך אָפּ און פאַלט און וועט פאַלן אין אַ נייער, אומבאַקאַנטער טיפעניש.

ווידער האָט זיך גענומען פאַר אים שפינען אַ געמיש און אַ פּלאָנטער פון היימישע ערטער און מענטשן, ווידער האָט ער דערזען דאָס הויז פון זיין היים, די גאַסן פון זיין יוגנט. דער חלומדיקער קנויל האָט זיך אויסגעשפּרייט, זיך צעגאָסן איבער זיין גאַנץ וועזן. ער האָט זיך גענומען וויגן אין אים ווי אַ וואָג־שאָל, דאָס ערגסטע און דאָס בעסטע פון זיין לעבן. עס זענען געווען נאָענטע און ווייטע געשטאַלטן פון די ערשטע קינדער־יאָרן, פון דער פאַרביקער, צעוויגטער וואַרשעווער יידישער גאַס, פון זיין קרייז, פרויען און מענער, וואָס האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן איז

זיין לעבן אין פֿאַרשידענע צייטן פֿון זיין יוגנט, פֿריינד און חברים, שריי־בער און טוער, פֿון פֿאַרשידענער גרוים און שטאַפּל. העלע בליצן פֿון פֿריידיקע איבערלעבונגען און טונקעלע אַנטוישונגען פֿון אַ צענדליק יאָר אין דעם ברויזנדיקן געיעג און זיסע חלומות פֿון רום. דעם טאַטנס גע־וועלבל, אָרעמקייט, געמישט מיט גרויסע, פֿריידיקע בענקשאַפֿט צו דער וועלט און דערגרייכונגען. און ווידער האָט ער דערזען די שוועסטער שרה, די שוואַרצע, אָנגעווייטיקטע יידישע אויגן, וואָס האָבן אים קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט פֿון זייער פֿאַרקלעמטן אומעט. דער אומעט וואָס איז דער לייט־מאָטיוו פֿון זיין שאַפֿונג.

איצט האָט ער דאָס אַליץ געזען באַשלאָגן מיט דעם פֿייערדיקן נעפּל.

מיטאַמאָל זענען די ברעגן פֿון דעם פֿאַרהאָנגענעם פֿענצטער ארומ־געזיימט געוואָרן מיט אַ ווייטלעכער זוים פֿון מאַטער ליכט. ברין האָט דערזען דעם טאָג, וואָס האָט שטיל און נישט דרייסט זיך געגנבעט דורך די שפּאַרעס. ער האָט געוואָלט אויפשטיין און האָט געוואַרט, דאָס הויז זאָל זיך אָפּרופֿן מיט אַ קלאַנג פֿון לעבן און באַלד האָט ער דערהערט דאָס הייזעריקע הודזשען פֿון דעם פּלומפּ אויפֿן הויף, ער האָט געוואַרט אויף דעם באַווייזן זיך פֿון דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. זי וועט קוקן אויף אים מיט אירע קליינע, בלויע, פֿרומע אויגן. עס האָט זיך געוואָלט איר עפּעס זאָגן, געווינען איר צוטרויען, ער וועט איר זאָגן, אַז ער איז נישט קיין פֿרעמדער, אַז ער גלייבט און טרויט דעם גרויסן לאַנד, אַז עס וועלן קומען אַנדערע ליכטיקע טעג.

די צערודערטע נאַכט, מיט דעם הויף, און דעם וויזיט ביי דער יידי־שער פֿרוי מרים גאָלמאָוונאַ, האָט אים איצט אויסגעזען ווי אַ חלום. ער האָט נישט געקאָנט צונויפֿנעמען און אָפּטיילן דאָס וואָרע פֿון דעם חלומ־דיקן, וואָס האָט זיך ווי אַ שיכור געוויגט אין אים. ער איז געווען איבער־געלאָדן פֿון דעם אַלעם, וואָס ער האָט אויפֿגענומען פֿאַר דעם טאָג און דורך דער נאַכט.

ער האָט זיך איצט דערמאָנט אין דעם הויז פֿון די שרייבער, וואָס האָט זיך באַדאַרפֿט געפֿינען אויף איינער פֿון די הויפּט־גאַסן פֿון דער שטאָט, וווּ ער האָט זיך באַדאַרפֿט מעלדן. אין דעם הויז האָט געוווינט מאַקסים גאָרקי, ער האָט פֿאַר זיך אַרויסגעפֿונען דאָס הויז אין אַ שטי־לער גאַס, אַרומגעצוימט מיט ביימער, אַ שטילער ווינקל, וווּ גאָרקי האָט זיך באַהאַפֿטן מיט זיינע זעונגען. אפֿשר וועט לידאַ פּעטראָוונאַ גיין מיט

אים, זי וועט זיך דערוויסן וועגן זיין משפּחהשאַפט מיט דעם הויז, מיט דעם לאַנד, ער וועט איר אַנטפּלעקן זיין וועזן. ער האָט אין פּאַרטראַגנקייט פון דער זייטיקער קעשענע אַרויסגענומען דאָס איינציקע, וואָס ער האָט אויסגעהיטן דורך אַלע זיינע וועגן, דאָס קליינע לעדערנע ביכעלע מיט די גאָלדענע שריפט, וואָס האָט אים געבונדן מיט דעם לאַנד און מיט די מענטשן. ער האָט געקוקט אין דעם קליינעם ביכעלע, וואָס האָט אים אַ פּאַריאָגטן פון זיין היים וואַנדערער, אַ געטריבענעם פון טויט־שונאים, צו־ריקגעגעבן זיין ווערט. מיטאַמאָל האָט ער דערזען די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. זי איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון איר צימער ווי שטענ־דיק מיט פאַרהויבענע הענט, ווי צום געבעט. איר פּנים איז געווען בלייך אין דעם טונקל פון דעם ווינקל:

— אפשר האָסטו זיך „געמאָליעט"... — האָט זי שטיל געזאָגט — איז דאָך דיר פינצטער...

ברין האָט זיך אויפגעהויבן. ער האָט ערשט איצט דערזען, אַז ער האָט אפילו די שיך נישט אויסגעטאָן.

— אַזוי ביסטו געשלאָפן... אין אַלעמען... דו וועסט דאָך נישט קאָ־נען גיין אויף די פיס...

זי האָט פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט:

— מען לאָזט אונדז נישט לעבן... ווי די מענטשן... אָ, „האָספּאָדי"...

ברין איז צוגעגאַנגען צו איר, ער האָט איר דערלאַנגט דאָס ביכעלע און געזאָגט:

— איך וואָלט געוואָלט... איר זאָלט זען... איר זאָלט וויסן ווער איך בין... טאָמער דאַרף מען זיך צעשיידן...

זי האָט גענומען דאָס ביכל, עס באַקוקט:

— וואַרט, טייערינקער...

זי האָט אַ שפּאַן געטאָן צו זיך אין צימער און צוריקגעקומען מיט די ברילן. זי האָט לאַנג געקוקט דורך די ברילן, אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים. זי האָט פאַרהויבן דעם פאָרהאַנג פונעם פענצטער. זי האָט אַלץ געקוקט אין דעם קליינעם ביכעלע, אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט וואַרעמקייט און זי האָט שטיל געזאָגט:

— ביי אונדז איז דאָס אַ גרויסער כבוד... און פאַר מיר אויך...

און זי האָט מיט אַ גרויסער איידלקייט פאַמעלעך אַריינגעלייגט דאָס ביכל אין זיין האַנט.

נאָך דער נאַכט האָט זיך דער נייער טאָג מיט אַ מאָדנער לאַנגזאַמקייט און קאַרגשאַפט פון ליכט, אויסגעשיילט הינטערן פענצטער. די נעפּלדיקע טריבקייט איז ווי געבליבן שטיין צוזאַמען מיט דער צייט. אָבער אין דער גרויער פאַרגליווערטקייט האָט זיך געפילט דאָס ריזלען פון אַ גרויסן אומרו, ווי ערגעץ נישט ווייט וואָלט זיך געטרייסלט די ערד.

ברין האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאָס ווינקל שטוב און אויך די שטאָט, כאָטש איצט, אין טריבן ליכט, האָט אים גאָרנישט געשטערט צונויפצונעמען זיינע געדאַנקען, אַזוי ווי זיין קאַרגע וואַנדער־באַלעבאַטישקייט, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין זעקל. יעדער קליינער קעגנשטאַנד, וואָס האָט זיך אין דעם זעקל געפונען, איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טאָג, מיט אַ שעה, מיט אַ מינוט, אין וועלכער עס האָט זיך געוויגט זיין הפקרער גורל. צי איז דאָס געווען אַ פּאַפּירל, צי איז דאָס געווען אַ בענדל אָדער אַ העמד, אַ שטיקל ברויט אָדער אַ שטיקל צוקער — אַלץ איז איצט אויסגעוואַקסן צו אַן עיקר־דיקער וואָג. יעדע פון די זאַכן איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אָרט, מיט אַ מענטש, אַ גוטן אָדער אַ שלעכטן, און יעדער פון די צופאַלן האָט געקאָנט אים, ברינגען, מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין געפיל, מיט זיין גלויבן אַוועקטראָגן ווי אַ בלעטל, וואָס רייסט זיך־אָפּ פון עם בוים.

איצט, ווען ברין האָט אויסגעפּרוווט דעם כוח פון דעם קליינעם ביכעלע אויף דער אַלטער סטעפּאַנידע איוואַנאָוונאַ, און וועלכער ברין האָט געזען די פאַרקערפּערונג פון אַלעם גוטן אין דעם לאַנד, איז ער געווען איבערגעפולט מיט אַ נייעם גלויבן אין דעם ווערט פון זיין אַמפּערן זיך פאַרן לעבן, ווי ווייט און שווער עס זאָל נישט זיין דאָס ווייטערע וואַנדערן. ער האָט דערזען פאַר זיך נייע וועגן און נייע מענטשן. געשעענישן, פאַר וועלכע ער האָט איצט געפונען אין זיך אַן אָרט אויפצונעמען און ווי אין זיין וואַנדער־זעקל, אַזוי איז אויך אין זיין גאַנץ וועזן אַריינגעטרעטן אַן אָרדענונג.

עס האָבן זיך איצט דערמאָנט פיל זאַכן, צו וועלכע ער איז געווען צוגעבונדן דורך אַלע יאָרן פון זיין יוגנט, די פאַרשריבענע זיידלעך פּאַפּיר, וועלכע ער האָט, דורך פיל טעג און נעכט, פון זיך אַרויסגעבראַכט. דאָס אַלץ איז פאַרבליבן דאָרט, פון וואַנען עס האָט איצט געקוקט נאָך־

דער טויט. דאָס אַלץ האָט אָבער איצט אויפגעלויכטן אין אים מיט אַ ניי לעבן, נאָך העלער און פולער ווי פריער.

איבער אַלע זיינע דערוואַרטונגען, אין דעם אינדערפרי, נאָך דער נאַכט, נאָך די אַלע שווערע ידיעות, וואָס האָבן זיך אָנגעטראָגן און אויפגעברויזט דעם הויף מיט דעם פיבער פון מלחמה, איז איצט געלעגן אַ געשפאַנטע רואיקייט. אויך די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ איז רואיקער און לייכטער געווען ווי שטענדיק.

זי האָט עפּעס אין דער טונקלקייט פון איר שטוב געטאָן אַ גרינטלעכע אַרבעט, וואָס האָט זיך צו ברינגען דערטראָגן מיט געדעמפּטע קלאַנגען. ער האָט כסדר געהערט אירע געמאָסטענע, שווערע און לאַנגזאַמע טריט. עס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט עפּעס געגרייט אַ וויזנטלעכע און עיקרדיקע זאַך. פון צייט צו צייט איז זי שטיין געבליבן אויף דער שוועל, און האָט מיט איר קוים-שמייכל, וואָס האָט אַרויסגעשלומערט פון אירע יוגנטלעכע ציין, נאָך אַלץ געוואָלט ווי באַשטעטיקן איר צוטרוי און גוטסקייט פאַר אים.

זי איז איצט געווען אָנגעטאָן אין אַן אַלטרוסישן, קאָלירטן שפּענצער, אַן אויסגעהאָפטענעם מיט אַלטע, ביזאַנטישע קאָלירן. זי האָט געטראָגן אַ ווייס, זיידן טיכל אויפן קאָפּ, ווי עס האָבן געטראָגן די טאַטאַרישע פרויען. אין איר קליידונג איז געלעגן אויך עפּעס אַ הויכער חשבון און אַ פייערלעכער איבערגאַנג צו אַ נייעם וועג. ברין האָט דערפילט, אַז אַזוי ווי ער פילט איצט עפּעס אַ גרענעץ פון אַ רעכטפאַרטיקונג, אַזוי האָט אים אויסגעזען די אַלטע פרוי, און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ שרעק פאַר דער נאָענטקייט פון זייער גורל.

ווי די אַלטע רוסישע פרוי וואָלט געוווסט זיינע געדאַנקען, האָט זי זיך מיטאַמאָל פאַרהאַלטן אויף דער שוועל, אירע קליינע, קינדערישע אויגן זענען געווען געווענדעט צו עפּעס אַ הויכקייט, און זי האָט פייערלעך און שטיל געזאָגט:

— אָט, טייערינקער... קוקסט אויף מיר, אַז אַלטע... וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט יום-טובדיק... אין אַזאַ טאָג... מיר אַלטע... רוסישע, מיר זענען אַנדערע... ווען עס קומט אַ שווערע צייט... דאַרף מען זיין גרייט... אויף דעם סאַמע ערגסטן... אָט, אפילו אויפצונעמען דעם סאַמע טויט... אָט קוק איך מיך היינט איבער מיין לעבן... איך בין שוין אַלט... אַ סך געזען... פאַרשידענע צייטן... געפין זאַכן פון אַמאָל... אַנדערש געלעבט, אַנדערש זיך געקליידט... ווילט זיך אַלץ דערמאָנען... נאָכאַמאָל...

ברין האָט געקוקט אויף איר, אויף דעם גרויסן כוח, וואָס האָט גע־שלאָגן פון איר, און ער האָט זיך דערמאָנט זיין יידישע גאַס, זיינע איינגע־גע, נאָענטע, פאַרשראָקענע און באַרויבטע, אָן שוץ פאַרמשפּטע...

— סטעפּאַנידאַ איוואַנאָווּנאַ... — האָט ער געזאָגט — איר וועט דאָך נישט אַוועקגיין פון אייער הויז... פון אייער שטוב... אפילו ווען עס זאָל אַזוי געשען... אַז דער שונא זאָל זיך אַריינרייסן...

— גיין טייערינקער... אַרויסגיין פון מיין שטוב וועל איך נישט... אפשר נאָר ווען דער שונא וועט מיך אומברענגען... וואָס עס וועט געשען... איך בין אַ רוסישע... קיין שונאים האַלטן זיך ביי אונדז נישט לאַנג... אָט האָבן מיר אַמאָל... דאָס סאַמע האַרץ... מאָסקווע... די „וויים־שטיינערנע" פאַרברענט... אָבער נישט אויף לאַנג...

זי האָט אויפגעהויבן איר בליק צו דער מוטנער גרויקייט פונעם פענצטער און מיט דער זעלבער שטילער פייערלעכקייט, ווי צו זיך אַליין, גערעדט:

— אויב דער שונא וועט קומען... אויב מען וועט דאַרפן שטאַרבן... וועל איך... אין מיינע רוסישע... יום־טובדיקע קליידער...

די נישט־באַקאַנטע קראַפט, וואָס איז געגאַנגען פון דער רוסישער פרוי, האָט אויף אַ מינוט זי פרעמד און וויט געמאַכט, אָבער באַלד האָבן זיך אירע אויגן אָנגעגאָסן מיט דער האַרציקער וואַרעמקייט, ווען זי האָט געזאָגט:

— וווהין־זשע וועסטו איצט גיין... אָרעמענקער... מיט וואָס קאָן איך דיר העלפן... דאָ, ביי אונדז אין שטאָט... ביסטו נישט זיכער... ווען דער שונא רייסט זיך אין מאָסקווע, איז אונדזער שטאָט אין געפאַר... כ'האָב אפילו נאָך קיין ביסל וואַרעמס נישט געמאַכט... די הענט לייגן זיך נישט...

ברין האָט איר געוואָלט אַ סך זאָגן, וועגן דעם שונא, וועגן דער גע־פאַר פאַר יעדן, וואָס פאַלט אַריין אין זיינע הענט, אָבער ער האָט נאָר געזאָגט:

— איך וועל גיין... באַלעבאָסטעלע... מיין וועג... ווייטער... איך וועל העלפן מיט וואָס איך וועל קאָנען...

זי האָט אויף אים אַ גיכן קוק געטאָן:

— דיין וועג איז נאָך אַ שווערער...

זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. אירע ליפּן האָבן אַ צאַפּל געטאָן, ווען זי האָט שטיל געזאָגט:

— דיינע וואַנדערן שוין... טויזנטער יאָרן...

— איר ווייסט... פון יידן?...

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן, טייערינקער... אַן אַלטע בין איך... די ביבל ווייסט פון אַלעם...

אירע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט. זי האָט זיי אַ וויש געטאָן:

— איך האָב אַליין אַמאָל יידישע פריינד געהאַט... אַ חברטע אַ האַר־ציקע... פאַר דער רעוואָלוציע... שיינע מענטשן געווען... אסיא האָט זי געהייסן... אַ „קראַסאַוויצע", ווי פון דער ביבליא... אַן איידעלע... צוזאַמען געלערנט... דערנאָך געקומען די רעוואָלוציע... זיך פאַרלוירן... היינט זענען אויך דאָ אייערע... אָבער די צייטן זענען אַנדערע...

אין דער מינוט האָבן זיך דערהערט האַסטיקע טריט איבערן קאָרי־דאָר. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן לידא פעטראָוונאַ. דאָס מיידל האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צוריק, אָבער די אַלטע האָט זי אַ רוף געטאָן:

— קום אַריין... לידאָטשקאַ...

ברין האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרלוירן. ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי זיך מיט איר צו פאַרהאַלטן. אָבער לידא איז געווען אויפגעברויזט, זי איז געווען אָנגעטאָן אינעם זעלבן שינעל מיט די שטיוול, ווי נעכטן, נאָר אויפן אַרבל פונעם שינעל האָט זי איצט געהאַט אַ ווייסן, ברייטן באַנד מיט אַ רויטן קרייץ, און אויפן היטל האָט זי געהאַט אַ רויטן שטערן. זי האָט אַ שפּאַן געטאָן מיט אַ מיליטערישן שריט, צוגעלייגט אַ האַנט צום היטל, און פייערלעך אויסגערופן:

— כ'האָב דעם כבוד צו מעלדן... מיליטערישע קראַנקן־שוועסטער ביים פראָנט... פונעם רויטן קרייץ... לידא פעטראָוונא... רומשקאָוואַ...

אירע אויגן האָבן געלויכטן, זי איז צוגעגאַנגען צו ברינען, און אויך אים ראַפּאָרטירט. זי האָט פאַרצויגן דעם רימען אַרום דער טאַליע און עס האָט אַ שפּיל געטאָן די געפּאָרמטקייט פון איר געבוי.

סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט ערנסט געקוקט אויף איר. דאָס מיידל האָט זיך ווי פאַרלוירן אונטער איר בליק. די אַלטע האָט שטיל געזאָגט:

— דאָס איז אונדזער שכנטע... לידאָטשקאַ... לידא פעטראָוונא...

— מיר זענען באַקאַנט... — האָט לידא פשוט געענטפערט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ברינען און שטיל צוגעגעבן:

— איך האָב זיי געכאַפּט... אין „אַמשטערדער"... אין מאַגאַזין... געהאָלפֿן...

די אַלטע האָט מיט אַ שמייכל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַ מינוט איז שטיל געווען.

.21

אַ פֿלוצלונגער אומרו האָט אַרומגענומען ברינען. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט פֿאַרשפּעטיקט, זיך אָפּגעריסן פֿון דעם איינציקן אַנהאַלט און פֿאַרבליבן אַליין, פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַ געניץ פֿון געפֿאַר, אַז ער וועט שוין קיינעם נישט געפֿינען אין דעם הויז פֿון די יידישע היימלאָזע, וואָס זענען אין דער נאַכט ערגעץ ווייטער געלאָפֿן און אים געלאָזן אין אַ ים פֿון פֿרעמדקייט, אָן אַ וועג. עס האָט זיך אויף אים אַ לייג געטאָן אַ פּיין, וואָס איז אים אַזוי באַקאַנט געווען זייט זיין וואַנדערן.

ווי יעדער ייד צווישן נישט-יידן, האָט אים פֿלוצלונג אַרומגענומען אַ קלעם פֿון פֿאַרלוירנקייט און שטעכיקן חשד, אַז באַלד וועט מיט אים געשען עפּעס שרעקלעכס.

ער איז געשטאַנען אין דעם גרויען ליכט פֿונעם טאָג, וואָס האָט זיך געשטעלט מיט די געוויינלעכע קלאַנגען פֿון דעם אויפֿגעוועקטן קאָרידאָר און דעם לאַנגן הויף, וואָס האָט אויפֿגעוואַכט צום לעבן, ווי דורך דער נאַכט וואָלט גאָרנישט געשען; אָבער יעדער קלאַנג, וואָס האָט זיך אָנגעטראָגן, האָט פֿאַר ברינען איצט אויסגעזען דראָענד און געפֿערלעך.

ער איז געשטאַנען גרייט צו גיין. אָבער אין דער מינוט האָט אויסגעזען ווילד צו פֿאַרלאָזן די שטוב. ברינען איז איצט קלאָר געוואָרן, אַז דאָס מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ איז אַריינגעקומען אַהער צוליב אים. דאָס האָט ער געזען אין די אויגן פֿון דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, אין וועלכער ער האָט אונטערגעכאַפּט אַ שפּילנדיקן בליק, ווו עס איז געווען ווי אַ פֿאַרנאַשטע נייגעריקייט, ווען זי האָט געפֿרעגט וועגן זייער באַקאַנטשאַפֿט פֿון פֿריער.

לידאַ פּעטראָוונאַ האָט נאָך אַלץ רעשיק געאָטעמט, ווי נאָך אַ לאַנגן לויפֿן. עס האָט זיך געפֿילט, אַז זי איז אָנגעפֿילט מיט אומרואיקע נייעסן. זי האָט אַלץ נישט אויפֿגעהערט זיך צו פֿרייען מיט איר דערגרייכטער לאַגע פֿון אַ פֿראַנט-שוועסטער. זי האָט אַראָפּגענומען דאָס זעלנערישע היטל מיט דעם שטערן און טיף געאָטעמט, ווי זי וואָלט עס ביי וועמען

אַרויסגעריסן נאָך אַ לאַנגער אַמפּערניש. זי האָט אַלץ דערציילט ווי אַזוי דאָס איז געשען:

— איך האָב געמאַכט אַ סקאַנדאַל... דעם סאַמע פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט... וואָס ווילט איר... האָב איך געזאָגט... איך זאָל דאָ זיצן און וואַרטן אויף די דייטשן... און ווער ווייסט אַרומגיין אַרום אונדזערע פאַר־ווונדעטע זעלנער?... איך וועל נישט מער וואַרטן... פון דאַנען וועל איך אַוועקגיין... נאָר ווי אַ קראַנקן־שוועסטער... אויפן פראָנט... איך האָב גע־וויזן מיינע פּאַפּירן... אַז איך האָב געענדיקט דעם קורס... מיר זענען דאָרט געווען אַ סך... אין איין שעה האָב איך אַלץ פאַרזאָרגט... מאָרגן וועלן מיר שוין וויסן... וווּהין מען שיקט אונדז...

זי האָט מיטאַמאָל איבערגעריסן:

— איצט... איז נאָר שלעכט... וואָס וועט זיין מיט דער מאַמען...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ מיט גרויסע, וואַרעמע אויגן:

— וואָס וועט זיין מיט מיין מאַמען... דער אָרעמער... ווען אונדזע־רע וועלן פאַרלאָזן די שטאָט...

סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט פּלוצלונג מיט אַ האַרטער שטרענגער שטים געזאָגט:

— נו, וואָס... די מאַמע... זי איז דאָך נישט קיין פרעמדע.. זי איז דאָך מיט אונדז... אויב עס איז באַשערט... וועלן מיר דאָך דאָ... צוזאַ־מען...

ברין האָט אויסגענוצט די מינוט פון שווייגן און האָט שטיל גע־פרעגט:

— וואָס האָט איר געהערט... אין שטאָט... נייעס...

— די נייעס איז נישט קיין גוטע... דער שונא קלייבט זיך... אַרום מאָסקווע... און מיר... דאָ... זענען אויפן וועג... אונדזער סאַניטאַרער צוג... קאָן אָפּפאָרן יעדע מינוט.. איך מוז זיין גרייט... אַ סך זאַוואָדן, „אומשרעזשדיעניעס", פאַרלאָזן די שטאָט... אך... מיט וויפל חברים און חברטעס... איך האָב מיך שוין היינט געזעגנט, אָבער קיינער האָט נישט געוויינט... אַלע זענען זיכער... אַז גיך, גיך... גאָר גיך וועלן מיר ווידער צוריקקומען... איצט גייט אַלץ... נאָר צו פאַרהאַלטן מאָסקווע...

די אַלטע האָט שטרענג געקוקט אויף דעם מיידל, ווען זי האָט גע־רעדט, און ווען זי האָט געזאָגט „מאָסקווא", האָט זיך דער אַלטערס האַנט ווי אַליין אויפגעהויבן און איבערגעצלמט דאָס פּנים זי האָט זיך דערביי

אַ וויג געטאָן ווי זי וואָלט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט. מיטאַמאָל האָט זי אויפגעהויבן אירע קליינע קינדערישע אויגן אויף ברינען:

— און דו... ווהין קלערסטו...

ברין האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— יאָ... פאַר מיר איז אויך שוין צייט... איך וועל גיין צום „סאָיוז" פון די שרייבער... ווו מען וועט הייסן... דאָ זענען נאָך אַנדערע דאָ... מיט זיי צוזאַמען...

דאָס מיידל האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, ווי זי וואָלט עפּעס געפרעגט:

— צו די... שרייבער...

די אַלטע האָט זיך אָנגערופן:

— ריכטיק... יעדער מוז דאָך מיט וועמען גיין... לידאָטשקאַ... די ווייסט דען נישט וואָס פאַר אַ מענטש אונדזער שכן איז... אַ ווערטפולער מענטש... אפשר ווייסטו נישט... וואָלסט באַדאַרפט ווּיסן... וואָלסט אפשר אַנדערש...

דאָס מיידל האָט געקוקט אויף ברינען מיט גרויסע אויגן פון פאַרוווּנדערונג:

— דער „סאָיוז" פון די שרייבער... איך בין דאָרט אַמאָל געווען אויף אַן אָוונט... דאָרט איז דער מוזיי פון מאַקסים גאָרקי... איך בין געווען מיט דער שולע...

די אַלטע האָט מיט אַ מיידלשער שעמעוודיקייט, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן אָנגעהויבן:

— ווייסטו, לידאָטשקאַ... וועמען מיר האָבן דאָ... ביי אונדז... דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער מענטש... דאָס איז אַ שרייבער... אַ „פּיסאַטיעל"... דו דאַרפסט אים שעצן... מיר דאַרפן אַלע זיך רעכענען פאַר אַ כבוד... ער האָט מיר געוויזן זיין דאָקומענט. אַ שרייבער אויף זיין שפּראַך... פאַר זיינע...

לידא האָט אַלץ געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, די אַלטע האָט שטיל געזאָגט:

— אַנו... ווייזט איר... זאָל זי זען אייער ביכעלע... אייער דאָקומענט... זאָל זי זען מיט וועמען מיר האָבן דעם כבוד...

— ווייזט... — האָט דאָס מיידל אויסגעשריגן און אירע העלע אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

נאָך דער לעצטער מעלדונג פון דעם ראַדיאָ איז די שטאָט אויף דער וואָלגא ווי אַ טייך אַרויס פון די ברעגן. עס איז געווען קלאָר, אַז צוליב דער אַלטער שטאָט וועלן קיין שלאַכטן דאָ נישט פאָרקומען. עס האָט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן דער הויפּט-שטאָט מאָסקווע, און די שטאָט אויף דער וואָלגא, וואָס איז געלעגן אין אַ זייט, האָט איצט נישט געהאַט קיין גרויסן באַדייט, און האָט זיך געגרייט יעדע מינוט צום ערגסטן. איצט איז געגאַנגען די גרויסע אייליקע אַרבעט פון אַרויספירן אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ ווערט, און אין דער טונקעלער, אינדערפריאיקער שעה זענען אַלע טירן און טויערן אָפן געווען, ווי פון אַלע שטובן וואָלט געוואָרן איין שטוב.

אַ שווער געקלימפּער און אַן ענגשאַפט פון אָנגעלאַדעוועטע מיליטע-רישע קאַמיאָנען, שווערע רעדער פון קאַנאָנען און טאַנקען האָבן ווי גע-דונערט און געטרייסלט די ערד. פון דער מינוט, וואָס דאָס מיידל לידא פעטראָוונא האָט געזען דאָס קליינע ביכעלע פונעם שרייבער-פאַרבאַנד, האָט זי פון ברינען נישט אַראָפּגענומען אירע לייכטנדיקע בליקן, און פון דער מינוט אָן איז דער קאָרידאָר מיט אַלע טירן געוואָרן פאַר איר אָפן און היימיש. די רוסישע ווייבער, וואָס האָבן איצט, אַזוי ווי סטעפאַנידאַ איוואַנאָוונאַ, אויך עפּעס כסדר געגרייט, געעפנט אַלטע פּעק און שראַנ-קען, קאַמאָדעס און קאַסטנס מיט ריחות פון אַמאָליקע צייטן, האָבן איצט אויף ברינען געקוקט מיט אַ נייער האַרציקער היימישקייט און אים גערופן: „פּיסאַטיעל“.

זיי האָבן געגרייט זייערע זין און טעכטער צום צעשיידן. מען האָט גענייט און געלאַטעט וואַרעמע קליידער, געלאַטעט שטיוול און וואַליקעס, זיך געזעגנט מיט שטילע ווערטער, קורץ געוויינט און זיך געצלמט.

ברין האָט געזען די גרויסע רו און גרייטקייט פון דעם פאָלק, וואָס האָט אים אַזוי דערמאָנט אין די אַלטע היסטאָרישע געשעענישן אין דעם לאַנד פון גרויסע סמוטעס, מלחמות און זיג.

ברין האָט שוין איצט געקאָנט דעם אַלטן אויסגעריבענעם קאָרידאָר, אין וועלכן עס האָט זיך אייגעגעסן אַן אַלט, באַזעסן לעבן. די אַלע מענ-טשן, וואָס ער האָט געהערט דורך דער טיר, די ווייבער, קינדער און מע-נער, וואָס האָבן אים אַזוי פרעמד און דראָענד אויסגעזען, זענען שוין איצט פאַר אים געווען נאָענטע און גוטע מענטשן, ער איז איצט געווען אַרומגערינגלט פון די שכנים. פרויען, מענער און קינדער, וואָס האָבן גע-

הערט וואָס ער דערציילט פון זיין היים, און זייערע גוטמוטיקע בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן פון מיטלייד און געפיל.

די זעלבע צעפּאַטלטע, פאַראַרבעטע ווייבער האָבן אים פון אַלע זייטן געטראָגן הייסע טיי, און אייגע, פאַר וועלכער ברין האָט דורכגייענדיק שטענדיק געפילט אַן אומהיימלעכקייט, ווי זי וואָלט אים געשטאָכן מיט אירע אָנגעווייטיקטע, גרינלעכע אויגן, האָט אים איצט ארויסגעטראָגן אַ טעצעלע „וואַרעניע", געטרייסט אים אַז ווען איר מאַן וועט צוריקקומען פון דער מלחמה, זאָל ער, ברין, ווידער קומען צו גאַסט.

לידא פּעטראָווגא האָט אין אַ זייט דערציילט ברינען, אַז די שכנטע הייסט קאָנדראַטיעווגא, און איר מאַן, אויף וועלכן זי וואַרט, איז נאָך אין סאַמע אָנהייב פון דער מלחמה אומגעקומען ערגעץ ביי די פּוילישע גרע־נעצן און כאָטש אַלע ווייסן דערפון, גלויבט נישט די קאָנדראַטיעווגא, אַז איר מאַן „קאָלימשקאַ" לעבט נישט, און זי וואַרט אַלץ אויף זיין קומען.

ברין האָט אַריינגעקוקט אין די אָפענע טירן פון די שטובן אין דעם לאַנגן קאָרידאָר, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעקלאַפּט דער שטרענגער ריח פון אַן אייביק, באַזעסן לעבן. און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט זיך פאַרלייענט אין אַן אַלט בוך, אין דער געשיכטע פון דעם גרויסן און אייביקן פאָלק, וואָס קיין שום שונא קאָן נישט אויסוואָרצלען פון דער ריזיקער, אומענדלעכער ערד.

## .22

אין דעם טונקעלן, גרויען פרימאָרגן איז ברין געווען דער אייגציקער מאַנצביל אין דעם קאָרידאָר. אַרום האָט זיך די שטאָט געוויגט מיט דער צעוויגטקייט פון אַן אויפגערודערטער נעסט, וואָס איז ברינען געווען אַזוי באַקאַנט. ער האָט געוווסט, אַז ער דאַרף אַוועקגיין ווייט פון דאַנען און אַז די וועגן פאַר אים זענען ווייטע און אומבאַקאַנטע.

אין די לעצטע שעהן האָט ער געוואָלט אין זיך אַריינגעמען אַלץ מער פון דער שטאָט און פון די מענטשן, וואָס זענען פאַר אים געווען שוין די לעצטע גרענעץ פון זיין לעבן ביז איצט. ער האָט איצט געמאָסטן אַלץ מיט דעם שטח, מיט וועלכן ער האָט זיך דערווייטערט פון זיין היים, און ווי ער וואָלט אָפּגעלאָזט די הענט פון דעם לעצטן אָנהאַלט, האָט ער זיך געטראָגן אין דער ווייט, ווי מיט פאַרמאַכטע אויגן, מיט דעם איינעם וואָכנדיקן אינסטינקט נישט צו זעען קיין דייטשן. ביי יעדער גע־

פאַר, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין וועג, האָט ער געפונען נאָר איין טרייסט, אַז ער איז נישט ביי די דייטשן, אַז ער הערט נישט זייער געשריי, פון וועלכן עס איז אים פאַרבליבן ווי דער ברי פון פייפנדיקע בייטשן איבער דער הויט.

די שטיק וועלט פון זיין לעבן, וואָס ברין האָט פאַרלאָזן, האָט ער אין זיין זינען געזען ווי אַ פאַרברענטע ערד, וואָס ער דאַרף אויסמיידן, גלייך ווי קיין אַנדערע געפאַרן וואָלטן אויף דער וועלט פאַר אים נישט געווען. און נאָר אין קאָשמאַרנע זעונגען, וואָס האָבן זיך אָפט אין זיינע מידע, פאַרטראָגענע חלומות אַריינגעריסן, האָט זיך איבערגעחזרט די שטענדיקע אימהדיקע און בריענדיקע פיין, ווען ער האָט זיך געטראָגן אין אַ קרייז פאַרשפאַרט מיט די דייטשן, פון וועלכן ער האָט נישט געפונען קיין אויסגאַנג.

ברין האָט געוווסט, אַז ער דאַרף איילן, כאָטש פון דער נאַכטיקער בהלה זענען נישט פאַרבליבן קיין סמנים אין דעם הויף. עס איז אפילו געלעגן אַ רו ווי די מענטשן וואָלטן ערגעץ זיך געזאַמלט צו אַ גרויסער אַרבעט. די שטאָט האָט נישט געהאַט קיין בולטע סימנים פונעם שונאס אָנגריף, וואָס האָט זיך אָבער צו יעדער מינוט געקאָנט אָנטראָגן, און ברין איז געווען גרייט צו יעדן גאַנג.

די שטאָט אויף דער וואָלגאַ איז געווען די לעצטע, וואָס האָט אים נאָך פאַרבונדן מיט די וועגן, וועלכע האָבן דערפירט צו זיין וועלט. פון דאַנען האָט ברין געדאַרפט אַוועקגעטראָגן ווערן אין אומבאַקאַנטע ווייטן, וועגן וועלכע ער האָט נישט געהאַט קיין פאָרשטעלונג, ווי אַ מענטש זעט נישט די וועלט ,אין וועלכער ער איז מער נישטאָ. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, און די שווערע, דריקנדיקע דערוואַרטונגען פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָבן זיך אויפגעלעזט. עס האָט אפילו אויפגעלויכטן אַ קילע, הויכע ליכט מיט בלייכע פלעקן פון אַ זון, וואָס האָט זיך געריסן פון דרויסן. דורך דעם קליינעם פענצטערל אינעם קאָרידאָר האָט זיך געזען די ווייטע, נעפלדיקע פאַנאָראַמע פון דער וואָלגאַ, וואָס איז געלעגן אַ פאַרטראַכטע אין דעם בלייכן ליכט. די ווייטקייט האָט געלאָקט מיט רו און פרידן. זי האָט גערופן, און ברין איז גרייט געווען צו גיין. דאָס וואַנדער־זעקל איז געהאָנגען אויף זיין אַקסל. דאָס זעקל איז איצט באַדייטנדיק שווערער געוואָרן פון קליינע, נויטיקע מתנות, וואָס די אַלטע סטעפאַנידאַ האָט אים געגעבן. דאָס איז געווען אַ טעפּעלע אויף טיי, אַ בלעכן לעפעלע פון איר באַלעבאַטישקייט. איז ער געשטאַנען אין דעם

קאָרידאָר מיט אַן אויפגערודערט האַרץ, ווי ער וואָלט באַדאַרפט אַרויסגיין פון אַן אייגענער שטוב. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון די פרויען, שכנות אינעם קאָרידאָר און האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגעפילט מיט די ריחות פון די היימיש-געוואָרענע אַלטע רוסישע שטובן, וואָס האָבן זיך פאַר אים געעפנט. ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז וואָס מער ער וועט אין זיך אַריינזאַפּן די קרעפטיקע לעבנס-ריחות, אַלץ מער געשיצטער וועט ער זיין פאַר די דייטשן.

ער איז איצט געווען דער איינציקער מאַנצפּאַרשוין אין דעם קאָרידאָר, אַ וויטער, אַן אומבאַקאַנטער, פון אַן אַנדער לאַגער, וואָס האָט געזען דעם שונא און איז געקומען אַהער נאָך שוץ. אויך דער צויבער פון דעם קליינעם ביכעלע, וועגן וועלכן מען האָט זיך דאָ איבערגעגעבן מיט שטילע ווערטער, האָבן אים מיטאַמאָל אויפגעהויבן. פון יעדער שטוב האָבן אויף אים געקוקט אַ פּאָר אויגן מיט נייגיר און פריינדשאַפט.

מיטאַמאָל האָט זיך פאַר ברינען געעפנט אַ טיר און אין דעם בלייכן ליכט פון די פענצטער, האָט ברין פאַר אַלעם דערזען דאָס מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ. זי איז איצט געווען אָנגעטאָן אין אַ גרינגער רוסישער „רובאַשקאַ“, פאַרקנעפּלט אויפן האַלדז. אירע האָר זענען געווען הויך פאַרקעמט אויף איר קלאָרן שטערן און האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין גאָלדיקע לאָקן איבער אירע שמאָלע, מיידלשע אַקסלען. די סאָלדאַטישע יינגלשקייט איז מיטאַמאָל אַראָפּ פון איר, און ברין האָט צוריק דערזען דאָס שלאַנקע, בויגיקע מיידל מיט די הויכע בריסטן, ווי צום ערשטן מאָל, אין דעם טונקעלן קאָרידאָר:

— קומט אַריין צו אונדז... — האָט זי אים אַ פיר געטאָן — באַקענט זיך... דאָס איז מיין מאַמאַ.

ברין האָט אַריינגעשפּאַנט אין אַ גרויסער, ברייטער, נידעריקער שטוב מיט טיפע ווינקלען, פאַרשטעלטע מיט טישלעך און שענקלעך, פאַרדראַפּירטע מיט פאַרשידנפאַרביקע פאָרהאַנגלעך. צוויי פענצטער זענען געדיכט באַשטעלט געווען מיט אַלטע, גרויסע בלומען-טעפּ, און אין דעם ליכט פון דעם פענצטער האָט געצאַפּלט אַ קאָלירטער פויגל אין אַ שטייג.

אַ טיר, פאַרשטעלט פון אַ פאָרהאַנג, האָט געפירט אין אַ צווייטן צימער. דאָרט איז געווען טונקל און שאָטנדיק, און פון הינטער דעם פאָרהאַנג האָט זיך באַוויזן אַ הויכע, בלייכע פרוי. מיט לאַנגזאַמע טריט,

אַנגעשפּאַרט אין אַ שטעקן, האָט זי זיך קוים באַוועגט, שלעפּנדיק אַ פוס. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַן אַלטער, ווייכער, אויסגעזעסענער שטול, און מיט אַ שמייכל, וואָס האָט זיך דורכגעריסן פון איר אַנגעווייטיקטן בליק, האָט זי געקוקט אויף ברינען.

די טיר אין קאָרידאָר איז געבליבן אָפן.

די פרוי איז געווען הויך געוואַקסן, אַ העלע, ווי אַ דורכזיכטיקע, מיט אַ ליכטיקן, איידעלן שטערן. זי איז געווען ענלעך צו לידאַן. אירע אויגן זענען געווען בלויע און האָבן געקוקט מיט אַן אַנגעווייטיקטן בליק פון מענטשן, באַשווערטע פון אַ שטענדיקן קוועל. זי האָט ברינען דער־לאַנגט אַ קילע, קרעפּטיקע האַנט פון הינטער אַ ברייטער רוסישער קאָ־לירטער טוך, אין וועלכער זי איז געווען איינגעהילט. איר שטים איז געווען אַ טונקעלע, אַ טיפע, ווי זי וואָלט געזונגען:

— זיצט... מיין טאָכטער האָט מיר דערציילט וועגן אייך... איר האָט אַזויפיל געליטן. וואָס וועט זיין מיט אונדז אַלע... גאָט... ווי שרעק־לעך דאָס איז .. ביי אונדז איז ביז איצט געווען שטיל... ווער ווייסט... איך האָב געהערט, אַז איר זענט אַ שרייבער... אפשר ווייסט איר... ווען וועט זיך דאָס ענדיקן...

און צוויי שווערע טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אַנגעווייטיקטע אויגן. הינטער דער אָפענער טיר אין קאָרידאָר איז געווען פול מיט שכנים־פרויען, וואָס האָבן געגרייט דעם טאָג פון ווייטערן לעבן. עס האָבן גערוישט די „פּרימוס"־קעכלעך, מען האָט געהערט דאָס הייזעריקע סי־קען פונעם פּלומפּ אויפן הויף, און ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט עפּעס אויפפּלאַצן, צעשפּרינגען און עס וועט פאַרמאַכן די וועלט פאַר אים.

ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, עפּעס וואָס זאָל וואָרענען, פאַרהיטן, שיצן. אָבער אַלץ, וואָס איז אָנגעלאָפן אויף אים, ווי אַ קנויליקער וואָלקן פון געפאַר, איז געבליבן אין אים. און אים האָט זיך פּלוצלינג אויסגע־וויזן, אַז ער האָט נישט קיין רעכט דאָ צו זיין.

ער האָט זיך ארומגעקוקט ארום דער שטוב. אַלץ, וואָס איז דאָ געשטאַנען, איז געווען ווי איינגעמויערט און האָט דערציילט פון לאַנגע צייטן. אויף די גרינלעכע ווענט זענען געווען אָנגעהאָנגען בילדער פון מענער און פרויען: מענער אין מונדירן פון מיליטער, מיט שווערדן ביי די זייטן, באַהאָנגען מיט עמבלעמען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די שטוב

איז באַוואַכט און באַשירעמט פון געפּאַנצערטע ריזן, וואָס בליקן אַרוים פון יעדער ווינקל.

לידאַ פּעטראָווגאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני נעבן דער מו־טער, זי האָט אַרומגענומען אירע קני און זי געגלעט איבערן פּנים:

— וויין נישט, מאַמאַ... אונדזערע העלדן ווייגען נישט... אַליץ וועט זיך ענדיקן... און מיר וועלן ווידער זיין צוזאַמען... איצט מוזן מיר זיין שטאַרק... מיר וועלן גיין אַלע... יעדער וועט העלפן מיט וואָס ער וועט קאָנען... מיר וועלן דעם שונא פּאַראַיגן...

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן:

— דערנאָך וועלן מיר אַלע גליקלעך לעבן... מיר וועלן צוריקקומען... יעדער צו זיין היים... צו זיין געליבטער אַרבעט... מאַמאַ, איך וועל גיין צום טעאַטער... דאָס איז דאָך מיין טרוים...

זי האָט קינדעריש פאַרהויבן די אויגן און פאַרלייגט די הענט, ווי זי וואָלט געזאָגט א געבעט. מיטאמאָל האָט זי איר לויכטנדיקן בליק אָנגעווענדעט אויף ברינען און זי האָט צוגעגעבן:

— און איר וועט שרייבן ביכער... מיר וועלן לייענען...

אין פאַרטראָגנקייט האָט זי אַרויפגעלייגט מיט אַ קינדערישער צו־טרויעלעכקייט איר קילע, פרישע מיידלשע האַנט אויף ברינס אָרעם און אויפגעוועקט זיין דרימלענדיקן געדאַנק, וואָס איז געווען ווייט און בלאָנ־קזשענדיק אין זיין פאַרלוירענער וועלט.

די פרוי האָט אויסגעווישט די אויגן מיט דעם טוך און האָט מיט אַ פלוצלונגער שטרענגקייט געזאָגט:

— איר וועט גיין... אָבער איך... וו וועל א י ך גיין... מיט וואָס וועל איך העלפן...

— דו, מאַמע, דאַרפסט נישט גיין... דו וועסט זיין אין דיין שטוב... קיינער וועט נישט וואַגן דיר שלעכטס צו טאָן... דו ביסט אַ קראַנקע... אָבער מיר... מיר וועלן דיך שיצן... מיר זענען יונגע... געזונטע...

זי האָט זיך צוגעבויגן צו ברינען מיט אַ טיפן בליק:

— אמת... חבר... „פּיסאַטיעל"...

— יאָ... — האָט ברין שטיל געענטפערט — מיר וועלן...

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. אַ מאָדנע וווייטיקלעך געפיל האָט אים אַרומגענומען, אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער נאַרט עמעצן. די פרוי האָט שטיל ווי צו זיך גערעדט:

— לידאָטשקאַ וועט אַוועקגיין... און איך... איך וועל בלייבן אַליין...

זי האָט פאַרדריקט אירע אָנגעווייטיקטע אויגן און שטיל, פאַרלוירן געמורמלט:

— ווער ווייסט, ווער ווייסט... צי מען וועט זיך נאָך זען...

אויף דער שוועל האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. זי האָט איבערגעשפּאַנט די שוועל. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פייערלעך געזאָגט:

— שלעכטע נייעס... פאַרטאָג... זאָגט מען... האָבן זיך דייטשע אַעראָפּלאַנען... באַוויזן... איבער דער וואָלגאַ... „האָספּאָדי"... צו וואָס עס איז דערגאַנגען...

## .23

ברין האָט אין זיינע וואַנדערונגען זייט דער מלחמה איבער פּוילן און ווייסרוסלאַנד געזען שטעט, וואָס זענען דורכן שונא פאַרכאַפּט געוואָרן אין געציילטע שעהן. ער האָט געזען עסקאַדריליעס באָמבאַרדירער, וואָס האָבן זיך אָנגעטראָגן און באַוואָרפן מיט פייער די איינוווינער, וועלכע זענען געפאַלן, לויפנדיק אויף די וועגן. ער האָט געוווּסט, אַז אויך מינוטן קאָנען ווענן אויף דער וואָג פונעם גורל. אַחוץ דעם האָט נאָך געוואַכט אין אים דער יידישער אומרו אין אַ לויף אָן אַן אָפּהאַלט. ער איז פאַר אַלעם געלאָפן ווי אַ ייד, ווי דאָס גאַנצע פייער פונעם שונא וואָלט געווען געצילט אין אים.

די אַלטע רוסישע שטאָט אויף דער וואָלגאַ האָט ברינען צומאָל געמאַכט פאַרגעסן אין זיין יידישקייט, כאָטש ער האָט באַדאַרפט די שטאָט פאַרלאָזן, האָט אים עפּעס געהאַלטן.

אין דעם לעצטן טאָג איז אים די קילע טונקלקייט געוואָרן אייגן. דער לאַנגער הויף, די הייזער מיט די גרינע דעכער, די שטובן, וואָס האָבן זיך פאַר אים געעפנט, האָבן אים אַריינגעצויגן. ער האָט ווי פאַרגעסן, אַז אַ ייד דאַרף אַחוץ דעם שונא, אויסמיידן נאָך אַנדערע שונאים, וואָס קאָנען זיין אומעטום.

ער איז אין דעם טאָג לאַנג געזעסן אין דער אַלטער רוסישער שטוב ביי דער רוטשקאַווא אין דער היים, וואָס איז געווען ווי אייגגעמויערט אין דער ערד פון דער אַלטער שווערער שטאָט.

ער איז געזעסן צווישן דעם מיידל פּעטראָוונאַ און איר מוטער. ער האָט געהערט די שטילע ווערטער פון זייער געזעגענען זיך און ער האָט געפילט ווי דאָס קרענקלעכע געאייל שטילט זיך איין אין אים, ווי עס וואָלט זיך אין אים אריינגעגאָסן א קילע רו, וואָס איז געפלאָסן פון דעם הויז און פון די מענטשן.

דאָס מיידל האָט געגלעט דער מוטערס האָר און בלייכן שטערן. די טאָכטער האָט אויסגעמאָלט אַ בילד ווי זי וועט גיין אויפן פראָנט ראַטעווען די געראַנירטע זעלנער, ווי זי וועט זיך נישט שרעקן פאַר קיין געפאַר, און אויב מען וועט דאַרפן, וועט זי שטאַרבן ווי אַ העלד פאַרן פאָטערלאַנד. די מוטער האָט געקוקט אויף איר מיט אירע אָנגעווייטיקטע אויגן. איר אָטעם איז וואָס אַמאָל געוואָרן טיפער און אַ פאַרב האָט באַשלאָגן איר פּנים. זי האָט זיך בּיסלעכווייז, אונטער דער טאָכטערס ווערטער, אויפגעשטעלט, פאַרגעסנדיק דעם שטעקן, וואָס זי האָט באַדאַרפט צוליב איר קראַנקן פוס. זי האָט פאַרריסן איר העלן קאָפּ און האָט שטיל, מיט אַ צאַפּל אין דער שטים, אַרויסגערעדט:

— יאָ... דו דאַרפסט גיין... מיין טאָכטער...

דאָס מיידל איז געשטאַנען אויסגעגאָסן, ווי אַ העלער פלאַם. איר ברוסט האָט זיך געהויבן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז קיין שום שונא וועט נישט צעברעכן איר כוח. ברין האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט איבעריק. אָבער דאָס מיידל האָט ווידער מיט איר פּשוטקייט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אָרעם, און פּלוצלונג, פאַר דער גאַנצער צייט, האָט זי אים פּשוט אַ פרעג געטאָן:

— און איר... וווהין וועט איר גיין...

ברין האָט נישט געהאַט קיין ענטפער. ער האָט אַליין אויף קלאָר נישט געוווּסט פאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָנרופן די ווייטע געגנטן פונעם לאַנד, וווהין עס האָבן צומייינסט געצויגן די יידישע הײמלאָזע. דאָס זענען געווען די לענדער פון קאַזאַכסטאַן און אוזבעקיסטאַן, וואָס האָבן געלאָקט מיט זייער ווייטקייט פון די פראָנטן, מיט דער וואַרעמקייט און רחבות פון ברויט.

ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלע געגנטן, וווהין עס זענען צומייינסטנס געלאָפן פרעמדע, וועלן מינערן זיין ווערט ביי די פרויען, וואָס האָבן זייערע נאָענטע אויף די פראָנטן אַרום.

ער האָט לאַנג נישט געענטפערט. ווי ער וואָלט געוואָלט מאַכן דערפון אַ סוד, ביז וואַנען די מוטער האָט זיך אָנגערופן:

— לידאָטשקא... ער איז דאָך אַ שרייבער... ער וועט געווים באַ־שרייבן דעם פּראָגנאָז... אפשר קאָן ער דיר נישט זאָגן...

לידא פּעטראָווגא האָט, ווי עס זעט אויס, געוואָרט אויף דער מינוט, ווען די מוטער וועט זיין רואיקער. זי האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרקלערט מיט אַ ווייטן, בלויען, פאַרטראַגענעם בליק, בייסנדיק די נעגל פון אירע שמאָלע מיידלשע פינגער, זי האָט אַ לויף געטאָן:

— וואַרט.. מאַמא... איך וועל דיר ווייזן...

זי האָט געבראַנגט אַ זעלנערישן ביישל, אַרויסגענומען פּאַפּירן און אַ צעפלאַמטע געוויזן דער מוטער:

— זעסט, דאָס איז מיין דאָקומענט... די פּראָגנאָז־שוועסטער... רוטש־קאָווא... זעסט... איז קאָמאַנדירט...

זי האָט אויסגעשפּרייט אַ לאַנד־קאַרטע און גענומען ווייזן דער מו־טער וווּהין זייער שפּיטאָל ווערט עוואַקואירט, וווּהין זי וועט דאַרפן פירן די פאַרוווּנדעטע זעלנער פון דעם פראָנט:

— זעסט... מאַמא... אָט דאָ הויבט זיך אָן דאָס לאַנד.. מען פאָרט אַהין אַ סך טעג... אפשר... וואָכן...

זי האָט קינדעריש געפירט מיט אַ לאַנגן, בלייכן פינגער איבער דער קאַרטע:

— זעסט, מאַמאָטשקא... ווייט... ווייט... אָך, ווי גרויס איז אונדזער לאַנד...

די מוטער האָט שוין נישט געוויינט. זי האָט נאָר געהאַלטן איר האַנט אויף דעם מיידלס אָרעם, ווי זי וואָלט זי געוואָלט פאַרהאַלטן. און לידא פּעטראָווגא האָט פייערלעך געמאָלדן:

— מאַמאָטשקאַ... דאָס לאַנד הייסט... קאַזאַכסטאַן... דאָס לאַנד איז גרויס... גרויס... אָבער מיר פאָרן אין דער הויפּט־שטאָט... וואָס הייסט... אַלמאַ־אַטאַ....

ברין האָט דערפילט ווי זיין האַרץ האָט זיך אַ הויב געטאָן, אַ פריי־דיקע כוואַליע האָט א קלאַפּ געטאָן צו זיין האלדז.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— איך גיי אויך אַהין... — האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים.

אַלע זענען געשטאַנען, די מוטער, די טאָכטער, מען האָט געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט אויפגעריסענע אויגן.

ערשט איצט האָט מען דערזען אויף דער שוועל דאָס גלייכע, מעבטיקע געשטאַלט פון סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ. זי איז געשטאַנען די הענט צונויפגעלייגט ווי צום געבעט און שטיל געזאָגט:

— אפשר איז דאָס באַשערט... לידאָטשקאַ...

און אירע קליינע גרויע אויגן האָבן פרום געקוקט אויף ברינען.

* *
*

עס איז געקומען די צייט צו פאַרלאָזן די שטאָט. ברינען האָט מיטאַמאָל גענומען שרעקן די רואיקייט פון דעם טאָג, פון דעם הויף. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער רו, ווי איינער האָט מורא פאַר דעם שלאָף אין דערוואַרטונג פון געפאַר. דאָס, וואָס ער האָט זיך נאָר וואָס דערוווּסט וועגן דעם מיידל לידאַ, האָט אין אים באַפעסטיקט דעם באַשלוס זיך צו לאָזן אין דעם ווייטן וועג, וועגן וועלכן ער האָט ביז איצט געהאַט אַ חלומדיקע פאָרשטעלונג. עס האָט אַריינגעטרעטן אין אים אַ זיכערקייט, אַז ער האָט נאָר וואָס געוווינען אַ ווייטערדיק לעבן.

ער האָט געוווּסט פון די „עוואַקאָ־פּונקטן" און די הייזער פאַר יידישע היימלאָזע, אומעטום, וווּ ער האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן וועג, האָט ער געהערט דאָס פרעמדע וואָרט: „קאַזאַכסטאַן", וואָס האָט געקלונגען ווי אַ שפּרוך פון אַ ישועה. און דאָס אויסטערלישע וואָרט „אַלמאַ־אַטאַ", דער נאָמען פון דער קאַזאַכישער הויפּט־שטאָט, איז געוואָרן דער ציל פון די וואַנדערער, וווהין מען האָט געצויגן ווי צו אַן אָאַזיס.

אין די ענגע, אויסגעקילטע חורבות, וווּ עס האָבן זיך געזאַמלט די היימלאָזע, אין שמוץ, אין רויך פון די טשאַדענדיקע אייוועלער, ליגנדיק אויף די קאַלטע און נאַסע פאָדלאָגעס, האָט מען זיך דערציילט פון די זוניקע לענדער, פון דעם ווייטן קאַזאַכסטאַן און אוזבעקיסטאַן, וווּ עס איז קיינמאָל נישטאָ קיין ווינטער, וווּ מען עסט פרוכטן גלייך פון די ביימער.

מען האָט דערציילט וועגן די גליקלעכע, וואָס זענען שוין אַהין אַוועקגעפאָרן, און מען האָט זיך געגרייט, כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי און דורך וואָס פאַר אַ וועגן מען קאָן אַהינקומען.

אָבער ברין האָט געוווּסט, אַז די שטאָט אויף דער וואָלגאַ איז דער טויער צו דעם ווייטן וועג, און איצט ווען ער האָט שוין געוווּסט, אַז אויך לידאַ פעטראָוונאַ פאָרט אַהין, האָט זיך פאַר אים דאָס ווייטע, טויזנטמיי־

ליקע לאַנד דערגנעענטערט, זיך אויסגעשניטן פון דער חלומדיקער געפּלדי־ קייט און אים געגומען רופן ווי מיט שטראַלנדיקע פינגער פון ליכט און זון.

זיי זענען נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרוואונדערטע פון דעם גליקלעכן צו־ נויפפאַל. די פרוי רוטשקאָווא, לידא פּעטראָוונאַס מוטער, האָט אַפילו שטיל אַרויסגעמורמלט:

— אך... ווי גוט... עס האָט געטראָפן... זי וועט נישט זיין אַליין...

די ווערטער פון דער פרעמדער, גרויסער, העלער פרוי, דער וואַרע־ מער, פרומער בליק פון דער אַלטער סטעפּאַנידא איוואַנאָוונאַ, האָבן ברי־ נען ווי אַרומגענומען מיט גאָענטע, וואַרעמע הענט. אויך דאָס מיידל האָט געקוקט אויף אים מיט אַנטציקונג, גלייך ברין וואָלט געטאָן עפּעס אַ גרוי־ סע, געוואַגטע זאַך פאַר איר.

ברין האָט באַוואונדערט די פּשוטע, גלייכע, ווי קינדישע צוטריטלעכ־ קייט פון די גרויס־געוואַקסענע און שטאַרקע מענטשן. און ער האָט געוואָלט אַזוי, מיט דעם גוטן געפיל פון דערוואָרבענעם צוטרוי און פריינד־ שאַפט, פאַרלאָזן די שטוב און די שטאָט אויף דער וואָלגא. ער האָט אָנגעהויבן זיך שרעקן פאַר דער וואָג פון באַזעסנקייט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פילן אין דער שטוב. און שוין איצט איז אים געווען אַ סך שווערער צו פאַרלאָזן די שטוב ווי פיל אַנדערע מענטשן, ערטער און שטעט, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פאַרלאָזן אָן דעם קוועל פון בענקשאַפט און צוגעבונדנקייט:

— נו — האָט ברין שטיל געזאָגט — שוין צייט... פאַר מיר...

און ער האָט פאַר אַלעם דערזען די קליינע, גרויע אויגן פון סטעפּ־ פּאַנידא איוואַנאָוונא. זי האָט געקוקט אויף אים שטרענג, ווי זי וואָלט זיך געבייזערט, אין אירע אויגן האָבן מיטאַמאָל אויפגעזאָטן קליינע, גלאַנציקע טראָפּן טרערן.

לידאס מוטער האָט שטיל געזאָגט:

— אויב איר וועט זיך באַגעגענען... זייט פאַר איר גוט...

לידאַ האָט גיך אַ קוק געטאָן אויף איר מוטער, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט און מיט אַ נייער פאַר ברינען שטים פון אַ דערוואַקסענער, אַ זאָג געטאָן:

— מאמא... איך בין נישט קיין קליינינקע...

און אַ כאַפּ טוענדיק דעם שינעל, האָט זי צוגעגעבן:

— נו, איר דאַרפֿט דאָך גיין צום שרייבער־פֿאַרבאַנד... איך וועל גיין מיט אייך... איך וועל אייך צופֿירן...

פֿאַר דער אָפֿענער טיר האָבן זיך אויסגעשטעלט די שכנות. די ווײַבער האָבן יעדע מיט אַ וואָרט פֿון באַדויער געזעגנט ברינען. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי קאָנען און ווייסן מער וועגן אים, ווי ער אַליין. דערפֿון איז אים נישט היימלעך געוועזן און ווען די שכנטע קאָנדראַטיעוואַ מיט די גרינע קרענקלעכע אויגן האָט קרעכצנדיק אים נאָכגעזאָגט:

— אָך... אָרימענקער... וווהין וועסטו גיין...

האָט ברין שטרענג געענטפֿערט:

— מען וועט גיין... וווהין מען דאַרף...

און ברין האָט אַרויסגעשפּאַנט פֿון דעם לאַנגן, אַלטן קאָרידאָר, ווי ער וואָלט אַראָפּ פֿון אַ שיף אין ים אַריין.

.24

ברין איז אַרויס פֿון דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז איצט געווען באַלויכטן פֿון דעם קליינעם פֿענצטערל, אין וועלכן מען האָט געזען די ווײַטע וואָלגאַ אין אַ ווייכן, ווייסלעכן זילבער־ליכט. די זעלבע ווייכע ליכטיקייט איז איצט געלעגן צעגאָסן אין דרויסן, כאָטש עס האָט ברינען גלייך אַרומגעכאַפּט אַ שטײַפֿע, דערפֿרישנדיקע קעלט.

די שכנות האָבן אים באַגלייט מיט ווינטשונגען דורכן לאַנגן קאָרידאָר ביז צו די טרעפּלעך ביים הויף, און נאָר די אַלטע סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך פֿאַרהאַלטן בײַ איר טיר און מיט אירע פֿרום־פֿאַרלייגטע הענט האָט זי, מיט די זעלבע פֿולע אויגן זידנדיקע טראָפּן, נאָכגעקוקט ברינען. ברין האָט נאָך דעם לעצטן קוק געטאָן אויף דער אַלטער פֿרוי און האָט זיך אין געדאַנק געפֿרעגט, צי ער וועט זי נאָך אַמאָל זען.

ער האָט נישט געפֿונען קיין ענטפֿער, און אַראָפּשפּאַנענדיק פֿון די טרעפּלעך, האָט ער, ווי שוין נישט איינמאָל, געהאַט דאָס געפֿיל ווי ער וואָלט באַשטאַנען פֿון צוויי מענטשלעכע וועזנס, וואָס גייען אין באַזונדערע וועגן, און קאָנען זיך נישט געפֿינען.

דער פּוילישער היימלאָזער ייד האָט זיך איצט ווידער באַגעגנט מיט דעם צווייטן האַלב פֿון זײַן וועזן, וואָס איז איצט געגאַנגען נעבן דעם פֿרעמדן רוסישן מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ, און אים האָט זיך מיטאַמאָל

שטאַרק געוואָלט וויסן וואָס עס האָט זיי צונויפגעפירט. ער איז געווען יונג און אים האָט זיך געוואָלט מיטנעמען עפּעס, וואָס זאָל בלייבן לעבן צווישן אים און דער יונגער פרוי.

ביים אַרויסגיין פון שטוב האָט ער געזען ווי די מוטער רוטשקאָוואַ האָט צוזאַמען מיט דעם מיידל עפּעס איינגעפּאַקט. דאָס פּעקל האָט לידאַ איצט געהאַלטן אין דער האַנט, זי האָט עס אים דערלאַנגט:

— דאָס איז פאַר אייך... — האָט זי געזאָגט.

זי האָט גענומען ביי אים דאָס זעקל און אַריינגעלייגט אַ פּעקל טיטון און שוועבעלעך, וואָס איז אין די טעג געווען שווער צו באַקומען, און נאָך עפּעס אַ פּאַפּיר, וואָס האָט אויסגעזען ווי פלייש:

— דאָס האָט די... מאַמאַ געגעבן אויפן וועג... — האָט לידאַ פּעטראָוונאַ פּשוט געזאָגט. ברין האָט געזוכט דעם מיידלס בליק, אָבער זי האָט נישט געקוקט אויף אים. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער דאַרף עפּעס אויפקלערן:

— צו וואָס זאָל איך דאָס נעמען... — האָט ער געפרעגט און אַ קוק געטאָן דעם מיידל אין די אויגן — ער האָט געוואָלט קלאָר מאַכן, וואָס זי קלערט וועגן דעם, פון וואַנען עס נעמט זיך די נאָענטקייט און זאָרג פון די מענטשן פאַר דעם פרעמדן, היימלאָזן אין די שווערע טעג. אָבער דאָס מיידל האָט נישט געענטפערט אויף זיין בליק:

— לידאַ פּעטראָוונאַ... — האָט ער שטיל געזאָגט — איר ווילט... איר וואָלט געוואָלט... אַז מיר זאָלן זיך נאָך באַגעגענען...

— זייער געוואָלט... אָבער... איך וועל דאָך פאַר דעם... גיין אויפן פראָנט... דאָרט האָט יעדער זיין גורל... מען קאָן נישט וויסן...

— איר לאָזט דאָך איבער... אַחוץ דער מאַמען... עמעצן... אַ נאָענטן.. נו... אַזעלכן... וואָס איר האָט ליב...

זי האָט ווי אַראָפּגעשלונגען זיין פראַגע. אירע אויגן האָבן אַ שפּיל געטאָן:

— נו... איך האָב אַלע ליב... חברים... חבריטעס... און די שטאָט... אונדזער שטאָט...

— נו.. און נאָך מיר וועט איר בענקען... איר זענט אַזוי גוט צו מיר...

— איר זענט דאָך... אַ שרייבער, דאַרפט איר וויסן... דאָס וועט מען זען...

ער האָט מיטאַמאָל דערזען דעם איידעלן, מיידלשן האַלדז, וואָס האָט אַ בלאַנק געטאָן פון איר שווערן, זעלנערישן שינעל. זי האָט באַהאַלטן די בלאָנדע, גאָלדיקע האָר, וואָס האָבן זיך געריסן פון הינטער דעם זעלנערישן היטל, און מיט אַ פּלוצלימדיקן אומעט האָט זי שטיל געזאָגט:

— היינט איז גישט צום רעדן... וועגן אַזעלכן...

בריגעזן האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט, אַז אומעטום, אין אַלע זיינע ביינער, זאָל דאָס מיידל אַזוי גיין נעבן אים.

*          *

*

דער הויף איז געווען באַשטעלט מיט רעדלער מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון זייערע שטובן. דען יעדע מינוט איז געקומען עפּעס נייעס און יעדע נייעס איז אויסגעכאַפּט געוואָרן מיט אַן איינגעהאַלטענעם רעש, ווי אַ ווינט וואָלט זיך איבערגעטראָגן איבער בלעטער. ווי נאָר ברין איז אַרויס פונעם קאָרידאָר אויפן הויף, האָט אים גלייך אַרומגענומען דער ביינאַכטיקער אומרו. דאָ האָט מען געזען פיל פון די שכנים — פרויען, קינדער און עלטערע מענער, וואָס האָבן ביינאַכט געהאַלטן די וואַך איבעם טויער. זיי האָבן איצט אַלע אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן ערגעץ אין אַ וועג אַריין.

די עלטערע מענער זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט רימענס אַרום די אַלטע שינעלן פון אַמאָליקע זעלנערישע צייטן. זיי האָבן געטראָגן אויף די לעדערנע רימענס ווער אַ בלעכל, ווער אַ שיידל פון אַ שווערד, ווער אַ שטעקן. עס האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט אויף עפּעס געוואַרט. אין איין ווינקל פונעם הויף, אַרומגערינגלט מיט אַ ראָד מענטשן, איז געשטאַנען אַ האַלב-מיליטעריש געקליידטער יונגער מענטש, אין אַ ווייס פעלן פּעלצל, מיט אַ שווער, פוטערן היטל אויפן קאָפּ, און וועלכן ברין האָט גלייך דערקענט סימיאָן. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן די מוטער, די יידישע פרוי מיריאַם גאַומאָוונאַ. זי האָט דערזען ברינען, איז צוגעגאַנגען צו אים און שטיל געזאָגט:

— ער גייט שוין אַוועק... היינט... ער וואַרט דאָ... אויף אַנדערע... עס איז נישט גוט... וווהין קלערט איר צו גיין... מען טאָר דאָ נישט פאַרבלייבן...

זי האָט שטיל צוגעגעבן:

— אונדזערע... אוודאי נישט...

ברין האָט געזען, ווי די יידישע פרוי באַמיט זיך אים אַוועקצונעמען אין אַ זייט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז באַלד וועט זי אָנהייבן צו אים רעדן יידיש. אירע אויגן זענען געוואָרן אָנגעפילט מיט ווייטיק און שרעק, און ער האָט דערפילט, אַז אין גאַנצן אויפגערודערט יס פון מענטשן, וואָס טראָגן זיך אָן אַהער, זענען נאָר די איינע אויגן פון דער יידישער פרוי אים קלאָר און פאַרשטענדלעך.

באַלד זענען אָנגעקומען נאָך צוויי פון די ביינאַכטיקע שכנים, באַלאָדן מיט זייער זעלנערישן באַגאַזש. אין איינעם האָט ברין דערקענט דעם ברייטפּלייציקן, מיט דער אָפענער בלוזע, וואָס האָט זיך ביינאַכט געאַמפּערט מיט דעם שיכורן, מיט דעם, וואָס האָט געחוזקט פון סיאָמאַס יידישקייט. די צוויי זענען געגאַנגען מיט זייערע זעלנערישע קעסטלעך, באַהאָנגענע מיט ריסענס, זענען זיי געגאַנגען צום טויער באַגלייט דורכן גאַנצן הויף.

אויך ברינגען האָט מען, זעט אויס, אָנגענומען פאַר איינעם, וואָס גייט אויפן פראָנט, טייל פון די שכנים האָבן אים געדריקט די האַנט און נאָכגעשריגן:

— „שטשאַסליוואָ"... גליקלעך...

— יאָגט די דייטשן...

מיטאַמאָל האָט זיך סיאָמאַ פאַרהאַלטן נעבן ברינען. ער האָט אים, זעט אויס, איצט דערקענט, און מיט אַ באַזונדער גיכקייט, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איר... איר דאַרפט דאָ נישט בלייבן...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און שטיל צוגעגעבן:

— איך ווייס נישט... איך ווייס נישט וואָס מען טוט מיט איר...

און אַזוי גייענדיק זענען זיי פאַרבליבן באַזונדער, סיאָמאַ, די מוטער און — ברין. זיי האָבן גערעדט גיך און שטיל. ברין האָט דערפילט, אַז די צוויי, די מוטער און דער זון, האָבן אים אַ סך צו זאָגן. אין דער צייט האָט זיך לידאַ פעטראָוונאַ געזעגנט מיט אַנדערע, וואָס זענען געגאַנגען אויפן פראָנט.

— לידאַ פעטראָוונאַ... בלייבט געזונט...

— איך בלייב נישט... איך גיי אויך... אַהין...

— „מאַלאַדיעץ"... לידאָטשקאַ...

פון ערגעץ האָט זיך באַוויזן איינער מיט אַ „גאַרמאָשקאַ", און שוין דאָ, אין טויער, האָט מען זיך פאַרהאַלטן און מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ

זיך צוגעהערט. עמעצער האָט פאַרצויגן אַן אומעטיק ליד. עפּעס אַ שכן איז אַרויס מיט אַ פלאַש בראָנפן. מען האָט מכבד געווען די גערופענע צום פּראָנט.

ערשט ווען מען איז אַרויס פונעם טויער אויף דער גאַס, האָט זיך פאַר בריגען פאָרגעשטעלט אַ נײַ בילד. די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען. עס זענען געגאַנגען מענטשן. עס זענען געגאַנגען פערד. עס איז געגאַנגען מיליטער, וועגענער, מאַשינען. עס זענען געגאַנגען פויערים מיט זייער באַלעבאַטישקייט, אַלץ האָט געשטראָמט אַראָפּ און אַרויף איבער די באַרגיקע גאַסן, און איבער דעם גאַנצן ים גייענדיקע מענטשן איז געהאָנגען אַ טיפע, ווי אַן אָנגעגליטע שטילקייט.

מיריאַם נאַומאָוונאַ האָט זיך צוגעבויגן צו בריגען און שטיל געזאָגט:

— עס איז נישט גוט... בײַ מאָסקוואַ...

זי האָט געקוקט אויף בריגען און שטיל צוגעגעבן:

— דאָס איז... פאַר „אונדז“... נישט גוט...

פון אַלע זײַטן האָט מען געזען גיין גערופענע צום פּראָנט, יונגע און עלטערע, אַרומגערינגלטע פון אייגענע. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך געזעגנט אַזוי ווי איין משפּחה, אַנדערע האָבן געשריגן:

— „פּראַשטשאַי וואָלגאַ“.

און זיי האָבן געקוקט מיט אומעטיקע בליקן צו ווײַטע, בלײַכע ברעגן פון דעם אַלטן טײַך .

קוקנדיק אויף דער יידישער פרוי מיריאַם נאַומאָוונאַ, האָט בריגן געפילט, אַז ער דאַרף וואָס גיכער פאַרלאָזן די שטאָט, כאָטש בײַ דעם אַלעם איז אויף דער שטאָט, איבער די גאַסן, געלעגן ווי אַ יום-טובדיקע דערהויבנקייט. די מיינסטע קראָמען זענען געווען פאַרמאַכטע, בײַ אַנדערע זענען געשטאַנען לאַנגע רייען מענטשן. וואָס ווײַטער אַרויף, צו די הויפּטגאַסן, אַלץ ענגער פון מענטשן איז געוואָרן. און דאָ האָט מען זיך פאַרהאַלטן בײַ אַ סקווער. בריגן האָט געוואָלט וואָס גיכער קומען אין דעם שרייבער-פאַרבאַנד, ער האָט געגלויבט, אַז דאָרט וועט ער זיך דערוויסן וועגן זײַן ווײַטערדיקן וועג.

דאָ האָט מען זיך געזעגנט... בריגן האָט דערפילט די קרעפטיקע וואַרעמקייט פון סיאָמאַס האַנט, ווי די האַנט וואָלט אים געוואָלט עפּעס זאָגן. בריגן האָט אַליין נישט געהערט ווו ער האָט געזאָגט:

— קומט צוריק געזונט... צו דער מאַמען...

די פרוי האָט טיף אַן אָטעם געטאָן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן בריגנס

האַנט און זיך האַסטיק צעוויינט. זי האָט עפּעס געערעדט מיט אַ פּרעמ־
דער, אומדייטלעכער שטים. דער זון האָט זי אַ נעם געטאָן פאַר אַ האַנט
און שטרענג געזאָגט:

— מאַמאַשאַ...

און דאָ האָט ברין דערזען דאָס מיידל לידאַ פּעטראָוונאַ. זי איז גע־
ווען אויפגעהייטערט. אַ לייכטע פאַרב האָט אַרויסגעטראָטן אויף איר העל
פּנים, אירע אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזן. זי האָט זיך געזעגנט מיט
סיאָמאַן:

— נו... סיאָמאָטשקאַ... זײַ אַ „געראַי"... פאַרגעס נישט... אפשר
וועלן מיר זיך טרעפן... איך וועל לאַנג נישט וואַרטן... אפשר נאָך היינט...
מאָרגן... איך וואַרט נאָר... יעדע שעה...

זי האָט אַרומגענומען זיינע ברייטע פּלייצעס און אים אַ קוש געטאָן:

— „דאָ סקאָראָווואָ"...

זי איז געוואָרן רויט, זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט „סמירנאָ" מיט די
גלייכע זעלנערישע שטיוול און צוגעלייגט אַ האַנט צום היטל. זי האָט אַ קוק
געטאָן אויף ברינען און אַ פאַררויטלטע געזאָגט:

— אַ... מיר קענען זיך מיט סיאָמאַן פון קינדהייט... איין „סיעמי־
לעטקע" געענדיקט... אַ חבר...

אין צעטראָגנקייט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן ברינען פאַר אַ האַנט:

— נו... מיר גייען...

ברין האָט זיך אומגעקוקט. ער האָט געזען פונדערווייטנס די מוטער
מיט דעם זון. און נאָך לאַנג האָט ער געזען די יידישע אויגן פון דער פרוי,
ווי איר בליק וואָלט פון דערווייטן געוואָלט אים עפּעס זאָגן, נאָך אים.

דער רוסישער שרייבער־פאַרבאַנד האָט זיך געפונען אין אַ שטילער,
אָפּגעזונדערטער גאַס. אין דער גאַס, האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן די
צערודערטקייט פון דער שטאָט, דער געדיכטער גאַנג פון מענטשן, ווי דאָ
וואָלט געווען אַ צווייטע שטאָט. דאָ האָט מען געזען נאָר איינציקע מענטשן,
וואָס זענען געשטאַנען ביי די שטילע טויערן, ווי די הייזער וואָלטן געווען
ליידיקע. די מענטשן האָבן שטיל געקוקט אין דער ווייט, ווי זיי וואָלטן
מיט אומרו געוואַרט אויף עפּעס, וואָס דאַרף קומען.

די גאַס איז געווען באַזעצט פון ביימער, פון ביידע זייטן, ווי אַן אַלייע,
ביי די ביימער זענען געשטאַנען גרינע בענק, וואָס זענען איצט געווען פאַר־
לאָזן, פאַרוויינעטע מיט האַרבסטיקער קעלט, און די פאַרדאַרטע בלעטער
פון די ביימער האָבן, געיאָגטע פון ווינט, זיך געטראָגן איבער די בענק,

ווי לעבעדיקע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ גאַס, אַ פאַרבלי־בענע פון אַלטע, פאַרדרימלטע צייטן.

לידאַ פעטראָוונאַ האָט ווי פאַרגעסן אַרויסצונעמען איר האַנט פון אונטער ברינס אָרעם, און דאָס האָט ברינען געמאַכט פאַרגעסן אין זיין לאַגע פון אומזיכערקייט און געפאַר אין דער פרעמדער, באַלאַגערטער שטאָט. די שטילע, זייטיקע גאַס האָט מיט איר ליידיקייט און פרידלעכ־קייט אויסגעזען ווייט דערפון, וואָס האָט געקאָנט געשען יעדע שעה.

לידאַ פעטראָוונאַ האָט שטאַרקער אָנגענומען זיין אָרעם און ריטמיש געשפּאַנט אויף אירע קרעפּטיקע פיס. איר יוגנטלעכער שפּאַן האָט ווי גע־זונגען. ברין האָט זיך איינגעהערט אין דעם ריטם פון אירע טריט און האָט ווידער דערפילט דעם פאַרלאַנג, אַז אומעטום זאָל ער פילן איר נאָענט־קייט נעבן זיך.

זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און האַלב פאַרמאַכט די אויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט זיך לאָזן פירן. מיטאַמאָל האָט זי שטיל געזאָגט:

— מיינע בעסטע דערמאָנונגען... זענען פאַרבונדן מיט דער גאַס... אַהער איז מען געקומען אין די ליכטיקע נעכט... אויף די בענק. דאָ האָט מען געשפּילט אויף גיטאַרעס... געזונגען לידער... דאָ האָט מען געזען די שרייבער... אויך ער אַליין... גאָרקי... מאַקסים... האָט דאָ געוווינט... דאָ געגאַנגען אין דער אַלייע... אַפילו זיין באַנק, אויף וועלכער ער איז גע־זעסן... געלייענט... אָט... נישט ווייט נעבן דעם שרייבער־הויז... איך בין נאָך אַ קליינע... אַ „שקאָלניצע“ געווען...

זי האָט ווי אויפגעוואַכט:

— איצט איז דערויף... נישט קיין צייט... אַ שאָד... איר זענט נישט געווען... ווען דאָ איז אַזוי רואיק... אַזוי גוט געווען...

— אָט זענען מיר... דאָס איז דאָ...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט:

און זי האָט זיך מיטאַמאָל, ווי אַ קליין קינד, אומדרייסט פאַרהאַלטן ביי דער אייזערנער באַריער, וואָס האָט אַרומגעצוימט דעם גאָרטן ביים הויז.

— דאַרף איך אויך... מיט אייך אַריינגיין...

*   *
*

דאָס איז געווען אַן אַלט־פּריציש, רוסיש הויז פון האָלץ און שטיין, אויסגעזעצט מיט קליינע, געלע ציגל, באַצירט מיט טורעמלעך און קאַר־

ניזן. פון דעם הויז איז געגאַנגען אַ שטילקייט. אַ שמאָלע, געפּלאַסטערטע סטעזשקע האָט געפירט צו דער געגלאָזטער טיר ביים אַריינגאַנג. אויפן קלונג האָט זיך קיינער נישט אָנגערופן. ברין האָט אַ שטויס געטאָן די טיר. עס איז געווען אָפן און זיי זענען אַריין אין אַ לאַנגן קאָרידאָר.

באַלד האָט זיך אויף זייערע טריט געעפנט אַ זייטיקע טיר, און עס האָט זיך באַוויזן אַ הויכע, בלייכע פרוי. זי איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל איינגעהילט אין אַ שוואַרץ טוך. זי האָט געקוקט אויף ברינען מיט אַ לייכטן שמייכל. לידאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך פאַרהאַלטן ביי דער טיר.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?... — האָט די פרוי געפרעגט.

ברין האָט איר דערלאַנגט זיין קליין מיטגליד־ביכעלע פון פאַרבאַנד. איר שמייכל איז געוואָרן ברייטער און היימישער. זי האָט זיך איינגע־הילט איגעם טוך און מיט אַ וואונדערבאַר־קלינגענדיקער שטים אַ זאָג געטאָן:

— איך בעט זייער... קומט אַריין צו מיר... עס איז קאַלט... דאָ איז אַ ביסל וואַרעמער...

זי האָט זיי דורכגעלאָזן אין אַ קלענערן צימער, ווו עס איז געשטאַ־נען אַ גרויסער ביוראָ־טיש, באַלייגט מיט ביכער און פּאַפּירן. פּאַפּירן זע־נען געלעגן אויך איבערן גאַנצן צימער צעוואָרפן. עס האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט זיך פון דאַנען אַרויסגעקליבן. אויפן טיש זענען געשטאַנען צוויי טעלעפאָן־אַפּאַראַטן. אויף דער וואַנט איבערן טיש זענען געהאַנגען ביל־דער און פון אַלע האָט ברין זיך אָפּגעשטעלט אויף איין גרויס בילד פון מאַקסים גאָרקי. דאָס איז געווען אַ בילד, וואָס ברין האָט נאָך קיינמאָל אין ערגעץ נישט געזען. גאָרקי איז געווען אַן אַלטער, אַ שמייכלענדיקער, מיט הונדערטער קנייטשן אויפן פּנים. דאָס איז, זעט אויס געווען אַ בילד פון די גאָר לעצטע, ווו עס איז שוין גאָרנישט פאַרבליבן פון די ברייטע רוסישע סקולעס. דאָ איז גאָרקי געווען אַן אַלטער, גוטמוטיקער זיידע מיט קנייטשן, אַזוי ווי נעסטן אויף אַן אַלטן בוים, וואָס האָט אי־בערגעטראָגן אַ סך שטורעמס.

די פרוי האָט זיך געזעצט ביים ביוראָ־טיש און געבעטן זיצן. ברין און לידאַ האָבן זיך געזעצט אויף ווייכע שטולן און די פרוי האָט גלייך מיט דער זעלבער וואונדערבאַר־קלינגענדיקער שטים אָנגעהויבן:

— מיין נאָמען איז טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ... איך בין סעקרעטאַרין פון פאַרבאַנד... ווי איך זע... זענט איר עוואַקואירט פון מ. מיר איז זייער

לייד... איר פאַרשטייט גיעווים, אַז מיר זענען כמעט אין דער זעלבער לאַגע... עס קאָן זיין אַ פראַגע פון טעג... און אויך פון שעהן... ווי איר זעט... באַמי איך זיך צו ליקווידירן... וואָס עס לאָזט זיך... עס זאָל גישט בלייבן... איך בין אַליין...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ברינגען מיט אַ וואַרעמען נאָענטן בליק:

— איך קאָן אייך ליידער מיט גאָרנישט דינען... עס איז קיינער נישט געבליבן... די שרייבער זענען אַלע אַוועק... געכטן איז דער לעצטער... אַוועק... אויפן פראָנט.

זי האָט אָנגערופן אַ נאָמען, ביי וועלכן לידא פעטראָוונאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אויך אויפן פראָנט...

— יאָ... — האָט טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ געזאָגט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף לידא פעטראָוונא און צוגעגעבן:

— איר קאָנט אים אפשר... איר זענט, דאַכט זיך, אַ דאָיקע... אויב איך האָב נישט קיין טעות...

— יאָ... — האָט לידא פעטראָוונא אויפגעלויכטן — איך קאָן אייך... איך האָב נישט געוווסט וו איר אַרבעט...

לידאס פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ ראָזיקייט. זי האָט אָנגעווייזן אויף ברינגען:

— דאָס איז אונדזער שכן... נישט לאַנג... איך האָב זיי באַגלייט... אַהער... זיי זענען דאָ אַ פרעמדער...

— אָך... — האָט די סעקרעטאַרין אַ קרעכץ געטאָן — עס זענען געקומען אַזעלכע צייטן... מיר האָבן דאָ געהאַט פאַרשידענע... חברים... שרייבער... פון פאַרשידענע שטעט... אַנטלאָפענע... מיר האָבן זיי באַזאָרגט... מיט וואָס מען האָט געקאָנט.

און זי האָט זיך געווענדט צו ברינגען:

— איר בלייבט דאָך געוויס נישט דאָ... עס איז דאָך נישט זיכער... כאָטש מיר האָבן נאָך נישט קיין אָנווייזונגען...

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— דאָ זענען אויך געווען... פון אייערע... פון די מערב־געביטן... שוין עטלעכע טעג... מיר האָבן זיי געראַטן פאָרן ווייטער...

— קאָנט איר מיר זאָגן... וווהין זיי זענען געפאָרן...

— צומיינסטנס... אין קאַזאַכסטאַן... אוזבעקיסטאַן...

לידאַ פּעטראָוונאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף ברינען און האָט געזאָגט:

— איך ראַט אייך... דעם חבר... דאָרט איז װאַרעמער... װייטער... לייכטער צו לעבן...

די סעקרעטאַרין האָט אַ קוק געטאָן אויף לידאַ פּעטראָוונאַ:

— איר זענט... מאָבּיליזירט...

— אייגנוויליק... — האָט לידאַ פּעטראָוונאַ געענטפערט — געענדיקט אַ קורס... פּראָנט-שוועסטער...

— דאָס איז... ריכטיק...

טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן:

— איך מוז דאָ... טאָן די אַרבעט... אין פאַל... פון פאַרלאָזן די שטאָט... מוז איך... פאַר אַלעם ענטפערן...

— און איר... בלייבט... — האָט לידאַ נישט דרייסט געפרעגט.

— איך בין... מיט אַ קינד... מיט אַן אַלטער... מאַמען... אַ קראַנקע...

עס איז געוואָרן שטיל. ברין האָט געפרוווט זיך אויפהייבן. עס איז געבליבן נאָר צו פרעגן ווי אַזוי מען פאָרט, וואָס פאַר אַ וועג, די סעקרעטאַרין האָט גלייך געמאָלדן:

— לויט מיר... דאַרפט איר גאָרנישט... ווי אַ היימלאָזער... מיט אַ ביכל פון שרייבער-פאַרבאַנד... זענט איר באַרעכטיקט צו פאָרן... איר דאַרפט אייך נאָר אַריינקריגן אין אַן עשאַלאָן פון עוואַקויִירטע... איר דאַרפט אויך נישט צאָלן פאַר דער באַן..., נו, און גליקלעך קומען... אויפן אָרט...

זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אָ... עס איז אַ ביסל ווייט... אָבער איר דאַרפט נישט וואַרטן...

אין דער מינוט האָט זיך אָנגערופן איינער פון די טעלעפאָנען אויפן טיש. דער קלונג איז געווען אַ הילכיקער און רייסנדיקער, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס גאַנצע צימער. די סעקרעטאַרין האָט אַ ציטער געטאָן, זי האָט גענומען דאָס טרייבל און מיט אַ ציטער אין איר וווּנדערבאַר-טיפער, האַרציקער שטים האָט זי מיט אַן אייגנגעהאַלטענעם אומרו געזאָגט:

— איך הער... יאָ... מאָסקווע... איך הער... יאָ... אויפמערקזאַם... איך... פאַרשטיי... יאָ... איך הער... דרינגענד...

אַ בלייכקייט האָט באַשלאָגן איר געזיכט, זי האָט מיטן בליק פאַרהאַלטן ברינען און לידאַן, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל פונעם צימער.

## .26

די עטלעכע מינוט, וואָס עס האָט געדויערט דאָס טעלעפאָן־געשפּרעך, האָט זיך ביידע, ברינגען און לידא פּעטראָוונא, געדאַכט, אַז זיי זענען אָנגערירט געוואָרן פון אַן אָנגעגליטן שטראָם, וואָס פליסט פון אַ זידנדיקן ווולקאַן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט מאָסקווע. די הויפּט־שטאָט, וואָס שטייט איצט אָנגעגורט צו אַ געשלעג, וואָס קאָן יעדע מינוט אַרומכאַפּן מיט פייער אַ וועלט. זיי זענען געשטאַנען און געהערט אייגער דאָס קלאַפּן פון דעם צווייטנס האַרץ, כאָטש ביי יעדן פון זיי האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט פון אַן אַנדער דערוואַרטונג. זיי האָבן אויפגענומען יעדעס פּשוטע וואָרט, וואָס די פרוי האָט מיט אַ געפּרעסטער שטים אַריינגערעדט אינעם טרייבל, און כאָטש די ווערטער זענען געווען פּשוטע, האָט זיך זיי געדאַכט, אַז די ווערטער, וואָס לויפן איבער די דראָטן, שפּיגלען זייער גורל.

ברינגען האָט זיך אין דער ערשטער מינוט אויסגעוויזן, אַז דאָ קומט פאַר עפּעס, ביי וועלכן ער דאַרף נישט בייזיין; ער האָט זיך אַפילו אַ וואַקל געטאָן צום אַוועקגיין, אָבער טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ האָט אים מיט אַ באַוועגונג פון דער האַנט פאַרהאַלטן. איר פּנים איז געווען איינגעפּרעסט אינעם טרייבל, זי האָט עס געהאַלטן מיט ביידע הענט, ווי זי וואָלט געוואָלט דערפון אַרויסציען וואָס מער קלאַנגען. איר קלינגענדיקע, מעלאָדישע שטים איז מיטאַמאָל געוואָרן האַרט און שטרענג, ווען זי האָט כסדר איבערגעחזרט:

— איך הער... איך הער...

אויך ברינגען האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט, און אים האָט אויסגעזען אַזוי אומהיימלעך דאָס, וואָס די שטאָט מאָסקווע, צו וועלכער עס איז צוגעלייגט דאָס אויער פון אַ גאַנצער וועלט, רעדט אַהער, צו דער פרוי, דורך דעם פּשוטן טעלעפאָן־טרייבל.

ער האָט געפּרוווט אין זיין זינען זיך פאָרשטעלן מאָסקווע אין דער איצטיקער מינוט, אָבער קיין שום בילד איז נישט אויפגעטרעטן פאַר זיינע אויגן. ער האָט נאָר געזען דורכן פענצטער די שטילע גאַס און די שטילע אַלטע הייזער, פאַרפלאָכטענע אין די גרויע, אומעטיקע צווייגן פון די נאַקעטע האַרבסטיקע ביימער.

ער האָט שוין נישט געהערט די שטים פון דער פרוי, וואָס האָט אַלץ איבערגעחזרט: „איך הער" און עס האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, אַז די גרויסע און גורלדיקע געשעענישן, די אַלע, וואָס ער האָט געזען ביז אַהער,

וואָס האָבן צעשטערט גאַנצע וועלטן זענען צונויפגעשטעלט פון קליינע פּאַסירונגען, וואָס טרעפן יעדן מענטש באַזונדער; דער מענטש זעט נישט וויט אַרום זיך. און אים האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז ער האָט פאַרזען עפּעס אַ געפאַר, וואָס צילט נאָר אין אים.

ער האָט געזען ווי די פרוי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל פונעם מעלעפאָן לאַנגזאַם, ווי זי וואָלט נישט געוואָלט הערן, אַז דאָס געשפּרעך איז שוין געענדיקט און אַזוי איז זי אויף אַ מיגוט פאַרבליבן מיט דער האַנט. איר קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזן און ברין האָט נישט געקאָנט זען איר פּנים. לידא פּעטראָוונא האָט ווי צו זיך אַליין געזאָגט:

— נו... וואָס...

טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונא האָט לאַנגזאַם זיך אויסגעגלייכט, זי האָט זיך איינגעטוליעט אין מוד, ווי עס וואָלט איר פּלוצלונג קאַלט געוואָרן, אירע אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזן, זי האָט גיך און קלאַנגלאָז געזאָגט:

— שלעכטע... שלעכטע ידיעות...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ברינען:

— אייך... באַזונדערס... וואָלט איך געראָטן...

ברין האָט נישט געוואַרט ביז זי וועט ענדיקן, ער האָט גענומען זיין זעקל אויפן אָרעם.

— איך וואָלט אייך פאַרבעטן... צו מיר... אַהיים... אפשר וואָלט איך געקאָנט אייך... מיט עפּעס...

— ניין... אַ דאַנק... — האָט ברין געזאָגט.

— איך האָב נישט קיין רעכט פונדאַנען אַוועקצוגיין... — האָט זי שטיל געזאָגט — עס קאָנען זיין פאַראָרדענונגען...

— ווי איז... אויפן פראָנט... טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ... — האָט לי־דא פּעטראָוונא אַריינגעשטעלט.

— קיין גוטעס... לײדער...

אַלע זענען געגאַנגען דורכן ליידיקן קאָרידאָר. אין דרויסן איז גע־וואָרן העלער, אַ קילע ווייסלעכע ליכט האָט זיך אָנגעטראָגן צוזאַמען מיט אַ פייכטער פרישקייט און די צווייגן פון דיביימער האָבן זיך אומעטיק צערוישט.

— אַלדאָס גוטס... — האָט טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונא געזאָגט — ווען זי האָט זיך פאַרהאַלטן ביי דער טיר און דער בלייבער שמייכל האָט זיך צוריק באַוויזן אויף איר פּנים.

אין דער מינוט האָט ברין דערזען ווי די צוויי רוסישע פרויען האָבן זיך פאַרהאַלטן, לאָזנדיק אים אַפּגיין ווייטער. ער האָט געזען ווי זיי האָבן זיך עפּעס שטיל און גיך איבערגעגעבן, לידאַס אויגן האָבן זיך ברייט אויפגעריסן און זענען אַזוי פאַרבליבן מיט אַן אויסדרוק פון פּלוצלונ־גער איבערראַשונג. אין ברינען האָט עפּעס אַ צאַפּל געטאָן; ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אין דעם ווייסלעכן ליכט, וואָס האָט זיך אָנגעטראָגן, איז פאַר אים די שטילע גאַס געוואָרן פרעמדער און דראָענדיקער. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך דערווייטערן פון דער שטילער אומהיימלעכער רו, וואָס האָט דאָ געהערשט.

לידאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך דערנענטערט צו אים מיט אייליקע טריט, איר בליק איז נאָך אַלץ געווען ברייט אויפגעריסן, ווי זי וואָלט פאַר זיך געזען עפּעס איבערראַשנדיקס. ברין האָט נאָך געזען פונדערווייטנס, ווי די פרוי פונעם שרייבער־פאַרבאַנד איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג הינטער דער אייזערנער באַריער צווישן די ביימער. זי האָט זיך אַלץ געטוליעט אינעם טוך און זיי נאָכגעקוקט.

זיי זענען אַפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט. פּלוצעם האָט לידאַ פּעטראָוונאַ אויסגערופן:

— מען רופט אונדז...

ברין האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דאָ האָבן זיי דערזען טאַטיאַנאַ גרי־גאָריעוונאַ, וואָס איז געלאָפן נאָך זיי, ברין האָט זי שיער נישט דערקאָנט, זי איז איצט געווען איינגעהילט אין אַ גראָבער ווייסער רויער פעל, וואָס עס האָבן דאָ צומיינסט געטראָגן די פרויען אויף דער גאַס. דאָס פעלצל איז געווען פאַרהאַנגען אויף איר אַקסל און האָט ווילד אויסגעזען אויף איר שוואַרץ שטאָטיש קלייד.

זיי זענען איצט געשטאַנען ביי דעם ווייסן הויז, וואָס האָט זיך כמעט נישט אַרויסגעזען פון צווישן די געדיכטע ביימער. די פענצטער פון דעם הויז זענען געווען טויב־פאַרמאַכטע און שמאָלע הילצערנע טרעפּ האָבן גלייך פון דער גאַס געפירט אַרויף אויף די צוויי שטאָק פון דעם אַלט־פרענקישן, ווי פאַרלאָזענעם הויז.

טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ איז געשטאַנען און שווער געאָטעמט פון דעם לויפן. אירע טונקעלע האָר האָבן זיך צעוואָרפן פונעם ווינט:

— איך וואָלט געוואָלט... אייך מיט עפּעס צודינען... — האָט זי גע־זאָגט אין איין אָטעם — ווען איר זענט שוין דאָ... אַ פּאָר מינוט... איך וויל אייך ווייזן דאָס הויז... דאָ האָט געוווינט... מאַקסים גאָרקי...

ערשט איצט האָט ברין דערזען אויף דעם אַלטן געשניצטן טויערל פונעם הויז אַ קליין בלייך שילדל מיט דעם אויפשריפט: „דאָ האָט געוווינט גאָרקי".

— מיר וויזן דאָס הויז... די שרייבער... געסט... — האָט טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ נאָך אַלץ שווער געאָטעמט — עס איז איצט... צוליב די מלחמה־אומשטענדן ליידיק... אָבער עפּעס קאָנט איר נאָך זען...

— אַך... איך וועל זיין גליקלעך... — האָט לידיא פּעטראָוונא אויפגעלויכטן.

די פרוי האָט אַ קלוגג געטאָן ביי אַ גלעקל. באַלד דערויף האָט זיך פונעם מיט געביש פאַרוואַקסענעם הויפל באַוויזן אַן אַלטער מאַן, ער איז געווען געבויגן צו דער ערד, זיין פּנים איז געווען רויט ווי פון געברענטן ליים און זיין קאָפּ און באָרד זענען געווען פון אַ נישט געזעענער ווייסקייט, ווי ער וואָלט געווען פאַרשיט מיט שניי.

— „זדראַווסטוויטיע דיעדושקאַ"... — האָט טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ אויסגעזונגען.

— מיר האָבן געסט... דיעדושקאַ... באַמי זיך נישט... איך וועל אַליין עפענען... ווערסט האָך מיר געטרויען...

— ניין... טייערע טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ... דאָס טאָר איך נישט... מיינע אַלטע פיס דינען מיר נאָך... דו ווייסט אַליין... „סלוזשבאַ"... אָט... „פּאַזשאַלוסטאַ"...

און ער האָט דער ערשטער גענומען קלעטערן אויף די שמאָלע, הילצערנע טרעפּ, קרעכצנדיק און רעדנדיק צו זיך אַליין:

— ליב געהאַט די טרעפּ... אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש... פונדאַנען געזען די ברעגן פון דער וואָלגאַ... אין אַ זוניקן טאָג... האָט מען ווייט געזען... קראַנק געווען... אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש... נישט געטאָרט אויף די טרעפּ... אָבער נישט געוואָלט הערן... נישט איינמאָל פאַרהוסט זיך גייענדיק... צוליב דער קראַנקהייט זיינער... זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן.... ליב געהאַט צו זאָגן: „איך גיי ארויף אין הימל"...

די טרעפּ זענען געווען אַ סך, טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ האָט אַלץ שווער געאָטעמט. זי האָט צונויפגענומען אירע שווערע טונקעלע האָר, וואָס דער ווינט האָט דאָ וואָס העכער אַלץ מער צעבלאָזן. איר שטים האָט צוריק באַקומען דעם ווייכן, זינגענדיקן קלאַנג.

— דער אַלטער איז פּאַר גאָרקי... ווי אַן אייגענער פאָטער געווען....

אים געהיטן מיט צאַרטער ליבע... געדענקט יעדעס וואָרט גאָרקיס... צוזאַ־
מען מיט אים געלעבט אין דעם הויז, ווען גאָרקי איז נאָך יונג געווען...

דערווייל האָט דער אַלטער מיט אַ שליסל לאַנגזאַם און קרעכצנדיק געעפנט די טיר, ער האָט מיט זיינע אַלטע אויגן שאַרף אַ קוק געטאָן אויף ברינען, אויף זיין וואַנדער־זעקל. לידאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך אומ־דרייסט פאַרהאַלטן אויף דער שוועל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַל־טער איז נישט גערן זיי אַריינצולאָזן אין דעם הויז. די אָפענע טיר איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ שווערער, טונקעלער קאָטאַרע.

דאָ האָט זיך ווידער דערהערט טאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַס זינגענדיקע שטים:

— דאָס איז, דיעדושקאַ... אַ שרייבער... אונדזער אַ שרייבער... פון מערב... אַנטלאָפן פון די דייטשן...

דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזן זיין אַלטע, אָדערדיקע האַנט אויף ברינס אָרעם, שטרענג אַ קוק געטאָן מיט זיינע ווייסע ברעמען אויף לידאַ פּעטראָוונאַ און שטיל געזאָגט:

— נו... גייט אַריין...

זיי האָבן איבערגעשפּאַנט די שוועל און זענען געבליבן אין אַ ליידי־קער טונקלקייט. אַ זיסלעכער ריח פון אָפּגעשטאָרבנקייט האָט זיך אויף זיי אַ לייג געטאָן. דער אַלטער האָט פּאַמעלעך זיך געלאָזן פאָרויס, ער האָט קרעכצנדיק אָפּגעשפּאַרט אַ לאָדן. די ווייסלעכע ליכט פון דרויסן האָט זיך אַ ריס געטאָן דורך די פענצטער און זיי האָבן דערזען די שוועל פון אַ צווייט, גרויס צימער, וואָס האָט אַ בלאַנק געטאָן מיט אַ געהיטענער ריינקייט.

דער אַלטער האָט געעפנט אַ צווייטן לאָדן. אַ נייער שטראָם ליכט האָט זיך אַ גאָס געטאָן, און זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ רויטן־זיי־דענעם שנור, וואָס איז געווען דורכגעצויגן דורך דער גאַנצער ברייט פון דעם צימער.

## .27

„דאָ האָט געלעבט און געשאַפן אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש — מאַק־סים גאָרקי“ — דער אַלטער משגיח און פריינד פון דעם שרייבער האָט מיט דער געוווינטער פייערלעכקייט צום וויפילטן מאָל אין זיין לאַנג לעבן איבערגעחזרט די ווערטער, וואָס זענען אויך געווען אויפגעשריבן איבער

דער גאַנצער ברייט פון דער וואַנט. דער אַלטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער ווימפּערינע פון דער טיר ווי אַ היטער פון דער הייליקער שוועל, הינטער וועלכער עס איז אין אַ פייערלעכער ריינקייט און אַן אָפּרו פון אייביקייט אויסגעהיט געוואָרן דאָס ווינקל.

דער אַלטער איז שטיין געבליבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם ווייסן קאָפּ און האָט שטיל עפּעס גערעדט, שוין זעט אויס פאַר זיך אַליין. ברין האָט פאַר אַלעם דערזען די באַזונדערע ליכט, וואָס האָט דאָ אַריינגעשייַנט, ווי פון ערגעץ וואָלט דאָס ווינקל באַלויכט געוואָרן. די פּשוטע ווייסע ווענט, דער שרייב־טיש, די שטול, דער אַלטמאָדישער גלעזערנער טינטער מיט דער פּען, דאָס אַלץ איז געווען באַלויכטן מיט אַ קלאָר ליכט פון אַ געוועזענעם און פאַרשוווּנדענעם לעבן.

ברין האָט אַזאַ ליכט און אַזאַ רו קיינמאָל אין זיין יידישער וועלט נישט געזען, און אים האָט די ליכט ווי אַ שטאָך געטאָן מיט דער שאַרפקייט פון דעם געפיל פון קנאה, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז די ליכט אין די רו, וואָס ליגט דאָ אויסגעגאָסן קומט נאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי עס הערן אויף אַלע וויבּרירונגען פון לעבן; אַז דאָס איז די רו פון אַ מוזיי, וווּ עס געשעט שוין מער גאָרנישט.

ער האָט געקוקט אויף דער ווייכער, לעדערנער סאָפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און האָט געקלערט וויפל קראַנקע און שווערע נעכט האָט גאָרקי איבערגעטראָגן אויף דער גלאַטער ווייכקייט פון דעם געלעגער. ברין האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ ווייטע פרעמדקייט צו דער כמעט לייַדיקער שטוב.

ער האָט דערזען לידאַ פּעטראָווגאַ, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אויפן האַרץ, מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם און לויכטנדיקע אויגן. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער שנור, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס מוזיי־צימער. עס האָט זיך גערדאַכט, אַז זי שוועבט אַרום מיט איר בליק. דער אַלטער האָט איר עפּעס דערציילט און זי האָט אין פאַרטראָגנקייט געהערט. דעם אַלטנס שטים האָט זיך געוויגט, ווי ער וואָלט אויסגעזונגען אַן אומעטיק און פריידיק ליד:

— אויף דער שטול... ביי דעם טיש... מיט דער פּען!... — האָט זי שטיל און חלומדיק איבערגעחזרט דעם אַלטנס ווערטער.

דער אַלטער האָט צוגעשאָקלט מיט די ווייסע האָר:

— יאָ, קינד... מיט דער פּשוטער פּען... איז ער אַזוי געזעסן... אין דער שפּעטער נאכט... טיילמאָל... בין איך אַלטער... ארויפגעקראָכן אויף

די טרעפ... שפעט... די גאַנצע שטאָט שלאָפט... געבעטן אים... אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש... ביסט דאָך קראַנק... געגוג... די אויגן ברענען ביי אים... ער ברענט... רויטע פלעקן... פון דער קרענק... שטער מיר נישט... ביי מיר זענען איצט טייערע געסט... מיינע מענטשן... איך זע זיי אַלע... איך הער זיי רעדן... אַזוי האָט ער געהוסט... געוויכערט און געשריבן... די פאַפירן לויפן... אויפגעהויבן זיך, געגאַנגען איבערן צימער... און ווידער צום טיש... אַזוי ביז פאַרטאָג...

מאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ איז צוגעקומען אויף די שפּיץ פינגער. זי האָט ברינען דערלאַנגט די האַנט און האָט שטיל געזאָגט:

— איר מוזט מיר מוחל זיין... איך טאָר נישט פארלאזן מיין פּלאַץ... עס קאָנען זיין טעלעפאָנען... איך ווינטש אייך... גליקלעך קומען... איבער לעבן... די צייט. ווען עס וועט זיך ענדיקן... צוריקקומען דאָס לעבן... נאָך דער מלחמה... קומט צו אונדז... עס וועט זיין אַנדערש...

זי האָט זיך אַזוי שטיל אויך געזעגנט מיט לידא פעטראָוונאַ און מיט דעם אַלטן:

— אַ דאַנק, דיעדושקאַ... דאָ איז אַזוי גוט.. אַזוי רואיק... אָבער ווער ווייסט... וואָס עס גייט אויף אונדז...

דער אַלטער האָט שטרענג אַ קוק געטאָן פון אונטער זיינע ווייסע ברעמען:

— וואָס עס זאָל נישט קומען... איך בין אַן אַלטער זעלנער... און דאָס איז מיין פּאָזיציע. אַהער וועל איך קיינעם נישט אַריינלאָזן... אַפילו ווען...

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— וויפל זיי זאָלן נישט זיין... די שונאים... אַהער וועל איך נישט לאָזן... מיט מיר קאָנען זיי אַלץ טאָן...

עס איז געוואָרן שטיל. מען האָט געהערט די טריט פון מאַטיאַנאַ גריגאָריעוונאַ, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון די טרעפּ.

ברין האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ מידקייט. דאָס שטילע אָפּגעריסענע ווינקל פון דעם גאָרקי־הויז איז געווען צו ווייט דערפון, וואָס האָט געוואַרט אויף אים. עס האָט אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז ער איז פאַרשוווּמען ערגעץ ווייט און זיך אָפּגעריסן פון זיין אייגן לעבן. ער האָט אַלץ געהערט דעם אַלטנס זינגענדיקע שטים, וואָס האָט גערעדט צו דעם מיידל.

ברין איז צוגעגאַנגען צו דער טיר הינטער דער קאָמאָדע, פון וואַ־

נען עס האָט זיך געהערט אַ ווייטער רויש פון דער שטאָט. ער איז געווען איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט.

ענדלעך האָט דער אַלטער אַ קלוגג געטאָן מיט דעם שליסל. לידא האָט ווי אויפגעוואַכט. זי איז געשטאַנען נעבן אים מיט איר לויכטנדיקן בליק. דער אַלטער האָט זיך געפּאָרעט ביים פאַרמאַכן דעם לאָדן, און אַ ליידיקע טונקלקייט האָט איינגעהילט דעם מוזיי.

— גייט, קינדערלעך... איך, אַלטער, קאָן נישט אַזוי לויפן פון די טרעפּ... — האָט ער געזאָגט. לידא האָט אים געדאַנקט:

— אַ דאַנק, דיעדושקאַ... נאָך דער מלחמה וועל איך קומען אַהער...

און ביידע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון די טרעפּ. זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען שווייגנדיק, נישט פרעגנדיק, אין וואָס פאַר אַ זייט צו גיין. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. זיי האָבן פּלוצלונג דערפילט, אַז זיי האָבן נישט וווהין ווייטער צו גיין. דאָס מיידל האָט אַ קוק געטאָן אויף בריגען. איר ליפּ האָט אַ צאַפּל געטאָן:

— נו... — האָט זי געזאָגט — הייסט עס...

ברין האָט זיך ארומגעקוקט. אַ וואַרעמער שטראָם האָט זיך איבערגעטראָגן איבער זיין האַרץ:

— לידאַ... — האָט ער שטיל געזאָגט — לידא פּעטראָוונאַ...

דאָס מיידל האָט געקוקט אויף אים ווי מיט שרעק. זי האָט אָנגערירט זיין אָרעם, ער האָט דערפילט, אַז ער דאַרף איר עפּעס זאָגן. זיי זענען צוגעקומען צו דער ערשטער גאַס, וווּ מען האָט געזען מער מענטשן. ווי פריער איז מען געשטאַנען פאַר די טויערן. אַנדערע זענען געגאַנגען אין אַ געאייל. נעבן אַ סקווער מיט הויכע ביימער האָט מען געלייענט אַ צייטונג. אַרום איז געשטאַנען אַ ראָד מענטשן און געהערט. וועגענער האָבן געקלאַפּט איבער די אַלטע שפּיציקע שטיינער פונעם ברוק.

ברין האָט זיך פאַרהאַלטן ביי אַ טויער. עס איז געווען שווער צו זאָגן דאָס ערשטע וואָרט פון געזעגענען. לידא האָט אַלץ געקוקט אויף אים. ענדלעך האָט זי שטיל געזאָגט:

— וווהין... וווּ וועט איר איצט גיין... מיין פריינד...

ער האָט איר געוואָלט זאָגן וועגן דעם הויז פון די יידישע הײמלאָזע, ווו ער האָט אַ פריינד לעווין, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין ענטפער אויף איר פראַגע. אפשר וואָלט זי נאָך געגאַנגען מיט אים אַהין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אַלע זייטן פון אַרום זענען אים געוואָרן אַלצאיינס. עס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער ווייסט נישט, וואָס אַרום אים טוט זיך.

אפשר איז שוין שפעט פון דאַנען צו לויפן. ער האָט געקוקט אויף די מענטשן פון דער גאַס. אפשר איז שוין פון זיינע קיינער נישטאָ. צי וועט ער נאָך באַגעגענען לעווינען. עס האָט זיך געטונקלט. ב־ייז האָט נישט געוווּסט ווי עס האַלט מיט דעם קורצן טאָג. ער האָט מיטאמאָל דערפילט, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם וואַנדערער־אינסטינקט, וואָס האָט אים ביז אַהער געפירט, און אים איז באַפאַלן אַ שרעק. פּלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז ער דאַרף זיך באַפרייען פון דעם דרוק, וואָס ליגט אויפן האַרץ, אַז ער האַרף זיך געזעגענען מיט דעם מיידל. ער דאַרף צוריק ווערן וואַנדערער, גיין אַליין ווייטער און ווייטער. ער האָט גענומען ליודאס האַנט. איר האַנט איז געווען נאַכגיביק, ווי זי וואָלט אים געוואָלט די האַנט אַוועקגעבן:

— מערקווירדיק... אַזוי מערקווירדיק... — האָט זי ווי צו זיך געזאָגט — אַזוי וועט איר אַוועקגיין... און...

אין דער מינוט האָט זיך צום רויש פון דער גאַס צוגעפלאָכטן נאָך אַ רעש, וואָס האָט זיך אַ טראָג געטאָן ווי פון דער הייך. דער רעש איז געווען אַ פרעמדער, אַ רייסנדיקער. מענטשן האָבן געזוכט פון וואַנען ער קומט, האָבן פאַרריסן די קעפּ. אַ געוואָרער האָט זיך דורכגעטראָגן איבער דער גאַס. אָבער אַ רייסנדיק הודזשען האָט זיך אָנגערופן און איז איבער־געגאַנגען אין אַ פייפנדיק הייזעריק געשריי. די גאַס האָט זיך אַ וויג געטאָן. פון ערגעץ האָט זיך אָנגעטראָגן אַ מענטש און קלאַפנדיק מיט שווערע שטיוול איז ער געלאָפן מיט אַ געשריי:

— „טרעוואָגאַ“...

די גאַס האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם, ווי זי וואָלט געוואָלט מאַכן אָרט פאַר דעם משונהדיקן רעווען, ווי די וועלט וואָלט געשריגן אין אַ קראַמף פון אונטערגאַנג. די גאַס האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין אַ קרום געלויף, ווי געטראָגן פון אַ שטורעם־ווינט. די דרינגענדיקע שטים פון ראַדיאָ האָט מיט אַ וואָרענדיקן אימפּעט זיך געפלאָכטן אין דעם געוואַי. דאָס געשריי האָט זיך אויסגעצויגן, געוואָרן דין און לאַנג ווי אַ שלאַנג און זיך אריינ־געשטאָכן אין די אויערן ווי אַ שפּיז. באַלד האָט זיך אָנגערופן אַ הייזע־ריק רעוועריי פון די שיפן אויף דער וואָלגאַ. נעענטער און ווייטער. ער־געץ האָבן געקלאַפּט טירן און טויערן, סירענעס פון פאַבריקן, רעדער איבער שטיינער:

— „טרעוואָגאַ“.... „טרעוואָגאַ“...

אַ טויבקייט פון פאַרשטאָרבן לעבן האָט זיך אַ שפּרייט געטאָן איבער דער גאַס. אַ שווערער פלאַצנדיקער קרעכץ האָט זיך אַ לייג געטאָן און די ערד אונטער די פיס האָט אַ צאַפּל געטאָן.

.28

ברינען איז געווען באַקאַנט די פאַרשטיקטע פּיין פון אַ לופט־אָנפאַל. ער האָט געוווּסט, אַז די דייטשן, וואָס זיצן אויבן אין די באָמבאַרדירער, ווייסן נישט פון קיין געזעץ און פון קיין רחמנות. ער האָט געזען ווי זיי האָבן זיך געיאָגט אין די פּוילישע שטעט נאָך שוצלאָזע פרויען און קינדער. ער האָט באַלד דערפילט די פּיין פון טויט איבערן קאָפּ. אים איז געווען באַקאַנט די פאַרדריקטקייט און אומגעשיצטקייט. ווען דער טויט רירט אָן און פאַרקילט דאָס בלוט אין די אָדערן. ער האָט געקאָנט דעם עלנט און פאַרלוירנקייט פון דער לעצטער מינוט, ווען די ערד ווערט אומזיכער און דער מענטש וויל אַנטלויפן פון זיך אַליין.

ברין האָט שוין נישט איינמאָל געפילט אָט די משוגעדיקע ענגשאַפט פאַר דער צייט פון זיין וואַנדערן. אַ געיאָגטער פון געפאַרן, האָט ער זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז יעדער צייט און יעדעס אָרט קאָן זיין דאָס לעצטע. דאָך איז פאַר אים איצט ווילד געווען דאָס פלוצלונגע געפיל, אַז דאָס קאָן געשען אין דער פרעמדער שטאָט, איצט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אַרום האָט זיך אַלץ געטראָגן אין אַ משוגעדיקן לויף, ווי עס וואָלט זיך געטרייסלט די ערד. עס האָט אים געדאַכט, אַז די אַלטע גרויע שטיינער לויפן אונטער זיינע פיס. ער האָט שוין איצט נישט געהערט דאָס רעווען, וואָס איז איבערגעגאַנגען ווי אין אַ וואָיענדיק געוויין. צוזאַמען דערמיט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע און שווערע שטילקייט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך איינגעהערט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם. מיטאַמאָל האָט ער דערזען דאָס מיידל. זי איז געשטאַנען אַ פּאָר טריט פון אים מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צום הימל. אירע הענט זענען געווען אויפגעהויבן און פאַרדריקט אין פויסטן. אַרום איר איז געווען ליידיק, אין אין דער ליידיקער, אָפּגעשטאָרבענער גאַס, האָט זי איצט אויסגעזען אומנאַטירלעך גרויס מיט איר פאַרריסענעם קאָפּ אַרויף. ברין האָט דערפילט, אַז זי איז איצט ווייט פון אים. און ער האָט זיך פאַר דער פרעמדקייט דערשראָקן.

אין דער מינוט האָט עפּעס שאַרף און בייז ווי אַ ביל געטאָן, און אַ ראָזלעכע ליכט האָט זיך אַ וויקל געטאָן איבער די פאַרשטומטע דעכער. באַלד האָט זיך דאָס רייסנדיקע בילעריי אָנגערופן פון אַלע זייטן. עטלעכע מענטשן זענען פון ערגעץ אַרויס און מיטן דער לײדיקער גאַס מיט אויפגעהויבענע הענט און אָנגעוויזן אויפן הימל. לידא פּעטראָוונא האָט זיך געלאָזן נאָך זיי. ברין האָט זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך איר. ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַרן ראַציקן אַרבל פונעם שינעל און דערפילט אירע פולע, אָנגעשטײפטע הענט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, אירע אויגן זענען איצט געווען פאַרלאָפן מיט אַ שטרענגער גרויקייט:

— לידא... לידא פּעטראָוונא...

זי האָט געקוקט אויף אים, ווי זי וואָלט אים נישט דערקאָנט:

— לידא... דאָס איז נישט גוט... אַזוי... מען מוז ערגעץ אַריינגיין...

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן. די ראָזלעכע שלייפן האָבן זיך געוויקלט אין דער שטילער, ווײסלעכער הייך, מיטאַמאָל האָט זי אים ווי דערזען:

— אונדזערע... שיסן... — האָט זי שטיל געזאָגט, און פּלוצלונג אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— די מאַמע... די מאַמע איז אַליין...

זי האָט אים אַ שלעפּ געטאָן, לויפנדיק מיט אים צוזאַמען. מענטשן זענען געשטאַנען אין די טויערן, אײנגעקאָרטשעטע ביי די ווענט. מען האָט געקוקט אויף זיי פון די טויערן און באַהעלטעניש. זיי זענען געווען אַליין אויף דער גאַס.

— אָט... אומגאָרמאַל... — האָט עפּעס אַ פרוי זיי נאָכגעשריגן.

ביים עק פון דער גאַס, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן באַרג־אַראָפּ, האָבן זיך פאַרהאַלטן צוויי האַלב־מיליטעריש געקליידטע. זיי האָבן געטראָגן גאַז־מאַסקעס מיט רימען איבערן אַקסל:

— אין שוץ־קעלער... — האָבן זיי אויסגעשריגן.

זיי האָבן שטרענג געקוקט אויף ברינען:

— אין צווייטן טויער... לינקס... אין קעלער...

אין דער מינוט האָט די ערד אַ קרעכץ געטאָן. עמעץ האָט זיך גיך איבערגעצלמט.

זיי זענען אַריין אין אַ נידעריקן, הילצערנעם, טונקעלן טויער. ביי די זייטן זענען מענטשן געשטאַנען צוגעשפּאַרטע צו די ווענט.

— פון וואַנען גייט איר... — האָט עמעץ געפרעגט.

— וואָס האָט איר געזען...

אַ הויכע, ברייטע פרוי, אין אַ לאַנגן מאַנטל מיט אַ גאַז־מאַסקע אויפן אָרעם, האָט זיך געאַמפּערט מיט די מענטשן און געטריבן אין אַ טינקע־לער טיפקייט פון אַ קעלער. מען האָט פון דאָרט געהערט אַ מורמלען און אַ שטיל געוויין. די פרוי האָט שטרענג באַפוילן:

— אַראָפּ... אַלע אַראָפּ...

אַ צווייטער, נאָענטער קראַך האָט ווי אַ שטופּ געטאָן דעם טויער. דער טויער איז געבליבן ליידיק. אַ טונקלע דעמפיקייט האָט זיך אַ טראָג גע־טאָן, און האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, האָט זיך ברין מיט דעם מיידל אַראָפּגעלאָזן פון די פינצטערע טרעפּ.

* *
*

באַלויכטן פון אַ קליין, נאַקעט בלינצנדיק לעמפּל, האָט ברין דערזען אַ פולן קעלער מיט מענטשן: פרויען, מענער און קינדער. מען איז גע־זעסן אויסגעזעצט אויף אַלטע פעסער, ברעטער און ציגל. אַ רויטלעכע ליכט האָט באַשמירט די פנימער פון די מענטשן, וואָס האָבן געבליקט מיט אַ שטרענגן ערנסט און וואַרטן. ברין האָט דערזען, אַז די מענטשן, וואָס זענען צום ערשטן מאָל געטראָפן געוואָרן פון דעם לופט־אַנגריף, באַנעמען נאָך נישט אויף קלאָר די געפאַר, וואָס דראָט זיי, און זיי גיבן זיך גיכער אונטער דער מאַכט פון די צוויי מיידלעך, וואָס זענען געשטאַ־נען ביים אַריינגאַנג, אָנגעטאָן האַלב־מיליטעריש מיט סאַניטאַרע צייכנס אויף די אָרעמס. די מיידלעך זענען געשטאַנען ביי דער טיר נעבן אַ פאַס וואַסער, דאָ זענען אויך געלעגן העק, אייזערנע דרענגער און לאָפּאַטעס.

אַ שווערער אָטעם האָט זיך געטראָגן פון די מענטשן און אַ שטיל שעפּטשעריי ווי מען וואָלט געדאַוונט. אויף אַ פאַס, אין מיטן, איז געזעסן אַ ברייטבייניקער מאַן מיט אַ ברייטער העלער באָרד. ער האָט אונטערגע־שפּאַרט זיין גרויסן, באַוואַקסענעם קאָפּ מיט דער האַנט, און זיינע בלויע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל אויף די צוויי מיידלעך פון דער לופט שוץ. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעהויבן פונעם אָרט, פאַרצויגן דעם לעדערנעם רימען אַרום דעם צעריסענעם לעדערנעם פעלצל און זיך געלאָזן צו דער טיר. די מיידלעך מיט די צייכנס אויף די אַרבל האָבן אים פאַרהאַלטן:

— מען טאָר נישט... „גראזשדאנין“... עס איז א „נאַליאָט“... מען מוז איבערוואַרטן...

דעם אַלמנס בלויע קינדערישע אויגן האָבן אויפגעשפּילט מיט אַ לה־בעים:

— מען טאָר נישט... פאַר וואָס... אָט וועל איך גיין... וואָס בין איך אַ באַראָן... מען זאָל מיר האַלטן פאַרשפּאַרט... אַ שונא דאַרף מען זען... אַ קוק טאָן... אָט, מיט וועמען מען האָט צו טאָן... ווינציק האָב איך „געוואָיעוועט“... מיטן דייטש... מיט דעם יאַפּאָניעץ... קיינמאָל אין קיין קעלער נישט געלעגן... און איר וועט דאָס אונדז שיצן... „באַרישניעס“...

— מיר זענען נישט קיין „באַרישניעס“... מיר זענען סאַניטאַרקעס... פון דער „אַבאָראָנאַ“... פון דער לופט־שוץ... אפשר דאַרף מען וועמען העלפן... אפשר איז ווער קראַנק... אָדער, טאָמער... אַ שׂרפה...

דער אַלטער איז געשטאַנען אין זיין ריזיקער גרויס, און געהוזקעט:

— אָט... איך פאַרשטיי שוין... איר גיט „קאַפּליעס“... קעגן אַ באָמבע...

דער עולם האָט זיך צעלאַכט. אַנדערע האָבן זיך געערגערט:

— אָט... אַן אַלטער „טשוּדאַק“...

— וויל זיך גיין שלאָגן... מיט די דייטשן... אויפן הימל...

אַ צווייטער האָט אונטערגעהאַלטן דעם אַלטן:

— נישט ריכטיק... נישט געהערט געוואָרן... אַ רוסישער מענטש... זאָל זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער... אַזוי ווי „באַבעס“...

אַ טויבער קראַך האָט אַ ריס געטאָן דעם קעלער, ווי די אַלטע מיט מאָך באַוואַקסענע ווענט וואָלטן אויפגעוואַכט:

— אָט... אַ „פוגאַסקע“... — האָבן די מיידלעך דערקלערט — אָט ווען עס טרעפט אויבן...

— און ווו זענען אונדזערע... אונדזערע פליער... אונדזערע „ליאָטשיקעס“... פאַרוואָס האָבן זיי דורכגעלאָזן... — האָט ווער געפרעגט — נישט באַדאַרפט אַריינלאָזן אין שטאָט...

— אונדזערע... אונדזערע האָבן גענוג צו טאָן... ביי מאָסקווע... אָט דאָרט...

אַ קרעכץ האָט זיך איבערגעטראָגן איבערן קעלער.

עפּעס אַז אַלטע, אָנגעטאָן אין אַ שווערן טוך איבערן קאָפּ, האָט זיך געבעטן ביי די מיידלעך:

— לאָזט אַרויס... טעכטערלעך... איבערגעלאָזן אויף דער קיך... אַ „סקאָוואָראָדע“ מיט „סאַלאָ“... פאַרברענט ווערן... אַ פּאַרמעגן...

דער עולם האָט געלאַכט:

— לאָזט איר ברענגען די „סאַלאָ“... וועט מען מאַכן אַ סעודה... אַ פּערציקסטל „וואָדקאַ“ זאָל זי מיטברענגען...

קרעכצן האָבן זיך אויסגעמישט מיט געלעכטער, ווערטלעך האָבן זיך געשיט פון אַלע זייטן. אויבן האָט געריסן און געברילט, און אונטן, אין קעלער האָט געריזלט און געשטראָמט אַ קאָלירטע פּאַליע פון אייביקן לעבן פון פאָלק.

— עך... ווען מען גיט מיר אַראָפּ די „פריצן“... — האָט איינער כסדר איבערגעחזרט:

— אָט... וואָיאַקעס אויפן הימל... קום אַראָפּ... אָט... שלאָג דיך אויף דער ערד... ווי אַ מענטש מיט אַ מענטש... און מיט וועמען שלאָגט מען זיך היינט... מיט באַבעס... מיט קינדער... עך... קולטור... קולטור...

ברין איז געשטאַנען אין אַ טיפן טונקעלן ווינקל עפּעס האָט אים ווי אונטערגעזאָגט זיך צו פאַרשטעקן וואָס טיפער אין דער טונקלקייט, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק אין עפּעס.

דאָס מיידל איז געשטאַנען נאָענט נעבן אים. ער האָט געפילט איר אָטעם. זי האָט געשוויגן. און ברינען האָט זיך געדאַכט פון איר שווייגן, אַז אויך זי וויל אים באַהאַלטן פאַר די מענטשן אין קעלער. ער האָט גע-האַלטן איר האַנט, וואָס איז מיט אַ צאַפּל פון נאָענטקייט געלעגן אין זיינער.

.29

ווי אַן אויפגעברויזטער בינשטאָק האָט זיך די אַלטע שטאָט אויף דער וואָלגאַ פאַרגעשטעלט פאַר ברינען, ווען ער איז אַרויס פונעם קעלער. אַ נייִ, רייסנדיק געוואָי פון אַלע זייטן האָט אָנגעזאָגט, אַז דער שונא איז ענדלעך פאַרטריבן פונעם הימל, אָבער דער צאַפּל פון געפאַר איז נאָך געלעגן אויף אַלעם אַרום. ווען ברין מיט דעם מיידל זענען אַרויס פון דעם קעלער.

פאַר דער צייט איז די גראָע, נעפלדיקע ליכט פאַרשוווּנדן. עס איז שוין געווען שפעט נאָך האַלבן טאָג, און אויפן טונקעלן הימל זענען שטיקער וואָלקן געלעגן ווי צעריסענע אין דער שלאַכט, ווי צעפליקטע טיכער, באַשלאָגענע מיט א רויטלעכן ליכט פון דער זון, וואָס האָט זיך געזעצט ערגעץ אין אַן אומעטיקער ווייט. עס האָט דערמאָנט אין אַ בלוטיקער שפיל, וואָס האָט זיך דאָ איבערגעטראָגן.

אַן עסנדיקער ריח פון בראַנד איז געשטאַנען אין דער לופט. מענטשן האָבן זיך אַרויסגעפאַקט פון די הויפן און געלאָפן, קוקנדיק אין אַלע זייטן מיט אומזיכערקייט און אומרו.

דער קורצער אָסיען־טאָג האָט זיך שוין געבויגן צום אָוונט. די ווייט האָט זיך געטונקלט, און אין דעם געדעמפטן ליכט האָט זיך ברינען גע־דוכט, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַריינגעפאַלן אין אַ קעלער און באַלד וועט עפעס מיט אַ קראַך אויפרייסן און פאַרשיטן אַלץ אַרום.

עס איז פאַרשוווּנדן די גאַיווע גוטמוטיקייט פון די אַלטע גאַסן. די הייזער האָבן זיך ווי איינגעקאָרטשעט און אַ שוואַרצלעכער שטויב פון בהלה האָט זיך אַ לייג געטאָן אויף די הייזער, וואָס עס האָט ברינען דער־מאָנט אין אַ בילד פון אַלטע צייטן פון אַ שטאָט בעת אַ מגפה, וואָס ער האָט ווו געזען. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט מיט וואָס פאַר אַ גיכ־קייט עס איז אַנגעלאָפן דאָס אַלץ, וואָס עס איז געשען פאַר די צוויי טעג, און ער האָט ביי דעם געדאַנק פאַרשנעלערט זיינע טריט. אויך דאָס מיידל לידא פעטראָווגא איז געלאָפן מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אויף אַ באַרגיקער גאַס אַרויף, פון וואַנען עס האָט זיך פאַר זיי באַוויזן אין עטלעכע ווינקלען אין דער געדיכטער פאַנאָראַמע פון דער שטאָט, ווי עס האָבן זיך געהויבן צום הימל געדיכטע פאַסן שוואַרצער רויך, דורכגענומען מיט אַ רויטן פלאַם. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן. אַ גע־דיכטע מאַסע מענטשן האָט זיך אָנגעטראָגן פון אַלע זייטן. פון ערגעץ האָט זיך מיט אַ בהלהדיקן רעש געטראָגן אַ געהילך פון לויפנדיקע וועגע־נער. ערגעץ האָט געריסן אַ גרעגעריי. ברין האָט דערפילט ווי דעם מיידלס האַנט האָט אַ ציטער געטאָן אויף זיין אָרעם און ער האָט דערהערט איר פאַרשטיקט קול, ווי זי האָט אויסגערופן מיט אַ קינדערישער שרעק אין דער שטים:

— זעט... עס ברענט...

— עס ברענט... — האָבן ווי אַ כאָר איבערגעחזרט די לויפנדיקע מענטשן אַרום...

— איך מוז אַהיים... צו דער מאַמען...

און ברין האָט ווי אויפגעוואַכט. דאָס געפיל פון שולדיקייט האָט אים ווי אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך באַפרייען פון דער שולדיקייט, וואָס גיכער אויפנעמען זיין ווייטן און פרעמדן פון איר גורל, זיין ווייטן און באַזונדערן וועג.

לידאַ פּעטראָוונאַ האָט איצט ווייבעריש געבראָכן די פינגער. דאָס יינגלשקייט האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן פון איר, אירע האָר האָבן זיך אַרויסגעריסן פון הינטערן זעלנערישן היטל, דער שינעל איז געווען ביי איר צעקנעפּלט און איר ברוסט האָט זיך געהויבן ביים לויפן:

— די מאַמע... די מאַמע... — האָט זי שטיל צו זיך אַליין גערעדט.

בריגען איז שווער געוואָרן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַרום איבער די אויפגערודערטע גאַסן און אים איז פּלוצלונג שרעקלעך געוואָרן צו בלייבן אַליין. ער האָט פאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָפּשטעלן. ער איז גרייט געווען דאָ זיך צו שיידן מיט איר. לידאַ האָט זיך אויך פאַרהאַלטן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, און איר בליק האָט אים ווי באַהויכט מיט אַן אָנגעווייטיקטן צער. ווי זי וואָלט אים אַרומגענומען, האָט זי מיט אַ מיידלשער צאַרטקייט געזאָגט:

— אפשר... צו אונדז... ווו וועל איך אייך לאָזן...

און זי האָט אַ בלאָנדזשע געטאָן מיט איר האַנט צו זיינע ליפּן.

— ניין... לידאַ...

ער האָט געפונען איר וואַרעמע צאַפּלדיקע האַנט אין זיינער. זי האָט מיט אַן אָנגעווייטיקטן בליק געקוקט אין זיינע אויגן, און ברין האָט ווי פאַרגעסן אין אַלעם אַרום. אַ וואַרעמקייט, צוזאַמען מיט אַ צאַפּלדיקער שרעק פאַר דער צעשיידונג, האָט אין אים אויפגעפלאַטערט. אַ רגע האָט זיס אַ צי געטאָן צו דעם לאַנגן קאָרידאָר צו בלייבן נאָך נעבן איר. אפשר וועט עפּעס געשען און ער וועט זי נישט פאַרלירן, נאָר דאָס שטרענגע געשטאַלט פון דער אַלטער סטעפּאַנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך געשטעלט אין איר ריזיקער וואָג, ווי זי וואָלט געקוקט אויף אים מיט אירע קליינע פרומע רײנע בליקן:

— ניין... לידאַ... איך מוז גיין... מיט מיר איז אַנדערש...

ער האָט געוואָלט איר עפּעס קלאָר מאַכן, אָבער זי האָט אים גיך געענטפערט:

— איך ווייס, איר מוזט גיין...

זי האָט אים אַ פיר געטאָן, האַלטנדיק פעסט זיין אָרעם. ער האָט

קוים נאָכגעהאַלטן אירע לויפנדיקע טריט. זיי האָבן זיך ווידער פאַרהאַלטן. דאָ איז געווען אַ קליינער סקווער, ווו עס איז שוין געווען גוט טונקל צוליב די הויכע אַלטע ביימער. ברין האָט ווידער דערקענט די געגנט פון דער „ציגאַנקע“, ווו לידא האָט געוווינט. לידא האָט באַדאַרפט זיך אַראָפּלאָזן מיט דער ערשטער גאַס, באַרג־אַראָפּ. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן אַ בוים, אַרום איז מיטאַמאָל שטיל און ליידיק געוואָרן.

— איר וועט מיר שרייבן... — האָט זי גיך אָטעמדיק געזאָגט — רוטשקאָוואַ... לידא פּעטראָוונא...

ער האָט אַ דרוק געטאָן איר אָרעם, זי האָט פאַרמאַכט די אויגן:

— לידא...

— יאָ... „מילי“... איך וועל וואַרטן... אייער בריוו...

ער האָט אָנגערירט אירע האָר, איר אָטעם האָט אים אַ ברי געטאָן די האַנט.

איר מויל האָט זיך געעפנט. די פרישע ריינקייט פון איר מויל האָט אַ בלאַנק געטאָן. אירע שטרענגע דינע ברעמען האָבן אַ צאַפּל געטאָן און זי האָט אַרויסגעאָטעמט:

— טייערער... אויב איך וועל נישט זיין... וועט די מאַמע... אויב זיי וועלן קומען... איך וועל...

און אַ קליינע קינדערישע טרער האָט אַ שפּאַר געטאָן איר בלייך, ווי פאַרחלשט פּנים אירע ליפּן האָבן קינדעריש אַ צאַפּל געטאָן:

— „פּראַשטשײַ“...

און זי האָט אַ לויף געטאָן. באַלד האָט זי זיך אומגעקערט, זי האָט אַ בויג געטאָן איר קאָפּ צו זיין ברוסט און שטיל אַריינגערעדט אין זיין אָרעם, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען זיין וואַנדער־זעקל:

— שרייב... שרייב... רוטשקאָוואַ... איך וועל דיך זוכן... אין קאַזאַכסטאַן... איך וועל:..

און זי איז קלאַפּנדיק מיט די שטיוול, ווי מען וואָלט זי געיאָגט, האַלטנדיק די הענט ביים פּנים אַנטלאָפן. ברינען האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ שווער קרעכצנדיקער שלוכץ האָט זיך אַ טראָג געטאָן און איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט איר.

ברין איז געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים און מיט אַן איבערראַשט האַרץ געזען ווי דאָס מיידל האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער אַלטער גאַס. די שווינדלדיקע אָוונט־ליכט האָט גיך פאַרטונקלט איר שיין

געשניצט געשטאַלט און די גאַנצע וועלט מיט דער צאַנקענדיקער, באַפּאַ־
לענער שטאָט איז פאַר אים געוואָרן ליידיק.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. די פלאַמען פון די שרפות האָבן איצט באַהערשט דעם הימל מיט דער אומהדיקער סודותדיקייט פון פייער. ברי־
נגען האָט זיך געדאַכט ווי ער וואָלט אַרויסגעפאַלן פון דער מענטשלעכער וועלט אין אַ גרויסער ליידיקייט, וווּ ער וועט פאַרטראָגן ווערן ווי אַ שטויב. ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער גאַס, צו דעם הויז פון די יידישע היימ־
לאָזע וואַנדערער.

דאָס הויז איז געשטאַנען אין דער געגנט אין איינער פון די גאַסן באַרג־אַראָפּ. ער האָט זיך געלאָזן מיט דער ערשטער גאַס, און ווידער דערזען די „ציגאַנקע", ווו עס איז געווען דער לאַנגער הויף און דאָס ווינקל פון דער אַלטער סטעפּאַנידא איוואַנאָוונא. דער געדאַנק, אַז דאָרט געפינט זיך דאָס מיידל האָט אַ שפּיל געטאָן אין זיין האַרץ. עס האָט אים אַ צי געטאָן אַהין. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ער זאָל נאָכ־
אַמאָל דורכגיין דעם לאַנגן קאָרידאָר, גלייך ווי פון דאָרט וואָלט אים גע־
דראָט אַ געפאַר.

די טייל הינטערשטאָט האָט זיך איצט גיך אָפּגערייניקט פון מענטשן. די פאַרהאָנגענע פענצטער פון די הייזער האָבן דערמאָנט אין מצבה־שטיי־
נער אויף אַ בית־עולם. די קורצע, האַלב־דאָרפישע גאַסן זענען שוין געווען נאַכטיק שטרענג. ברינגען איז געוואָרן אומהיימלעך צו גיין ווייטער.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן און גענומען גיך שפּרייזן צוריק צום צענ־
טער שטאָט, ער איז געגאַנגען אַרויף, אויף דעם גערויש פון דער שטאָט און געקלימפּער פונעם טראַמוויי, וואָס האָט זיך וואָס אַמאָל דערנעענ־
טערט.

דאָס איז געווען זיין איינציקער וועג צום וואָקזאַל, צום אָנהייב פון בייע ווייטע אומבאַקאַנטע וועגן — די וועגן פון די הונדערטער, טויזנטער יידישע וואַנדערער, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרבונדן זיין גורל.

.30

צוזאַמען מיט דער טונקלקייט פון דעם שפּעט־האַרבסט־קן אָוונט האָט זיך גענומען זעצן די זון. אַ קורצער, קרעפּטיקער ווינט האָט אַ טרייב געטאָן די צעריסענע וואָלקנס און אַ טייל הימל איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט

אַ בלענדנדיקן פֿלאַם און פֿאַרגאָסן די ווייסע, נעפּלדיקע שטיקער שטאָט. דער פֿלאַם האָט זיך דורכגעריסן דורך די שווערע, טונקעלע פּאַסן וואָלקנס און אָנגעצונדן די ווייטע שטיקער וואָלגאַ, ווי אַ ריזיקע פֿייערדיקע שלאַנג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס ברענט.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט דאָס אומהיימלעכע פֿייער פֿאַרגיסן די אַלטע, אומעטיקע הייזער. מענטשן זענען געגאַנגען איבער די גאַסן, האַלטנדיק זיך צוזאַמען, ווי אָפּגעריסענע, אַנטלאָפֿענע פֿון אַ געפֿאַר.

ברין האָט זיך אַרייַנגעלאָזט אין אַ ברייטער, צערודערטער הויפּטגאַס. די גאַנצע ברייט פֿון דער גאַס איז געווען פֿאַרשטאָפּט פֿון גרינע מיליטערישע וועגענער, פֿערד און אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אין אַ קנופּ. אַ בהלהדיק גערויש האָט זיך געטראָגן, מענטשן האָבן זיך פֿאַרהאַלטן און פֿאַרשטעלט דעם דורכגאַנג, מען האָט זיך געשטופּט און געשטויסן אין אַ וויסטער ענגשאַפֿט. מיט אַ רייסנדיקער הודזשעריי פֿון סיגנאַלן האָבן די רויטע פֿייערלעשער־וועגענער זיך אַריבערגעריסן אין דער מיט פֿון דער גאַס און אין דער משונהדיקער רויטער ליכט פֿונעם הימל האָבן געבליצט די מעשענע קאַסקעס פֿון די פֿייערלעשער. אַ ריי טראַמוויען האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דער לענג פֿון דער גאַס. דאָ האָט ערגעץ געברענט.

אין דער שטיקנדיקער ענגשאַפֿט פֿון דער פֿאַרשפּאַרטער גאַס האָט ברין מיטאַמאָל זיך דערפֿילט פֿאַרלוירן, גלייך ווי דער פֿאַרצוימטער וועג וואָלט אים פֿאַרשטעלט אַלע וועגן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז פֿאַרשווומען אין אַ ים, אין אַ ברענענדיקן ים, פֿון וועלכן עס איז נישטאָ קיין אַרויסגאַנג, ווי ער וואָלט פֿאַרנאַרט געוואָרן אין אַ כּישופֿדיקער שפּיל.

די מענטשן אַרום זענען געפֿלאָסן אין אַן אויפֿגערודערטער ערגעריש, ווי פֿאַרמאַכטע אין אַ שטייג. די מאַסע האָט זיך צעוויגט אין אַ דראָענדיקער כוואַליע. מען איז געשפּרונגען איבער די וועגענער, זיך געשטופּט און געשטויסן, און עס האָט אויסגעזען, ווי באַלד וועט געשען עפּעס אויסטערליש־ווילדעס און אַלע וועלן פֿאַרטראָגן ווערן אין אַן אָפּגרונט.

ברין האָט צונויפֿגענומען זיינע כּוחות, וואָס האָבן זיך מיטאַמאָל ווי אָפּגעשטעלט. די כּוחות, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פֿאַר אַ ווייטן וועג, האָבן זיך ווי איבערגעריסן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט מיט עפּעס אַן אָנגעשאַרפֿט געפֿיל דערזען מענטשן מיט זעקלעך און פּעקלעך אויף די פּלייצעס, וואָס האָבן זיך געשניטן אין דער ענגשאַפֿט און געזוכט אַ וועג.

זיי האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן. ער האָט דערזען וואַנדערער, אַזוי ווי ער, וואָס האָבן דאָ אין דער ענגשאַפט געזוכט אייגנס דאָס אַנדערע, און ברינגען איז אין איין רגע קלאָר געוואָרן, אַז ער דאַרף גיין מיט זיי. ער איז אויך געווען זיכער, אַז ער האָט זיי געזען דאָרט אין דעם הויז.

ער האָט באַמערקט ווי זיי פאַרנעמען זיך אין אַ זייטיקער גאַס, וואָס איז געווען שוין טיף פאַרטונקלט פונעם אָוונט, און ער האָט זיך געלאָזן נאָך זיי. ער האָט זיי דעריאָגט און איז באַלד געשטאַנען אַרומגערינגלט פון אַ ראָד ייִדישע וואַנדערער. ער האָט דערקענט פּנימער און אויגן, וואָס ער האָט געקענט פונעם גאַנצן לעבן, און אַ הייסער שטראָם פון נאָענטקייט האָט זיך אַ הייב געטאָן אין אים. עס האָט אים אַ מיש געטאָן אַ פאַרוואַנדלונג, ווי ער וואָלט געקומען אַהיים אויף עפּעס אַ כישופדיקן אופן.

די ערשטע, וואָס ער האָט אָנגעיאָגט, זענען געווען אַ מאַן מיט אַ פרוי מיט צוויי קינדער. די פרוי האָט געטראָגן אויף די הענט אַ מיידעלע פון עטלעכע יאָר און נעבן דעם מאַן האָט געשפּאַנט אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען. אַנדערע האָבן זיך באַלד אָפּגעטיילט פון דער אַרומיקער, טונקעלער גאַס, ווו עס האָט געריזלט דאָס אויפגעברויזטע געמיט פון דער שטאָט אַרום. עס האָבן זיך אַרויסגעשניטן אויגן אויסגעשפּיצטע, זוכנדיקע מיט פיבער און טויט-אומרו, וואָס ברין האָט אַזוי גוט געקענט, פרויען און מענער, קינדער פאַרחלשטע פון מידקייט, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אָנגעשפּיצטקייט צום הערן. ברין האָט נישט געהאַט פאַר זיי קיין נייעס. אַלע האָבן זיי געוווּסט דאָס אייגנע, אַז מען דאַרף גיין, וואָס גיכער, ווייטער און ווייטער.

געגאַנגען איז מען צום וואָקזאַל, וואָס איז אין יענע טעג געוואָרן די היים פון די וואַנדערער. עס זענען געווען עלטערע און מיטליאָריקע. פון וואַרשע, פון לאָדזש, פון שטעט און שטעטלעך, פון גאַליציע און פון ליטע. אַנדערע האָט ברין דערקענט פון עשאַלאָנען, פון „פּונקטן“, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געוואָגלט.

אַלע זענען געווען משונהדיק אָנגעקליידט און אָנגעפּעלצט, באַהאָנגען מיט טיכער און פלאַכטעס, ווי פאַרשטעלטע און פאַרשלייערטע. אַלע מיט טרוקענע, בלאָנדזשענדיקע, פאַרשמאַכטע און הונגעריקע בליקן. טייל זענען צומאָל געווען געשלאָגן מיט אומהיימלעכער, קראַנקהאַפטער פרייִלעכקייט, וואָס האָט געשראָקן, אַ פרייִלעכקייט פון הפקר-מענטשן. זיי

זענען נאָך די עטלעכע טעג אין דער פֿרעמדער רוסישער שטאָט אויף דער וואָלגאַ געוואָרן היימיש, געוווסט יעדן וועג און יעדע ריכטונג.

די פֿרוי מיט דעם קינד אויף דער האַנט האָט לאַנג געקוקט אויף בריגען. זי האָט געעפֿנט אירע בלייכע, פֿאַרטריקנטע ליפּן און מיט אַ מאַטן שמייכל אין אירע מידע אויגן האָט זי געזאָגט:

— איך האָב דעם יונגנמאַן געזען... ערגעץ... דאַכט זיך דאָ... ער איז געווען ביי דעם חבר לעווין...

— ווו איז לעווין... דער „חבר" לעווין... — האָט ברין געפֿרעגט.

די היימלאָזע האָבן זיך איבערגעקוקט, און עמעצער האָט שטיל גע־ענטפֿערט:

— ער איז אַוועק...

— הלוואי וואָלט ער געווען... וואָלט שוין געווען גוט... — האָט די פֿרוי שטיל געזאָגט — דאָס איז אַ מענטש...

אַלע האָבן גענומען רעדן צוזאַמען. יעדער האָט עפּעס געזאָגט וועגן לעווינען. די פֿרוי מיטן קינד אויף די הענט האָט מיט אַ געפּלאַצטער שטים פֿון טרערן צוגעגעבן:

— דאָס איז אַ מענטש... ער האָט מיר געראַטעוועט דאָס קינד.. אַזעלכע מענטשן זענען נישטאָ קיין סך...

עס זענען אָנגעקומען נאָך אַנדערע. עמעצער האָט געאיילט, אַז עס קאָן ווידער זיין אַן אָנפֿאַל. מען האָט זיך געשפּאַרט, אַז בייגאַכט באַווייזן זיך נישט די דייטשן... מען איז געקומען פֿון אַלע זייטן גאַס. מען איז געגאַנגען אין אַ בהלהדיקן רעש. ביי די טויערן זענען געשטאַנען די איינ־וווינער. טייל מיט ריטעטן, מיט גאַס־מאַסקעס און בענדער אויף די אָרעמס פֿון דער „לופֿט־שוץ", האָבן געקוקט מיט נייגיר אויף די פֿרעמדע, וואָס האָבן גערעדט אויף זייער זינגענדיק יידיש־לשון פֿון וואַרשע, פֿון לעמבערג און לימע. די איינוווינער האָבן געוויזן דעם וועג און די ריכטונג צום וואָקזאַל און נאָכגעקוקט די צעוודערטע מחנה.

עס איז געווען ווייט צו גיין, און די שטאָט האָט זיך ווי אויפֿגע־וויקלט מיט נייע שטיקער פּעריפֿעריעס, ווו עס איז געלעגן אַ פּאַרוויל־דעטע אַלטקייט פֿון דורות רוסיש לעבן. וואָס גרעסער עס איז געוואָרן די מחנה, אַלץ העכער, אַלץ דרייסטער האָט געקלונגען זייער פֿרעמדע שפּראַך אין דער פֿאַרשטומטער טונקלקייט פֿון דער הינטערשטאָט, ווי

זיי וואָלטן געוואָלט אָנזאָגן דער אַלטער רוסישער ערד וועגן זייער בלאָנ־דזשענדיקן וועג. מען האָט גייענדיק זיך דערציילט וועגן דעם אָנפּלי, ווי יעדער איז געווען באַהאַלטן. מען האָט דערציילט וועגן דער דייטשער באָמבע, וואָס איז געפאַלן נישט ווייט פון דעם הויז פאַר די היימלאָזע, און די פרוי מיטן קינד אויף דער האַנט האָט מיט אַ ניגון אויסגעזונגען כסדר:

— קינדער... דער דייטש וועט פאַרנעמען די גאַנצע וועלט... ס'איז נישטאָ ווו זיך צו באַהאַלטן... מען האָט געמיינט, אַז מען וועט אַרויס פון וואַרשע... וועט זיין אַ סוף... און ווער ווייסט... צי ער וועט אונדז נישט דעריאָגן...

— ווער ווייסט... צי עס גייען באַנען... — האָט עמעצער שטיל, מיט פאַרלוירנקייט זיך אָנגערופן.

— לאָמיר נאָר אַרויס פון דאַנען... קאָן מען שוין פאָרן וואָכן־לאַנג... דאָס לאַנד האָט נישט קיין שיעור און קיין ערד...

— ווי לאַנג איז דער שיעור צו פאָרן... — האָט אַ פרוי געוויינט — מען וועט נישט וויסן, ווו אונדזער געביין וועט אַהינקומען...

די הייזער זענען געוואָרן קלענער. שטיקער אָפּגעריסענע געגנט האָבן זיך אַריינגעריסן אין די לאַנגע פינצטערע ליידיקע גאַסן. די נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום. מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין אַ טאָל, איבער וועלכן עס איז ווי געהאָנגען די שטאָט. זעלטן ווו עס האָט געבלינצלט אַ גרין פלעמל. עס האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שאַרפער סטעפּישער ווינט, און מיטאַמאָל האָט מען דערזען אַ ליידיקע טונקעלע וועלט, אין וועלכער עס האָבן זיך אַריינגעשניטן אַ קנויפּ פון גלאַנציקע רעלסן. אַ ברייטער טונ־קעלער פּלאַץ מיט שפּיציקע אַלטע שטיינער ברוקירט און עטלעכע טונ־קעלע הייזער, האָט זיך אויפגעהויבן. אַ לאַנגער שוואַרצלעכער פּלויט האָט איבערגעשניטן די וועלט און ווייטער איז דער טונקעלער הימל געלעגן אויף דער ערד.

עטלעכע אויסגעלאָשענע טראַמוואַיען האָבן זיך דאָ געטוליעט, און אַן אָפּגעשטאָרבנקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום זיי.

דער וואָקזאַל איז געווען קוים באַלויכטן פון אַ לאָמטער. דער גרינער דאַך האָט עלנט געקוקט צום הימל, באַוואַכט פון עטלעכע ווילדע ריזן־ביימער, וואָס האָבן געשאָרכט מיט זייערע טרוקענע צווייגן ווי מיט בלינ־דע הענט.

* *

*

בּרין האָט דערזען דעם וואקזאַל, וואָס איז געשטאַנען ווי אויף דער גרענעץ פֿון אַן אומענדלעכער ליידיקייט. אַ שווידער פֿון פֿאַרלוירנקייט האָט זיך אויף אים אַ לייג געטאָן. ווידער האָט אים געדאַכט, ווי ער וואָלט אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער מענטשלעכער וועלט. זעט אויס, אַלע יידישע היימלאָזע זענען געווען באַהערשט פֿון אָט דעם אימהדיקן געפֿיל, דען עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן אין דער מחנה. די וואַנדערער האָבן זיך צונויפֿגעפּרעסט און געקוקט מיט שטאַרקייט אויף דעם אומעטיקן פּלאַץ.

עמעצער האָט געעפֿנט די שפּרינג־טיר פֿונעם וואקזאַל, וואָס האָט געקלאַפּט מיט אַ פֿראַלגדיקן אימפּעט, און עס האָט אַ זעץ געטאָן אַן אָנגעהיצטער ריח פֿון פֿאַרדומפּנקייט. אין דעם מוטנעם ליכט פֿון פֿאַרנעפּלטע לאַמטערן, אין רויך, אין טשאַד האָט מען דערזען אַן אָנגעפּאַקטע ענגשאַפֿט פֿון מענטשן, וואָס זענען געזעסן און געלעגן אויף נאַקעטע בענק, אויף דער ערד און אויף זייערע פּעק און זעק.

אַ שווערער ריח פֿון מענטשן, צונויפֿגעפּרעסטע אין אַ נודנער וואַרעמקייט, איז געשטאַנען אין דער לופֿט. טייל זענען געשלאָפֿן פֿאַרטראַגנע, טייל האָבן געקוקט מיט פֿאַרלוירנקייט.

די ניי־געקומענע האָבן זיך גלייך צונויפֿגעגאָסן מיט די פֿריערדיקע און עס איז געוואָרן אַ רייסנדיקע כאַפּעניש פֿון יעדער שטיקל אָרט אויף די בענק און אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע.

די גרויסע האַלב־רונדע פֿענצטער זענען געווען געדיכט פֿאַרהאָנגען. די אַלטע נאַקעטע בעלקעס, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם בנין, זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט אַלטע, פֿאַרוועלקטע בענדער און גרינס, מיט טראַנספּאַרענטן און פֿענער. אויף די ווענט האָבן געקלעפּט פּלאַקאַטן, וואָס האָבן גערופֿן און געוואָרנט קעגן די דייטשן, קעגן שונאים און שפּיאָנען. ביי די זייטן זענען געשטאַנען זעלנער אָנגעשפּאַרטע אויף זייערע ביקסן. מיליציאָנערן אין רויטע היטלעך האָבן זיך אַריינגעשניטן אין דער געדיכטער ענגשאַפֿט, געזוכט און געפֿאָדערט פּאַפּירן.

אין אַ ראָד זענען געזעסן און געלעגן די יידישע היימלאָזע. אינמיטן איז געשטאַנען אַ שוואַרצער, אייזערנער אויוון, וואָס האָט גערויכערט מיט אַ שטיקנדיקן רויך. אַ לאַנגע ריי מיט טעפּלעך און בלעכלעך האָבן געצאַפּט פֿון אַ גרינעם קעסל, און אַ פּאַרע האָט איינגעהילט די מענטשן.

ווייבער האָבן זיך געפּאָרעט ביים קעסל, געטראָגן פּאַנען און פּאַרעדיקע טעפּ געקעכץ. קינדער האָבן געביקעט און געוויינט. אַ קראַנקן־שוועסטער אין אַ ווייסער שירץ, מיט אַ רויטן קרייץ אויפן זעלנערישן היטל, מיט אַ לעדערנער טאָרבע אויף אַ רימען, האָט עפּעס געטיילט. און אין דעם רויענדיקן חושך האָט ערגעץ אַ ראַדיאָ געקלאַפּט מיט אַ דרעסנדיק פּייפנדיק קול, ווו עס האָט זיך כסדר איבערגעחזרט דאָס וואָרט: „פּאָיעזד“.

די שפּרינג־טיר האָט געטראַסקעט מיט רייסנדיקע קלעפּ, ווי מען וואָלט געשאָסן, און יעדעס מאָל אַריינגעבלאָזן אַ שטראָם קאַלטע סטעפּ־לופט. און יעדעס מאָל, ווען עמעצער האָט זיך באַוויזן פון דרויסן, איז געוואָרן אַ בהלהדיקער רעש. שלאָפנדיקע זענען אויפגעשפּרונגען מיט ווילדע קרומע לויפערייען, וואָס האָבן זיך דאָ יעדעס מאָל איבערגעחזרט, ווען עס האָט באַדאַרפט זיין אַן אָנפאַלי, אָדער עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז געקומען אַ צוג.

ברין האָט זיך אַריינגעגראָבן אין אַ ווינקל. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. אַ בלייערנע מידקייט האָט זיך געוויגט אין אים. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. עמעצנס פּלייצע האָט געאָטעמט אויף אים מיט זיסלעכן ריח פון אַ פרעמדן לייב, און ער האָט זיך אַריינגעגליטשט אין פאַרטראָגענעם שלאָף, ווי מען וואָלט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ ליידיקער וועלט. ער האָט אין אַלעם פאַרגעסן. ער האָט נאָר געדענקט אין איין אָרט, ביי דער ברוסט, ביי זיין האַרץ איז געלעגן דאָס צווייטע האַרץ פון זיין ווייב, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט דעם ווייטערדיקן לעבן. דאָס איז געווען דאָס קליינע פירקאַנטיקע ביכעלע פונעם שרייבער־פאַרבאַנד. אויף דעם אָרט איז אויך געלעגן זיין האַנט, וואָס האָט געוואַכט און געהיט.

ברין האָט זיך אַריינגענורעט אין זיך אַליין מיט דעם זעקל אונטער דער פּלייצע. אַלע געדאַנקען זענען אַרויס פון זיין מוח ווי צעשראָקענע פייגל, און אַ וואַרעמקייט האָט פאַרגאָסן זיינע גלידער.

* *
*

אַ קלימפּערדיקער רעש איז אים פּלוצלונג ווי געפאַלן אין קאָפּ אַריין, עמעצער האָט שווער אַ טרעט געטאָן אויף זיינע פיס. ער איז אויפגעשפּרונגען. די טירן האָבן געקלאַפּט פון אַלע זייטן מיט אַ רייסנדיק שיסע־

ריי. ער האָט אויפגעריסן די אויגן, אַ קילע בלויקייט האָט געשטראָמט דורך די פענצטער. מענטשן זענען געלאָפן, און די שטעכיקע ברייטע קעלט האָט זיך געשלאָגן מיט דער אויסגעוואַרעמטער געדיכטער לופט, וואָס האָט זיך געדרייט אין אַ וואָלקנדיקן שטויב.

ערגעץ האָט געהודזשעט אַן אויפהער, עס האָט געקלונגען און געפייפט. אָט באַלד וועט אַראָפפאַלן אַ באַמבע און צערייסן די אַלטע שווערע פאַרשאָטנטע באַלקעס. עס וועט איינפאַלן דאָס הויז. ברין האָט זיך געריסן צו דער טיר, און דאָ האָט ער פלוצלונג דערזען אַ לאַנגן, אָנגעכמורעטן צוג, אַ פייכטן און פאַרשטויבטן. דער צוג איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן. מענטשן זענען געקראָכן דורך די פענצטער, דורך די טירן, איבערן דאַך און צווישן די רעדער, געקראָכן און געפאַלן צוריק.

ער האָט זיך מיט דער גאַנצער שווערקייט אַריינגעוואָרפן אין דער רויענדיקער ענגשאַפט, אין דעם קנויל פון מענטשן. דער קנויל האָט אים געהויבן און געוואָרפן. ער האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט אַ פוס, האַלטנדיק דעם קאַלטן שטאַנג פון דעם וואַגאָן. ער האָט שטאַרק געפילט דעם רייצנדיקן רויך, וואָס האָט געוועקט צו פאָרן. דער רויך איז געקומען צוזאַמען מיט דער קאַלטער פרישקייט פון דער ווייט.

מיטאַמאָל האָט אים עמעצער מיט אַ קרעפטיקער האַנט אַ שטויס געטאָן אַרויף. זיינע פיס האָבן דערפילט דאָס אייזערנע טרעפל פונעם וואַגאָן. ער האָט געכאַפּט דעם אָטעם. די וואַגאָן־טיר איז פאַר אים געווען אָפן. אין דער רגע האָט ער דערפילט, ווי אין זיין האַנט האָט זיך ווי אַליין אַריינגעלייגט אַ ברויט, מיט אַ שיכורנדיקן ריח פון לעבן און זעט. נאָך דעם ברויט האָט זיך ווי אין אַ חלום געטראָגן אַ וווּרשט, און ער האָט דערזען די וואַרעמע אויגן פון לעווינען, וואָס האָבן געקוקט אויף אים פון דער רויענדיקער ענגשאַפט. ער האָט געזען ווי לעווין האָט געטיילט אַרום זיך ברויט. ברין האָט געוואָלט עפּעס אויסשרייען, עפּעס אַ וואָרט, וואָס זאָל קלאָר מאַכן, זאָגן אַלץ. אָבער אַ נייע כוואַליע ענגשאַפט האָט אים אַריינגעשליידערט אין וואַגאָן.

שעהן זענען געלאָפן. אַ שווערע אָנגעלאָדנקייט מיט ווייטיקלעכער פּיין האָט זיך, צוזאַמען מיט די מענטשן, אַריינגעטראָגן אין די אַלטע שמאָלע וואַגאָנען. אַ געפלאָנטער פון מענטשן, אַ וואָיענדיקער קרעכץ האָט זיך אָן אויפהער געטראָגן איבער דער גאַנצער לענג. אַ געבעט און אַ דראָענדיקער, שטיקנדיקער כעס, אַ געוויין און אַן איינגעשפּאַרטע, אומזיניקע

אמפּעריש האָט זיך געשפּאַרט אין דער ענגשאַפט. דער צוג איז געשטאַ־
נען, און עס האָט זיך גערדאַכט, אַז די צייט איז שטיין געבליבן
שוואַר־באַשטיוולטע טריט זענען געלאָפן מיט געאייל, געשריגן און
געוואָרנט.

יעדעס אויפגעכאַפּט וואָרט האָט אַריינגעטראָגן אַ נייע כוואַליע פון
גערודער. מען האָט געקוקט אויפן הימל, וואָס האָט זיך ווי געעפנט מיט
קילער בלויקייט. מען האָט געהערט אַ רעוועדיק וואָיען. מען איז געלאָפן
זיך באַהאַלטן. און דער צוג איז געשטאַנען.

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. די מענטשן זענען פאַרשוונדן, ווי זיי
וואָלטן אַריין אין די שפּאַרעס. עפּעס אַ פאַרזאָרגטער מענטש אין אַ הויך
מיליטעריש היטל איז אָנגעלאָפן. ער האָט זיך געווישט דעם שווייס אונ־
טערן הויכן היטל. ער האָט לאַנג געמאַכט מיט די הענט. און פּלוצלונג
האָט דער צוג אַ צאַפּל געטאָן און גערירט פון אָרט.

ברין האָט זיך צוגעריסן צום פענצטער, וואָס איז פאַרלייגט געווען
פון פּעק. ער האָט דערזען די אַלטע אויסגעריבענע ברעטער פונעם וואָק־
זאַל, וואָס זענען לאַנגזאַם אָנגעשוווממען אויף צוריק.

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער זוכט אין
דער פרעמדער ליידיקייט. מיטאַמאָל האָט ער דערזען אַ לויפנדיקן סילועט
פון אַ מענטש, וואָס האָט מיט בלאָנדזשענדיקע טריט זיך געלאָזן נאָכן
צוג.

ברין האָט זיך ארויסגעבויגן פון דעם קליינעם פענצטערל. זיין האַרץ
האָט אים עפּעס פריידיק אָנגעזאָגט. ער האָט געזען ווי דער מענטש האָט
זיך פאַרהאַלטן אויפן פּעראָן, און פּלוצלונג איז אים קלאָר געוואָרן, אַז
דאָס איז אַ געשטאַלט פון אַ פרוי, אַ פרוי אין אַ זעלנערישן שינעל, פון
וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעזען דאָס ברייטע רוסישע קליידל, די געשניצ־
טע יונגנטלעכע פיס אין זעלנערישע שטיוול.

ברין האָט נאָך דערכאַפּט מיטן בליק, אין דעם פאַרמאַגיקן סטעפּ־
ליכט, וואָס האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון דער ברייטער ליידיקייט, די צע־
פלאָסענע, גאָלדיקע האָר איבער די אַקסלען. ער האָט דערקענט די פאַר־
לייגטע הענט אויף דער ברוסט. ער האָט דערקענט דאָס יונגע, שפּילנדיקע
געשטאַלט. ער האָט דערקענט דאָס מיידל מיט די הויכע, שטרענגע ברע־
מען, דאָס מיידל לידא פּעטראָוונא רוטשקאָוואַ.

# 1.

פאַרנאַכט זענען די בעטלער צוריקגעקומען אינעם געסל, וואָס איז געלעגן ביים ברעג שטאָט ביי דער „פּאָוואָנזקער ראָגאַטקע“.

זיי זענען צוריקגעקומען ווי אַ בהלהדיקע פּראָצעסיע. עס זענען געגאַנגען מענער און ווייבער, געהילטע און פאַרשיידנקאָליריקע שמאַטעס, עס זענען געווען אַלטע און יונגע, עס זענען געווען קאַליקעס, הויקערס, קרומע, לאָמע, בלינדע און שטומע, אויף קוליעס און אויף אַלע — פיר. משונהדיקע קליינע קאַרליקעס, און האַלבע מענטשן, וואָס האָבן זיך געריטשט אויף שטיקלעך צעקריפּלטע פיס. זיי האָבן געאיילט, ווי געטריבענע, אַריין אין די הייפלעך, אין די קליינע, האַלב-צעשטערטע חורבות, אין די צעקרישלטע אַלטע פּלויטן פון דער פאָרשטאָט, זיי האָבן זיך געהויבן איבער די בערגער מיסט און פאַרשוווּנדן אונטער די נידעריקע דעכלעך.

דערנאָך האָבן זיך באַוויזן די מיוחסים, ווי מען האָט זיי דאָ גערופן, די: „אָדעסער קאַצאַפּעס“.

דאָס זענען געווען גאַסן-שפּילער און קונצן-מאַכער. אַ גרויסע משפּחה פון עלטערן, זין און טעכטער.

זיי זענען געקומען מיט מעשענע טראָמפּייטן מיט פּויקן, גלעקלעך און דזשימדשערס און טאַצן. די טעכטער, מיט קאָלירטע הויזן מיט פראַנדזן, האָבן געטאַנצט און געמאַכט „קאָזשעליקעס“. די זין זענען געקראָכן איינער אויפן אַנדערן, האָבן געשלונגען פייער, אַריינגערוקט זיך מעסערס אין די מיילער, און געוואָרפן טעלער און רינגען. אַלע זענען זיי געווען שוואַרצע ווי ציגיינער, מיט ווייסע מיילער ציין און בליציקע אויגן. געוווינט האָבן זיי אין אַ פאַרלאָזן האַלב-חרובדיקן הויז פון אַ געוועזענער זייף-פאַבריק, אַנשטאָט טירן און פענצטער זענען געווען לעכער, פאַרהאָנגענע מיט קאָלירטע טיכער און טעפּיכער. פון דעם הויז איז געגאַנגען אַ הפקרע פרייַלעכקייט.

טאָג און נאַכט האָט זיך פון דאָרט געהערט מוזיק און געזאַנג. מ'האָט נישט געוווסט, צי זענען דאָס יידן אָדער ציגיינער.

די אָדעסער קאַצאַפּעס האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די איבע־ריקע יידישע בעטלער אין געסל. ביי די בעטלער אין די חורבות איז געווען שטיל. זיי זענען געלעגן ווי די ווערים אין די נאָרעס, אויף זייערע טאָרבעס און שמאַטעס, אָדער מען האָט זיך געדרייט אין דער גרויסער חרובער אָפּ־געברענטער „צעגעלניע" ביי „פּייפּקע־מאכער" אין דער קאַליקע־פאַבריק, ווי פּייפּקע האָט געמאַכט קאַליקעס.

צו אים האָבן געצויגן בעטלער פון גאַנץ קרוין־פּוילן. ער פלעגט זיי אַריינגעמען אין דער חברה און אויסאַרבעטן קאַליקעס. ער האָט געקאָנט „פּארקלעבן" אויגן, אויסדרייען הענט, פאַרטרוקענען אַ פוס, אָדער מאַכן אַ הויקער.

ארום דער צעגעלניע, אויף די בערג מיסט און ליים, זענען געזעסן אַלטע בעטלער, פארשטויבטע און פארברענטע פון די וועגן, אלטע בעטלער, געפּרוווטע פון דורות. זיי זענען געקומען פון נאָענט און פון ווייט, פון די פאַרגרעבטע, אָרעמע יידישע שטעטלעך אין פּוילן. פון זשעלעכאָוו, פון לאַכ־קאַרעוו, פון פורים־אָוו, אמיינסטן פון ראַדאָמער און קעלצער קאַנט. עס זע־נען אויך געקומען באַרימטע בעטלער פון ווילנע און פון מינסק, וואָס האָבן זיך געקריגט מיט די וואַרשעווער.

דאָ זענען געווען ווייבער מיט „געבאָרגטע" קינדער אויף די הענט, וואָס האָבן זיך געקראַצט, געזוכט אין די העמדער, געציילט גראָשנס, שטיק־לעך צוקער צום פאַרקויפן אין די טיי־הייזלעך פון די געסלעך. אָפט זענען אויסגעבראָכן קריגערייען און געשלעגן. מ'האָט זיך געשאָלטן מיט טויטע קללות און זיך ווידער איבערגעבעטן.

* *

*

אין דעם טיפן אָוונט אין אין דער גאַנצער „פּאָוואָנזקער" בעטלער־געגנט געווען אַ גרויסער רעש.

שוין זייט עטלעכע טעג איז פאַרשוווּנדן דער זשעלעכאָווער בעטלער, דער „פּראָפעסאָר". צוזאַמען מיט אים איז פאַרשוווּנדן די יינגסטע טאָכטער פון די אָדעסער קאַצאַפּעס, די טענצערין אָלגאַ.

מ׳האָט שוין לאַנג געקאָנט באַמערקן, ווי יעדן אָוונט, ווען דאָס געסל האָט אײַנגעדרימלט, איז דער „פּראָפּעסאָר“ פאַרשוווּנדן.

ער איז געגאַנגען קיין פאָוואָנזעק אָדער קיין „קליין־פּאַריז“, אַרומגעוואַנדלט איבער די סעדער, ווי עפּעס וואָלט אים געטריבן.

שוין פון אַ לענגערער צײַט ווי דער „פּראָפּעסאָר“ האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן, ער האָט אויפגעהערט זיך צו מאַכן „משוגע“, צו רעדן „פראַנצויזיש“ און „ענגליש“, נאָכצומאַכן קעץ און הינט, און זאָגן „נביאות“, מיט וועלכן ער האָט שטענדיק פאַרדינט אַ סך געלט.

צווישן די בעטלער האָט מען שוין לאַנג גערעדט וועגן דעם, אַז דער „פּראָפּעסאָר“ האָט זיך פאַרליבט אין אָלגאַן.

יעדן פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען צוריק פון שטאָט, פון דער אַרבעט, איז ער פאַרשוווּנדן פון זײַן „סטאַנציע“, וווּ ער האָט געוווינט מיט זײַן ווײַב, דעם „געלן הויקער“, און איז געלאָפן צו די פאַרהאַנגענע פענצטער פון דער זייף־פאַבריק, וווּ עס האָבן געוווינט די „קאַצאַפּעס“. דאָרט איז אויף דעם צעשמעטערטן פענצטער־לאָך געזעסן די טענצערין אָלגאַ, מיט די פאַרביסענע פיס אין די רויטע, „מאַלאָרוסישע“ שטיוועלער, אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ זילבערנע קרוין, וואָס איז געווען ארײַנגעפלאָכטן אין די שוואַרצע לאָקן, און אויף די קני האָט זי געהאַלטן די גיטאַרע.

די בעטלער־ווײַבער האָבן דערציילט, אַז דער „פּראָפּעסאָר׳טשיסקאַ“ גיט איר אַוועק ווי ער פאַרדינט נאָר אַ גראָשן... אַז ער שטופּט איר אַ „פּיסק“ אַרײַן שאָקאָלאַדע מיט לעקעך... איצט איז ער אינגאַנצן פאַרשוווּנדן מיט דער מויד. און די גאַנצע בעטלער־געסט האָט זיך ארויסגעלאָזט איבער דער פאָוואָנזקער געגנט, זוכן דאָס פאַרשוווּנדענע פּאָרל.

*　　*
*

שוין אין דער שפּעטער נאַכט האָט די לבנה אויפגעלויכטן איבער דער געגנט. אַ ווײַסלעך שרעקיק ליכט האָט זיך געגליטשט איבער די צלמים פון דעם קאַטוילישן „צמענטאַזש“. אַ מחנה בעטלערס מיט שטעקענעס אין די הענט האָבן זיך געשלײַכט אַראָפּ צו די שיטערע וועלדלעך פון פאָוואָנזעק, צום טײַכל פון קליין־פּאַריז. מ׳האָט געזאָגט, אַז דאָרט האָט מען געזען דעם „פּראָפּעסאָר“ מיט אָלגאַן. זיי זענען געזעסן אין די געדיכטע געבישן אַרום דעם טײַכל. מ׳האָט זיך געקושט און געהאַלדזט.

דער ערשטער איז געגאַנגען אַלגאַס פֿאָטער, דער „אָדעסער קאַצאַפּ“, דער אַלטער טראָמפּיימן-בלאָזער, אין דער רויטער, רוסישער „רובאַשקע“ מיט די לאַנגע, גרויע קודלעס אויפֿן קאָפּ.

די ברידער זענען געגאַנגען שווייגנדיקע, מיט די לאַקירטע שטיוועלער אויף די לאַנגע, זגראַבנע פֿיס. נאָך זיי איז נאָכגעגאַנגען די חברה בעמלער, ווי שאָטנס פֿון אַן איינגעזונקענער וועלט.

די בעמלער האָבן אין דעם „פּראָפּעסאָר“ פֿאַרלוירן אַ גרויסן קראַפֿט. ער איז געווען אַ שטאַרקער פֿאַרדינער, מיט זיינע משוגענע שטיק, מיט זיין חוצפּה און קלוגשאַפֿט. ער איז געווען אַן איינגייער אין די רייכע שטובן און געהאַט „משוגענע גבירים“, וואָס האָבן אים ליב געהאַט פֿאַר זיין זידלען די נגידים.

די „אָדעסער קאַצאַפּן“ ווידער האָבן אין אַלגאַן פֿאַרלוירן די שענסטע טאָכטער און די בעסטע טענצערין. אַחוץ דעם איז זי געווען דער ליבלינג פֿונעם אַלטן קאַצאַפּ, דעם פֿאָטער, וואָס האָט געחלומט, אַז עס וועט זי צונעמען אַ גראַף און זי וועט ווערן אַ „גראַפֿיניע“. אַלגאַ איז געווען דאָס שיינדל פֿון דער משפּחה. מיט איר טאַנצן האָט זי באַצויבערט די רוסישע אָפֿיצירן און די בייזע פּאָליציייאישע פּריסטאַוועס, וואָס האָבן זיי געיאָגט פֿון שטאָט צו שטאָט, זענען געוואָרן מילד, ווען אַלגאַ האָט געטאַנצט פֿאַר זיי. זי פֿלעגט אויך פֿאַרבעטן ווערן אויף רייכע, גויאישע שמחות, פֿון וואַנען זי האָט געברענגט „שטיקער געלט“.

האָט מען זיך צעשיט אין דער נאַכט אונטער דעם אומהיימלעכן ליכט פֿון דער לבנה. מען האָט געזוכט אין דער געדיכטקייט פֿון די גראָזן ביי די זומפּן, הינטער אַלע פּלויטן. דער אַלטער פֿאָטער, דער „קאַצאַפּ“ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיינע פֿיס אין די הויכע, גלאַנציקע שטיוול, אין די ברייטע ציגיינערשע הויזן, און ווי אַ וואָלף האָט ער אַ וואָיע געטאָן אין דער ליכטיקער נאַכט אַריין:

— אַלגאַ... טאָכטער... אַלגאַ... דער „באַטקאַ“ רופֿט דיך... רוף זיך אָן, טאָכטער... אַלגאַ...

אַ שרעק איז געפֿאַלן אויף די פּוילישע בעמלער.

אָבער קיינער האָט נישט געענטפֿערט.

נאָך די הינט האָבן אויפֿגעבילט אין דער ווייטער נאַכט.

## 2.

די יידישע בעטלער האָבן געהאַט אַ שותפות און יעדער פון זיי האָט געצאָלט אַ טייל פון זיין „פאַרדינסט". געצאָלט האָט מען „פייפקען", וואָס האָט געגעבן דאָס רעכט צו בעטלען. די ווילדע בעטלער, וואָס האָבן נישט געהערט צו פייפקעס חברה, פלעגט מען באַפאַלן, נישט אַריינלאָזן אין די הייף און אין די געוועלבער און זיי גויטן אַריינצוגיין אין פּאָר. נאָר קונצנ־מאכער און „גויים דזשאַדעס", וואָס זענען געזעסן ביי די קאָשטשאָלן, האָבן צו דער חברה נישט געהערט. כאָטש ביי פייפקען האָט מען אויך גע־קאָנט זען אַלטע „גויים" מיט לאַנגע בערד, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר יידן, געערדט יידיש און געקושט די מזוזות ביי די יידישע טירן, ווייל יידן האָבן גיכער געגעבן נדבות.

דער פּראָפעסאָר איז געווען דער ייגנסטער, דער פרייילעכסטער און דער שטאַרקסטער פון די יידישע בעטלער. ער האָט גוט פאַרדינט. ער האָט גע־קאָנט דורכקומען מיט דער פּאָליציי און געשיצט די בעטלער פון דעם „גוי־אישן" פעבל פון פּאַוואָנזקער אונטערוועלט, וואָס איז נישט איינמאָל באַ־פאַלן די בעטלער און זיי באַרויבט.

איצט האָט דער „פּראָפעסאָר" זיך נישט געוויזן צו פייפקען, נישט געברענגט קיין געלט אין שותפות, און די בעטלער האָבן זיך געלאָזן צו די „אָדעסער קאַצאַפּעס" מיט טענות: וואָס הייסט... דעם בעסטן פאַרדינער, האָט מען ביי זיי צוגענומען...

די קאַצאַפּעס זענען ארומגעגאַנגען אין זייערע רויטע רובאַשקעס מיט די לאַקירטע שטיוול. זיי האָבן געשריגן:

— מיר זענען „שאַרמאַנשטשיקעס"... מיר זענען נישט קיין בעטלער... מיר זענען מוזיקאַנטן...

גאַנצע טעג און נעכט האָט מען נאָר גערעדט וועגן דעם „פּראָפעסאָר":

— וואָס האָט די מויד אין אים דערזען...

— אַ טרוקענער ביין...

— אַ ווילדע חיה...

דער „געלער הויקער", דעם פּראָפעסאָרס ווייב, האָט געווינט ווי אי־בער אַ טויטן, אַז דער „יונג האָט ביי זיך אַ פאַרמעגן מיט גאָלד"... און די מויד וועט עס ביי אים צונעמען.

זי האָט אים געשאָלטן מיט טויטע קללות:

— אַ ראָד זאָל אריבער איבער זיין טריפהנעם קאָפּ... אַזאַ „אָשוסט"...

און נאָר די „טויטע לאה", די בעטלעריז, אַ הויכע יידענע, וואָס איר ראָל איז געווען צו חלשן אין די גאַסן, האָט פאַרמאַכט די אויגן און גע־רעדט:

— יאַך וויים, מיט וואָס ער האָט געגומען די מויד... מיטן „פיסק"... מיט זיינע מעשיות... מיט זיין זינגען...

זי איז אַליין געווען פאַרליבט אין דעם יונג, און זי האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— זיי וועלן איצט ארומגיין איבער די הייף... די מויד וועט טאַנצן און דער יונג וועט זינגען... זיי וועלן אָנשארן פעסער מיט גאָלד...

די ווייבער האָבן זיך געקניפט די באַקן:

— מע האָט נישט באַדאַרפט אַריינלאָזן די קאַצאַפּעס...

און אַז אַלטע בעטלערקע, וואָס האָט געפירט אַ בלינדן מאַן, האָט גע־זאָגט:

— זיי זענען אַלע אַזוי ווי די הינט... אַז מע דערזעט אַ שטיק פלייש... נאָך גוט, וואָס מיין „קאַטאָרזשאַן" זעט נישט... כאָטש בלינדערהייט קריכט ער אויך צו אַנדערע...

און מען האָט געשאָלטן די מענער, וואָס זענען געזעסן אויסגעזועצט ווי אַלטע פאַרקריפלטע שטיקער האָלץ אויף די בערגער מיסט ארום די חורבות.

עס זענען אַוועקגעגאַנגען טעג און פון דעם פראָפעסאָר איז נישט גע־ווען קיין שליאַד, עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַ געשלעג צווישן די בעטלער און די קאַצאַפּעס. און אַ טרויער האָט זיך צעליינט אינעם געסל.

*　　*
*

אין איינעם פון די דערפער, ביים ברעג פון דער ווייסל, ווו עס האָבן זיך געבלויט די וועגן צו די קליינע יידישע און פוילישע שטעטלעך, הינטער אַן אַלטן פלויט פון אַ פריצישן הויף, וואָס איז געווען איינגעטוליעט אין די זאַפטיקע מאָכן און גרינגן, פאַרשאָטענע מיט סודות פון אַלטע, פויליש־שע צייטן, איז דער פראָפעסאָר געזעסן מיט אָלגאַן. שוין פון טעג האָבן זיי אַרומגעוואַנדלט איבער די וועגן, געגעכטיקט אין פאַרלאָזענע חורבות, אין פויערישע סטאַדאָלעס און אויף שמעקנדיקע סטאָגן היי. דער רייכער

זומער איז געלעגן איבער דער וועלט אַ זאַטער, אַן אויסגעוואַרעמטער אונ־טער דעם קלאָרן, בלויען הימל.

דער בעטלער־יונג האָט דאָ, פֿאַר אָלגאַן אַנטפּלעקט זיין גאַנצן כישוף. ער האָט געקענט יעדן שטעג און יעדן וועג. ער האָט געקאָנט דערציילן וועגן יעדן גרעזל, וועגן יעדן בלימל ווונדערלעכע געשיכטן. מיט אַ טייוולאָנישער גיכקייט האָט ער אָלגאַן צוגעדינט יעדן איר פֿאַרלאַנג. ער איז ארייַנגעגאַנגען צו די פּויערים אין די כאַטעס, און אין די יידישע שטובן און אומעטום האָט ער געוווּנען, און פֿון אומעטום האָט ער עפּעס געברענגט. און אָלגאַן האָט זיך געדאַכט, אַז זי פֿליט, רייטנדיק אויף עפּעס אַ קלוגן פֿויגל, אַז מיט איר געשעט עפּעס אַ פֿאַנטאַסטיש געשעעניש, ווי אין אַ „סקאַזקאַ", וואָס זי האָט אַמאָל געלייענט אין אַ קינדעריש ביכל.

דער פּראָפֿעסאָר האָט געזונגען און אָלגאַ האָט געהערט די ניגונים אין די ווערטער, וואָס זענען איר געווען פֿרעמד. ער האָט געזונגען טיילמאָל פּוילישע פּויערים־לידער, טיילמאָל יידישע לידער פֿון טרויעריקע ליבעס. ער האָט גערעדט מאָדנע ברייטע ווערטער, וואָס אָלגאַ האָט נישט פֿאַרשטאַנען. געזונגען האָט דער יונג מיט אַ טיפֿער, וואַרעמער ברוסט־שטימע, וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן פֿון זיין לאַנגן, קרעפּטיקן האַלדז. מיט אַ מאָדנעם טרויער האָט געקלונגען זיין געזאַנג, ווי פֿון אַ פֿאַרנאַכטיק פֿעלד אַראָפּ.

אָלגאַ האָט געפֿרעגט:

— זאָג... אַזוי זינגסטו אין די הויפֿן...

דער יונג איז אויפֿגעשפּרונגען:

— ניין, אָלגאַ... דאָס זינג איך נישט אין די הויפֿן... איך גיי אַרום איבער הי געוועלבער צו די רייכע סוחרים... איך טו אַ ווונק... אַ קנאַק מיט דער צונג... רעד אַ ביסל פֿראַנצויזיש... ענגליש... וואָס עס קומט מיר נאָר אין מויל אַריין... איך רעד יעדן אין דער גאַל אַריין... מאַך מיך משוגע... אָבער זינגען... איך זינג נאָר פֿאַר דיר...

אַ קרענק וועל איך זינגען פֿאַר וועמען...

ער האָט געקוקט מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק אין דער ווייט:

— אָלגאַ... איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז דו זאָלסט גיין איבער די הויפֿן... דו האָפּסט זיין אַן אַרטיסטקע... אויף דער סצענע... יאָ, אין צירק... אָבער נישט אין די הויפֿן...

אָלגאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט, אַזש אירע ציין האָבן געבליצט פֿון ווייסקייט:

— אָט... אַ משוגענער... ער וויל נישט... מיין באַטקאָ וועט דיר ווייזן...

וועסטו געדענקען... נו, „דוראק"... זינג נאָך דאָס ליד פון דעם „ראַזבאָי־ניק"...

און דער יונג האָט גענומען זינגען מיט אַ שטילער, שרעקיקער שטים דאָס ליד פון דעם: „מערדער רוצח"... וואָס איז געלאָפן איבער דעם וואַלד, און דער ווינט האָט געברענגט דאָס געוויין פון דעם „מאַן פון ווייב און קינד"... וואָס ער האָט געשאָכטן...

אָלגאַ האָט לאַנג געקוקט אויף אים מיט אַ פאַרגליווערטן בליק, און מיטאַמאָל האָט זי אויסגעשריגן:

— הער אויף... מיר איז „סטראַשנאָ"... ווי דו אַליין וואָלסט געווען דער ראַזבאָיניק...

דערמלט האָט דער יונג זיך אַ וצי געטאָן צו איר ווי אַ טונקעלע חיה. ער האָט אויסגעצויגן זיין לאַנגן האַלדז און פאַרטראָגן געוועדט מיט פאַר־מאַכטע אויגן:

— זינג עפּעס דו, אָלגאַ...

ער האָט זי אָנגערירט ביי דער האַנט. איר האַנט האָט געהאַט אַ שטייפע זאַפטיקייט פון אַ נישט־צייטיקער, קרעפּטיקער פרוכט. ער האָט דערפילט, אַז די מויד וועט אים איצט אויסהערן. און ער האָט אין איר פאַרטראָגנקייט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם, אַז עס איז דאָ אַ וועג... אַ ברייטער, פּוילישער וועג... וואָס פירט צו דערפער און שטעט... אַרום ליגן פעלדער און וועלדער... דאָרטן איז ער געבוירן... ער קען יעדער ווינ־קעלע... עס איז שטיל און ליכטיק אויף די וועגן...

דער יונג האָט אַלץ איבערגעחזרט:

— ס'איז גוט צו גיין... כ'וועל דיך פירן אַהין... איך האָב געלט אַ סך... האָט דער יונג איר אַריינגעגלאָצט אין די אויגן. אַ שרעק האָט אים אַרומ־גענומען. ער האָט דאָס נאָך קיינעם נישט געזאָגט, קיינמאָל קיינעם... אַז ער האָט געלט. און ער האָט דערפילט אַז דאָס איז אויך נישט אַלץ פאַר אָלגען.

— מיר וועלן גיין... — האָט ער געענטפערט צו איר — דו מיט דער גי־טאַרע... מיר וועלן גיין ווייט... איך וועל קויפן אַ פערד... איך וועל שטעלן אַ קליין הייזל... מיר וועלן גיין אין די הויפן... צו די פּוילישע פּריצים... דו וועסט שפּילן און טאַנצן... איך וועל זינגען...

אָלגאַ איז געזעסן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, און זי האָט מיטאַמאָל געפרעגט:

— און אַ ים, איז דאָ...

— אַ ים...

דער יונג האָט אַ קרעכץ געטאָן. אים האָט ארומגעכאַפּט א פּייער. ער האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אָרעם. זי האָט, דאכט זיך, נישט געפילט, ווי זי וואָלט געדרימלט. דעמלט האָט ער זי אַרומגענומען און זיך צוגעדריקט צו אירע פולע, רונדיקע קני. זי האָט אַ ציטער געטאָן, און אַ הייס געבעט האָט זיך אויפגעהויבן אין זיין האַרץ, אַז עס זאָל לענגער דויערן די מינוט. ער האָט געפילט מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער די קילע לעבעדיקייט פון איר קערפּער.

אָלגאַ האָט מיטאַמאָל אויפגעוואַכט. זי האָט אים אָפּגעשופּט און גענומען אַוועקגיין. ער האָט געמיינט, אַז אָט פארלירט ער זי אויף אייביק, און זיין האַרץ האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר.

— אָלגאַ...

מיטאַמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד און זיך איינגעהערט אין דער ווייט.

איר האָט זיך פּלוצלונג געדאכט, אז זי הערט די שטימען פון איר „באַטקאָ“ און די ברידער.

— אנטלויף... — האָט זי מיט אויפגעריסענע אויגן אויסגעשריגן — אנטלויף... דער באטקאָ... מיינע ברידערלעך גייען אַהער... אנטלויף...

דער טאָג האָט זיך שוין גענומען לעשן. אַ לילע טונקלקייט האָט זיך פארצויגן איבער די וועגן, עפּעס אַ זיסע שרעק און אַ ווארטן האָט ארומגענומען דעם יונג.

אָבער ער איז נישט אנטלאָפן.

3.

עס איז שוין צוגעפאלן דער אָוונט, ווען זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין אַ טאָל צווישן פלאַכע גראָז־בערג און קלאָרן, טרוקענעם זאַמד, וואָס האָט זיך געכוואליעט אין דער אָוונט־ראָזיקייט ווי צעפלאָסן גאָלד.

עס האָט גיך געטונקלט, און די פוסגייער האָבן מיד און מאַט געשפּאנט. די טונקלקייט איז געווען אַ פּלוצלונגדיקע, א שווינדלדיקע, וואָס האָט ווי א כישוף געביטן דאָס אויסזען פון דער געגנט. עס האָט זיך געדאכט, אַז פון ערגעץ איז אָנגעלאָפן א טונקעלער שטויב, און די שטערן האָבן אויפגעבליצט אויפן טונקעלן הימל.

אַ גרויסע, שרעקעוודיקע שטילקייט איז געהאָנגען איבערן טאָל און אַ ווייסלעכער קנופּ פון וועגן און שטעגן, ווי אַ קנויל אָדערן, האָט זיך אַריינ־

געפּלאָנטערט אין דער געפּלדיקער ווייט, פון וועלכער עס האָבן אַרויסגע־פינקלט עלנטע, צעוואָרפענע פלעמלעך, וואָס האָבן געציטערט אין דעם טויאיקן נעפּל, ווי פאַרטראָגענע פונקען.

אַ שמאָל, בלאָנקענדיק וואַסערל האָט זיך באַהאַלטן הינטערן באַרג. ווי אַ שפּיציק מעסער האָט זיך עס אַרייַנגעשטאָכן אין די בלויליכע פלויטן פון דעם ישוב, וואָס איז מיטאַמאָל אויפגעשטיגן אין דער נאָענט.

אַן אייביקער ריח פון פריש־געבאַקן ברויט און פריש־געמאָלקענע מילך האָט זיך דערטראָגן פונעם טאָל. די וואַנדערער זענען געגאַנגען מיט אייל־דיקע טריט, אונטערשפרינגענדיק אויף די אָנגעווייטיקטע פיס. זיי זענען צוגעקומען צום קיל־אָטעמדיקן וואַסער, זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דעם פייכטן זאַמד פונעם ברעג, אַרייַנגעלאָזן זייערע פאַרברענטע פיס אינעם פלאַכן וואַסער. אַ קרעפּטיקער שטראָם־אָטעם, פול מיט לעבעדיקן זאַפט, האָט זיך אָנגערופן. אַ מנוחהדיקייט פון די ווייטע קינדער־יאָרן האָט אָנגעפילט זיין האַרץ, און דער „פּראָפעסאָר" האָט געזאָגט:

— זעסט, אָלגאַ... כ'האָב דיר געזאָגט, אַז דאָ וועט זיין אַ וואַסער...

— האָסט געזאָגט... געזאָגט... אָבער דאָס איז נישט קיין ים... ביי אונדז... אין אָדעס... איז אַ ים... אָט, אַ ים... גייסט אַראָפּ צום ברעג.. אַך, די גאַנצע וועלט... אַ ים... קוקסט... קוקסט... און גאָרנישט זעסטו.. נאָר וואַסער... און נאָר אַ „קאָראַבל"... נישט ווייט... און טרויעט אַזוי „זשאַלאָבנע"....

זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין זיין אַקסל, ווייל דער קאָפּ האָט איר גע־שווינדלט פונעם וואַסער־לויף. דער יונג האָט איצט אויסגעזען, ווי אַ טונ־קעלער שטאַם פון אַן אָפּגעבראָכענעם בוים — און זיין שאַרפע נאָז און זיין משופּדינע האָר האָבן זיך געצייכנט אויף דעם לעצטן, ליכטיקן פּאַס הימל. ער האָט אויסגעצויגן זיין לאַנגן, קרעפּטיקן האַלדז, ווי ער וואָלט זיך צו־געהערט צו דער אָנקומענדיקער נאַכט.

אָט דאָ דאַרף זיין דאָס שטעטל, ווו ער האָט איר צוגעזאָגט צו געפינען פאַר זיי אַ הויז. אָט איז ער הינטער דער פּלייצע פונעם שטעטל. ער האָט זיך אייַנגעגראָבן מיט זיין בליק אין דער אומגעגנט, ער האָט געזוכט אין דער טונקלקייט, ער האָט געוואָלט געפינען סימנים פון די יאָרן צוריק, ווען ער איז פון דאַנען אַוועק. ביסלעכווייז האָבן זיך פאַר אים אַרויסגעטיילט פונעם נעפּל באַקאַנטע דעכער און שטיקער געבייען. ער האָט מיט זיין שאַר־פן בליק דערכאַפּט די געציירטע דעכער און טורעמס פון די פריצישע הייף,

וואָס זענען געלעגן פון דער לינקער זייט, צווישן די קאָלירטע דיוואַנען פעלד, באַרג=אַרויף.

אים האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז פון דער געדיכטעניש אין טונקלקייט רוקן זיך ארוים פאַר אים די אַלע שטעגן, איבער וועלכע ער האָט אַרומגעשפּאַנט אין די ווייטע יאָרן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט שוין, די שטילע אין גרינם איינגעגראָבענע געסלעך מיט די בליצנדיקע לאַמטערנס אין די אָוונטן, ווו ער פלעגט ארומוואַנדלען. און אים האָט אַ ציטעראָן. זיין הארץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן ביז ווייטיק.

ער האָט ארומגעהאלטן אָלגאַן, ווי ער וואָלט געוואָלט ווייזן זיין פאַרמעגן דעם בליצלענדיקן שטעטל. אים האָבן געשראָקן נאָר די מענטשן, וואָס ער וועט דאָרט באַגעגענען. זיין קאָפּ האָט גיך געאַרבעט. ער האָט אין זיין געדאנק געבויט א פּלאַן, ווי איינצוגעמען דאָס שטעטל מיט די מענטשן. ווען ער זאָל קאָנען עפענען די געהעמערטע טויערן פון די פריצישע הייף, פאַר איר, פאַר אָלגאַן, ווען ער זאָל זי קאָנען צובינדן צו זיך.

ער האָט געוווסט, אַז קיין אנדער וועג, ווי טרעפן זיך מיט די בעטלער וועט ער נישט געפינען, ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק צו דעם הויכן צלם פונעם קאָשטשאָל, „אפשר זיך שמדן...“ — איז אים דורכגעלאָפן אַ גערדאנק און דריקנדיק אָלגאַן צו זיך, האָט ער גערעדט אין פאַרטראַכטקייט:

— אָלגא... מיר וועלן אריינקומען אין שטעטל... זעסט... אין דער רעכטער זייט, ווו עס זעען זיך די פלעמלעך... ווו עס גייט א רויך פון די קוימענס... נישט ווייט... איך וועל דיך אוועקפירן אין אַ הויז... דו וועסט זיין מיין ווייב... אַזוי זאָלסטו זאָגן... דאָרט וועלן זיין יידן. זיי וועלן קוקן אויף אונדז... זיי וועלן רעדן צו דיר... זיי וועלן וויסן פון וואַנען מיר זענען... בעטלער דערקענט מען... זיי זענען אויך אַזעלכע... אָבער דו וועסט שווייגן... דו וועסט זיך מאַכן פאַר אַ נאַריש ווייבל... אָלגאַ, איך וועל שוין אלץ מאַכן, מאָרגן... ווען עס וועט ווערן טאָג, וועלן מיר אוועקגיין... זעסט, אָלגאַ, אָט דאָרט, ווו עס ווייסט זיך... דאָרט ליגן די פריצישע הויפן... מיר וועלן גיין אהין, שפּילן און זינגען... מען וועט אונדז דאָרט אריינלאָזן, און מיר וועלן זיין גליקלעך... דו זאָלסט נאָר זיין שטיל... די פּריצים האָבן ליב שטילע, פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן... האָבן ליב אויסצופרעגן... נאָר פאַר יידן זאָלסטו זיך היטן... זיי ווייסן אַלץ און פאַרגינען נישט...

אָלגאַ האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע שפּילנדיקע אויגן, און געזאָגט:

— דו ביסט דאָך אויך אַ „יעווריי“...

— אָבער איך וויל נישט גיין צו די יידן... איך וויל, דו זאָלסט זיין

גליקלעך... אַלגאַ... אַז אַרטיסטע זאָלסטו זיין... אויף בעלער... פאַר רייכע פריצים טאַנצן און זינגען...

* *
*

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין טאָל, אינעם ערשטן שטאָלן, קרומען שטעטישן געסל אַריין. זיי זענען דורכגעגאַנגען די ערשטע הייזלעך מיט די צעדרייטע טויערלעך און טירן. טונקעלע שאָטנס פון מענטשן האָבן זיי לאַנג נאָכגעקוקט מיט שרעק און וווּנדער. זיי זענען געגאַנגען ווייטער, און די הייזער האָבן זיך ווי אויפגעהויבן, געוואָרן געדיכטער, ווי זיי וואָלטן גע־קראָכן איינס אויף דאָס אַנדערע.

נעבן אַ טויערל, אויף אַ שטיין, האָט זיך אַלגאַ אָוועקגעזעצט. זי האָט אָנגעטאָן אירע הויכע, ציגיינערישע שטיוועלעך. אויך דער „פּראָפעסאָר" האָט אָנגעטאָן זיינע הויכע שטיוול. די דעכער זענען געוואָרן וואָס אַמאָל געדיכטער, און אַ געדיכטער ריח פון אָרעם געקעכץ האָט זיך געטראָגן פון די אַלטע, טונקעלע הייזער. מענטשן זענען אייליק פאַרבייגעגאַנגען, אָדער געשטאַנען פאַר די טירן פון זייערע הייזער.

אַזוי זענען זיי דורכגעגאַנגען דאָס שטעטל. די נאַכט האָט זיך אויס־געשפּרייט און צונויפגעגאָסן אַלץ אַרום אין אַ פרעמדער שוואַרצקייט. אָבער דער יונג האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך נאָענטע און היימישע ריחות פון זיינע ייִנגלשע יאָרן. ער האָט אין דער פינצטער דערקענט יעדעס הויז. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט אים געשעט עפּעס אַ גרויסע, אומפאַרשטענד־לעכע פאַרוואַנדלונג.

זיי זענען שוין אַרויס פון דעם שטעטל, און ווידער האָט אַ קלאַפּ גע־טאָן מיט אונטערשטאָט. ווילדע שטיקער לאָנקע מיט איינצלנע געביידעס זענען דאָ געווען צעוואָרפן. קיין לאַמטערן האָבן שוין דאָ נישט געברענט, און נאָר לאַנגע, שטומע פּלויטן, פאַרשאָטנטע פון ריזיקע ווילדע עפּל־ביי־מער, האָבן זיך געצויגן.

— וווּהין פירסטו מיך... — האָט זיך אַלגאַ אָפּגעשטעלט. — זי האָט דערפילט ווי דער יונג איז אויפגעברויזט.

— שוין... דאָ... נישט ווייט... אַלגאַ...

און פּלוצלונג איז פאַר זיי אויסגעוואָקסן אַ לאַנג, שוואַרץ הויז, אָן פענצטער, ווי אַ שטאַל, מיט אַ שוואַרצן טויער. דאָס הויז האָט אויסגעזען

ווי אַ ריזיקער מתים־וואָגן. אַרום איז געלעגן אַ באַרג מיסט מיט ציגל. דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, און דער „פּראָפּעסאָר" האָט מיט אַ באַפעל אין דער שטים אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָ... אָט דאָ איז עס... האָב נישט מורא... אָלגאַ...

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס הויז איז ליידיק און פאַרלאָזן פון מענטשן. אַ שטומקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון די שוואַרצע ווענט און די טיר איז פאַרמאַכט און פאַרהאַמערט געווען.

גלייך פון דעם הויז האָט זיך געצויגן אַ נידעריקער, לאַנגער פּלויט, און אָלגאַ האָט מיטאַמאָל דערזען, ווי פון אונטער דעם פּלויט קוקן אַרויס ווייסלעכע בערגלעך און גראָבע, ווייסלעכע שטיינער, אויסגעשטעלטע אין רייען. זי האָט אַ ציטער געטאָן און אויסגעשריגן:

— וואָס איז דאָ... דאָס איז דאָך אַ „קלאַדבישטשע"... אַ צווינטער...

— שאַ... דאָס איז דאָס „אַלטע פעלד"... האָב נישט קיין מורא, אָלגאַ...

און דער יונג האָט אָנגעקלאַפּט אין דער פאַרמאַכטער טיר.

.4

ער האָט זיך איינגעהערט אין דער טויבקייט פון דער פאַרהעמערטער טיר און ער האָט שוין געאָטעמט. אינעווייניק האָט זיך, דאַכט זיך, גאָר־נישט באַוועגט. ער האָט באַכאַמאָל אָנגעקלאַפּט, דריי מאָל, מיט די ביינער פון זיינע האַרטע טונקעלע פינגער. איצט האָט זיך די טיר מיטאַמאָל גע־עפנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ קורצער, ברייטער מענטש, מיט אַ שוואַרצן, פאַרוואָקסענעם קאָפּ. זיין ברייט טונקל פּנים איז געווען איינגערעמט אין אַ שטיק שוואַרצער באָרד. זיינע אויגן האָבן געבליצט אין דער פינצטער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק פון דעם שוואַרצן, טויבן, שרעקיקן הויז. ער איז געווען האַלב אויסגעטאָן, און זיינע טונקעלע הענט זענען געווען קורצע און ברייטע.

אָלגאַ האָט זיך דערשראָקן און אַ לויף געטאָן פון דעם הויז. דער „פּראָפּעסאָר" האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר. ער האָט זי כמעט גענומען אויף די הענט צוזאַמען מיט איר זעקל, אין וועלכן זי האָט געטראָגן איר גי־טאַרע, מיט אירע רויטע און בלויע ציגיינערישע העמדער און זי אַריינ־געטראָגן אין טונקעלן פּאָדערהויז. עס האָט זיך נאָר דורכגעשלאָגן אַ רויט־

לעבער אָפּשיין פון דער ווייטערדיקער שאָפּע. דאָ זענען זיי שטיין געבליבן און די טיר האָט זיך צוריק פאַרהעמערט.

דער קורצער און ברייטער מענטש איז געווען דער באַלעבאָס פון דער שאָפּע. מען האָט אים צווישן די בעטלער פון דער גאַנצער געגנט געקענט און גערופן: „בעריש כלאָפּ". דער „פּראָפעסאָר" האָט אים געקענט פון לאַנג, פון אַלטע שותּפותן און וואַנדלונגען איבער די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. זיי האָבן געהאַט צווישן זיך סודות פון געטרייבטע פאַרמעגנס ביי אַלטע בעטלער און וועגן בעטלער־ווייבער, וועגן וועלכע קיינער, אַחוץ זיי, האָט נישט געוווּסט. איצט האָט בעריש כלאָפּ אַריינגעברענגט דאָס ליכט, וואָס האָט געברענט אין דער ווייטערער, לאַנגער קאַמער. ער האָט אויפגעהויבן דאָס ליכט איבער די צוויי געקומענע און ערשט איצט דער־קענט דעם „פּראָפעסאָר".

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און בעריש האָט דער ערשטער אַרויסגע־לאָזן זיין שווערע, הייזעריקע שטים:

— ווען זע איך... „פּראָפעסאָר"...

— מאַך נישט קיין גערודער... בעריש... גיב אַ געלעגער...

— פון וואַנען קומסטו...

— פון פּוילן...

— און דאָס ווייבל...

— מיין ווייב...

— ווו האָסטו זי גענומען...

דער פּראָפעסאָר האָט געשוויגן.

— גייסט פון וואַרשע...

— פון וואַרשע...

— און זי...

— פון ראָסיי...

— בלייבסט דאָ...

— כ׳ווייס נישט...

בעריש כלאָפּ האָט אים לאַנג אָנגעקוקט און רואיק געזאָגט:

— מ׳האָט דיך שוין דאָ געזוכט...

זיי האָבן זיך אַריינגערוקט אין אַ ווינקל, פינצטערן ווינקל און זיך געסודעט.

אַלגאַ איז געשטאַנען מיט איר זעקל, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. זי האָט אַריינגעקוקט אין דער טיף פון דער שאָפּע, ווו צווישן אַראָפּהענגענדי־

קע שמאַטעס און שמריק, ברעטער און פעסער, האָבן זיך געוויעט מענטשן, ווייבער און מענער. פון דער ליימענער ערד, פון נידעריקע באַנק־בעטלעך, האָבן זיך אויפגעהויבן שאָטנס, צעשויבערטע, האַלב־נאַקעטע שטיקער מענטשן, איינגעהילטע אין שמאַטעס. זיי האָבן זיך גערוקט אַהער אין פאַ־דערהייזל, אויף אַלגען.

איצט האָט זיך בעריש כלאָפּ דערנענטערט מיט דעם ליכט און ער האָט מיט דעם רויטלעכן בליק פון זיינע גרויסע, שפּיציקע אויגן באַטראַכט אַלגען. זי האָט אויסגעזען ווי אַ גרויס פאַרמאַטערט קינד.

דער „פּראָפעסאָר" האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן איר, ווי ער וואָלט זי באַדאַרפט שיצן.

בעריש כלאָפּ האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— קומט אַריין...

און אונטער דער שיין פון דעם ליכט האָט מען זיך אַריינגעלאָזן טי־פער אין דער קאַמער. דאָ האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטאָן בעט־לעך. די צעפּאַטלטע ווייבער און האַלב־נאַקעטע מענער האָבן אַרומגערינגלט אַלגאַן. זי האָט געקוקט אויף זיי מיט אויפגעריסענע אויגן פון שרעק, טוליענדיק די גיטאַרע צו זיך.

די בעטלער האָבן באַטראַכט אירע הויכע, ציגיינערישע שטיוועלעך. ביסלעכווייז האָבן זיי אויסגעשטרעקט זייערע קנאָכיקע הענט און אָנגע־הויבן באַטאַפּן איר ברייט, לייכט און קורץ קליידל, פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעריסן אירע הויכע, שלאַנקע פיס.

אַ בעטלערין מיט אַ ווייס פנים פון אַ טויטע, מיט געלע אויגן, האָט אַ געשריי געטאָן:

— ס'איז דאָך אַ שיקסע... אַז אמתע שיקסע...

— אַ קונצנמאַכערקע...

איינע, מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, האָט אויסגעשטרעקט צו אַלגאַן אַ דאַרע, געלע האַנט:

— אויב זי איז אַ יידישע... זאָל זי זאָגן קריאת־שמע...

— מויד... קאָנסט רעדן יידיש...

אַלגאַ האָט זיך איינגעקורטשעט ווי אַ געפאַנגענע חיה:

— „פּאַשלאַ"... גיי אַוועק... „וויעדמאַ"... — האָט אַלגאַ אַ שפּריץ געטאָן ווי אַ קאַץ.

— ס'איז אַ שיקסע... יידישע קינדער... דער יונג האָט געבראַנגט אַ גויע...

איינע האָט געשריגן מיט אַ יאָמער:

— ער האָט דאָך אַ ווייב... דער יונג...

— אַזאַ קליינע... אַ הויקער... אַ געלע... אַ גרויסע פּאַרדינערין...

אַז אַלטע גרויע בעטלערין איז געקראָכן אויף אַלע פיר און געשריגן מיט אַ יאָמער:

— די שיקסע וועט נאָך באַגנבענען... און אַנטלויפן...

ס'איז געוואָרן אַ בהלה.

די בעטלער האָבן זיי אַרומגערינגלט ווי שדים. עס האָט געהאַלטן ביי אַ געשלעג.

— דאָ אין שטאָט איז נישטאָ קיין אָרט פאַר קיין פרעמדע פּענטאַקעס... — האָט מען געשריגן.

— מען וועט נישט דערלאָזן... בעריש... וואַרף זיי אַרויס... ווער דאַרף זיי דאָ...

בעריש כלאָפּ איז געווען דער באַלעבאָס פון דער שאָפּע. זיין שוואַרצע ציגיינער־באָרד, זיין ביקישער האַלדז און זיין גבורה האָט געהאַלטן אין דער מוראַ די גאַנצע געגנט בעטלער, ביז לובלין. גערופן האָט מען אים „כלאָפּ“, ווייל ער האָט געהאַט צו טאָן מיט גויים. ער האָט זיך אליין אויך געפירט ווי א גוי. ער איז אויך געווען א קברן אויף דעם בית־עולם, כאָטש די יידן פון שטעטל האָבן אים נישט געוואָלט. איצט, ווען די בעטלער זענען באַפאַלן דעם „פּראָפּעסאָר“ מיט אַלגאַן, האָט זיך בעריש ארומגעקוקט, זיינע אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן פון כעס און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— פּענטאַקעס... קאַליקעס... שטיל זאָל זיין, ווייל ער שטעל ענק ארויס אין פעלד אַריין... ער בין דאָ באַלעבאָס... וועמען ער וויל, לאָז ער אריין...

ס'איז שטיל געוואָרן. עטלעכע ווייבער האָבן נאָך געסיקעט:

— דער יונג זאָל אַזוי אויסלעבן די נאכט, צי ס'איז אַ ווייב...

— זעטס נאָר די קודלעס... ס'איז א שרעק צו בלייבן מיט אַזאַ שיקסעטשיסקע ביינאַכט... זי קאָן אונדז בדלות שטעלן...

אָבער בעריש „כלאָפּ“ איז שוין אַוועק מיט דעם ברענענדיקן ליכט אין אַ ווייטן ווינקל פון דער קאַמער, נאָך אים איז געגאַנגען דער „פּראָפּעסאָר“ און געפירט אַלגען. ער האָט זי אויסגעהיטן פון די צעיושעטע ווייבער, וואָס האָבן באַוויזן איר אַ פּאָר קניפּ צו טאָן. דער „פּראָפּעסאָר“ האָט זיי געשלאָגן מיט זיינע שטיוול, אזוי ווי מען טרייבט אָפּ הינט. אויך אַלגאַ האָט נישט געשוויגן און אַ שיט געטאָן מיט א לשון פון דער אָדעסער „מאָלדאַוואַנקא“:

— או... חזירישע „רילעם"...

אין אַ טיפֿן ווינקל פֿון דער שאַפֿע האָט זיי בעריש צוגעפֿירט צו אַ באַנק, פֿון וועלכער ער האָט אַראָפּגעטריבן עפּעס אַ בעטלער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַק שמאטעס. אויף דער באַנק איז געלעגן אַ זעקל שטרוי.

אַלגאַ האָט געשוויגן. אירע אויגן האָבן געקוקט פֿרעמד און אומצו־טרויעלעך. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַ מידע אויף דער באַנק און צוגע־דריקט די גיטאַרע צו איר ברוסט. דער „פּראָפֿעסאָר" האָט זיך אַוועקגע־שטעלט נעבן איר און זיין לאַנגער, שוואַרצער שאָטן האָט זיך אויסגעצויגן לאַנג איבערן סופֿיט. בעריש האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים אויף דער ערד און ווידער האָבן זיי שטיל זיך געסודעט:

— און ווו האָסטו זי געפֿונען... — האָט בעריש „כלאָפּ" געפֿרעגט, שוין צום ווײפֿלטן מאָל, און דער יונג האָט אַלץ געענטפֿערט:

— מיין ווייב...

דערנאָך האָט דער „פּראָפֿעסאָר" צעשפּילעט דעם כאַלאַט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין שוואַרץ אָפּגעבריענט האַריץ־ברעטל; ער האָט אַרויסגע־שלעפּט עפּעס אַ פּאַפּיר מיט אַ בייטל. ער האָט אַרויסגענומען פֿונעם בייטל און געגעבן בערישן. ער האָט געציילט קלייניגקעלט און בעריש האָט אַלץ גע־קוקט אויף אַלגאַן, וועלכע האָט שוין אַנגעהויבן דרימלען אויף דער באַנק. דאָס ליכט האָט שוין איצט קוים געצאַנקט, אַ געדיכטע פֿינצטערניש האָט זיך געלייגט איבער דער שאָפֿע. אין דער ענגער דושנעקייט האָבן זיך גע־טראָגן כראַפּעריי און קרעכצן, ווילד־גרילצנדיקע אויסגעשרייען פֿון די קאַליקעס און האַלבע משוגעים און עמעצער האָט מיט אַ ווילד, צעריסן געשריי געשריגן פֿון שלאָף:

— געוואַלד... גנבים... מיין געלט...

און אַן אומזיניק שלוכצן האָט פֿון אַ צווייט ווינקל געענטפֿערט.

## 5.

פֿון דעם סודן זיך מיט בעריש „כלאָפּ" האָט זיך דער „פּראָפֿעסאָר" דערוווּסט, אַז אויף אַלע וועגן אַרום וואַרשע, אומעטום, ווו די בעטלער וואַנדערן אַרום, האָט מען שוין געוווּסט, אַז ער איז אַנטלאָפֿן מיט דער טאָכטער פֿון די „אָדעסער קאַצאַפּעס", אַז אין וואַרשע, אויף „פּאָוואָנזעק", איז געגאַנגען אַ געשלעג צווישן אירע ברידער, די אָדעסער יונגען, מיט די יידישע בעטלער. אויך דאָ האָט אים שוין געזוכט איינער פֿון די באַוווּסטע

ווארשעווער בעטלער „משה מאַלפּע“, וואָס האָט געפירט א פּאַרטיע בעט־לער אין אַ שטעטל הינטער לובלין, ווו עס איז פאָרגעקומען א רייכע חתונה פון צוויי גרויסע גבירים.

אויף אַזעלכע חתונות האָט דער „פּראָפעסאָר“ שטענדיק פאַרדינט אַ סך געלט. און די בעטלער האָבן פארברענגט פרייליכע און זאַטע טעג.

דער יונג האָט געוווּסט, אַז ווען ער וועט זיך טרעפן מיט „משה מאַל־פּע“, וועט קומען צו אַ גרויס געשלעג. „משה מאַלפּע“ איז געקומען פון דער ווארשעווער אונטערוועלט, ווו ער איז געווען אַ באַריהמטער גנב, אָבער זייט מען האָט אים אָפּגעהאַקט די לונגען און ער איז אַרויס פון שפּיטאָל, איז ער אַריין צווישן די בעטלער, און מען האָט מורא געהאַט פאַר זיין שלעגע־רישן כוח. ער איז אויך נישט געווען זיכער מיט „בעריש כלאָפּ“ און מיט די בעטלער, וואָס ווילן אים דאָ נישט האָבן. „בעריש כלאָפּ“ האָט אויך גע־וואָרפן אַן אויג אויף דער מויד, און דער „פּראָפעסאָר“ האָט זיך דער־פילט ווי אַ חיה, וואָס איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן.

ער איז געלעגן געבן דער באַנק, אויף וועלכער אָלגאַ האָט געדרימלט. ביי דער שיין פון דעם בליצנדיקן ליכט האָט ער געזען, ווי איר פּנים האָט זיך באַשלאָגן מיט אַ געזונטער, ראָזער פאַרב און איר שטייפע, שפּראָצנ־דיקע ברוסט האָט זיך רואיק געהויבן אין אַ וואָרעמען, יונגן שלאָף.

ער האָט געלעגן אויף דער ערד, אויף זיין זעקל און זי געהיט, ווייל ער האָט געפילט, אַז ער קאָן זי יעדער מינוט פאַרלירן. ער האָט איצט פאַר־שטאַנען, אַז ביז אַהער, די אַלע טעג, האָט ער זי געפירט נאָך זיך נאָר מיטן כוח פון זיינע לידער און וווּנדערלעכע מעשיות, וואָס ער האָט איר דער־ציילט. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט איר צו פאַרטרויען. ער האָט איצט דערפילט, אַז ער מוז עפּעס זי שוין צובינדן צו זיך, מיט עפּעס אַ גרעסערן כוח. זאָל ער איבעררייסן מיטאַמאָל מיט די שלעפּער, ווו ער לעבט שוין פון עטלעכע יאָר מיט זיינע באַהאַלטענע געדאַנ־קען? צי זאָל ער איצט, אין דער פינצטערער שטאָל, צווישן די בעטלער און משוגעים איבעררייסן און אַוועקגיין צוריק צו זיין היים, וואָס ליגט דאָ נישט וויט, צו דעם יידישן שטעטל ביי דער גרענעץ, ווו ער וועט געפינען זיין פארוויסטע, קראַנק ווייב, וואָס מען האָט אים אָנגעהאָנגען, ווען ער איז נאָך כמעט אַ קינד געווען? און די צוויי בלייכע, פארקריפּלטע קינדער, וועלכע ער געדענקט קוים?

אין מיטאַמאָל, נאָך לאַנגע יאָרן, זענען אויפגעשטאַנען פאַר אים שטי־קער פון זיין לעבן, וואָס האָבן זיך ווי אָפּגעבראָכן און ערגעץ פאַרפאַלן גע־

וואָרן. ער האָט דערזען פאַר זיך דאָס שטעטל אונטער אַ שוואַרצלעכן שטויב, אַ שווער לעבן פון אַ קנויל אָרעמע מענטשן. אָט איז די מאַמעס לוויה... בייגאכט... די לאָמטערן פון די באַגרעבער... אָט איז די לעצטע נאכט, איידער ער האָט פאַרלאָזן די היים... אָט איז די ערשטע שרעק פאַרן טויט, אָט טיילט ער זיך אָפּ פון די יידן, פון די שכנים, פונעם שטעטל...

ער איז אַוועק אויך אין אַ שפּעטער זומער־נאכט, אזוי ווי היינט.

טעג און נעכט האָט ער אַליין געשפּאַנט איבער די זייטיקע וועגן. אויך דעמלט האָט מען אים געזוכט. דאָס שטעטל האָט אים געוואָלט צוריקברענ־גען צום ווייב, צו די קינדער... ער האָט דעמלט געשפּאַנט איבער די וועגן מיט דעם כוח פון דעם ערשטן בוך, וואָס ער האָט דעמלט געלייענט, דאָס בוך וועגן דעם מענטש, וואָס איז אַוועק אַליין, פאַרשלאָסן אין זיך מיט אַ פייערלעכן פאַרלאַנג צו גיין אין דער ווייטער וועלט אַריין...

ער געדענקט אויך די ערשטע מידקייט, וואָס איז אים באַפאַלן, און ער איז געלעגן אויף דער ערד אין אַ טיפן וואַלד, דערנאָך, דעם ערשטן פאַרטאָג, ווען די זון האָט אויפגעשמייכלט אויף די ברעגן פון וואַלד, דאָס פויגל־געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן ארום, די וועלט איז געווען שיין און ער האָט געגלויבט אין גאָט... ער איז נישט צוריקגעגאַנגען. הונגעריק און דורשטיק, האָט ער געשעפּט נייע כוחות פון דעם וואונדערלעכן בוך. ער איז דעמלט אַלט געווען צוואָנציק יאָר.

אַ הפקרער, א הונגעריקער, אָן געלט, אַ האלב־נאַקעטער, האָט ער אָנ־געהויבן גיין צווישן פרעמדע, בייזע מענטשן, די וועלט האָט אויסגעזען ווי אַ שטייג מיט ווילדע חיות. ערשט האָט ער אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן צו מענטשן, און ער האָט אנטפּלעקט אין זיך אַ נייעם כוח, וואָס האָט אים היימיש און אייגן געמאכט יעדע פרעמדע שוועל.

ער האָט אָנגעהויבן רעדן צו פרעמדע מענטשן מיט א דרייסקייט, וואָס עס האָבן נאָר משוגעים, און אים איז געוואָרן דערפון פריילעך. ער האָט אָנגעהויבן אויסשטרעקן די האַנט. צום ערשטן האָט זיך אים געדאַכט, אַז עפּעס אַ שרעקלעכער כוח האָט אים צעשטויבט, און ער לעבט שוין נישט מער.

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעהיילט און איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. די אַלע מענטשן, וואָס האָבן אים עפּעס צוגעוואָרפן, האָבן פאַר אים באַלד אָנגעוווירן יעדן ווערט. אַדאַנק די ביכער, וואָס ער האָט געלייענט, האָט ער באַקומען די פעיקייט צוצוטרעטן צו יעדן פרעמדן מענטש און צו יעדן הויז. ער האָט געקאָנט אריינקומען אין פאַרמאַכטע הייזער, צו פריצים און

גבירים, ווו מען האָט קיין בעטלער נישט אַריינגעלאָזן. דאָרט האָט זיך אָנ־געגליט זיין האַרץ מיט אַ בענקשאַפט צו אַ שיין לעבן, און ער איז געוואָרן דער „געהיימנישפולער" בעטלער, באַרימט אין אַלע בעטלער־סטאַנציעס פון שטעט און שטעטלעך. ער איז געוואָרן באַקאַנט אונטער דעם נאָמען, וואָס די בעטלער האָבן אים געגעבן, „פּראָפעסאָר".

ער האָט געקאָנט אַריינדרינגען אין קריסטלעכע פּראָצעסיעס, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער די פּוילישע וועגן קיין טשענסטאָכאָוו, בעטלען פאַר די קאָשטשאָלן, ווו ער איז אָנגעיאָגען פאַר אַ קריסט.

אָבער טיף אין האַרץ האָט ער געוואַרט אויף אַ טאָג, ווען ער וועט פאַרשווינדן פון די בעטלער־וועגן און וועט ערגעץ אַוועק, אין דער ווייטער וועלט. דאָרט וועט ער זיך אָפּוואַשן פון דעם בעטלער־שטויב, זיך אַרומ־רינגלען מיט ביכער... ביכער און ליכטיקע מענטשן... ער וועט דערציילן וועגן זיינע וואַנדלונגען, וועגן ערטער און מענטשן...

פון ערגעץ אַן אויפגעבראָכענער עפענונג אין דעם נידעריקן דאַך פון דער שאָפּע האָט זיך אַריינגעריסן אַ גראָלער ליכט פונעם הימל. די גראָ־קייט האָט זיך אויסגעמישט מיטן רויטלעכן ליכט פון דעם צאַנקנדיקן פלעמל און אין דעם מומנעם ליכט האָבן די מענטשן דאָ אויסגעזען, ווי מתים וואָלטן אַרויס פון די קברים. אַ שטיקעניש איז געשטאַנען אין דער געדיכטער לופט. דער „פּראָפעסאָר" האָט זיך אַרומגעקוקט מיט שרעק. פון דער שוואַרצלעכער לייוונט, פון צווישן די שמאַטעס מיט וועלכע ער איז געווען אַרומגעהילט, האָט ער פאָרזיכטיק אַרויסגעשלעפט אַ קליין און שווער זעקל, עס אויפגעבונדן. ער האָט אויסגעשפּרייט די פּאָלע פון זיין צע־קנייטשטן ראָק, וואָס ער האָט געטראָגן, און אויסגעשיט פונעם זעקל זיין פאַרמעגן, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פון אַלע יאָרן. דאָרט איז געווען אַ שווע־רער קנויל געלט, גאָלד, פּאַפּירן און זילבער. דער בליאַסק פון גאָלד האָט אַ שימער געטאָן אין דעם יונגס צעשראָקענע אויגן. ער האָט איינגעגראָבן זיינע דאַרע, טונקעלע הענט אין דעם געלט, און, אַרומכאַפּנדיק מיט אַ ווילדן כוח די שלאָפנדיקע אָלגאַ, האָט ער אַריינגעפליסטערט אין איר:

— אָלגאַ... קום, אָלגאַ...

זי האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט און ברייט אויפגעריסן די אויגן.

— אָלגאַ... זע... דאָס איז אַלץ פאַר דיר...

זי האָט אונטערגעכאַפּט דעם גלאַנץ פון געלט און מיט קינדערישן נייגיר געקוקט.

אין דער מינוט איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן „בעריש

כלאָפּ“. ער איז געווען האַלב נאַקעט און האָט אויסגעזען ווי אויסגעהעמערט פון אייזן. זיינע אויגן האָבן געבליצט און זיינע ציין האָבן זיך קרום פאַרביסן, ווי ביי אַ וואָלף. אָלגאַ איז אויפגעשפרונגען פון איר געלעגער. דער „פּראָפעסאָר“ איז אויך אויפגעשפרונגען מיט אַן איינגעבויגענעם קאַרג. ער האָט נאָך באַוויזן דאָס געלט אריינצושיטן אינעם זעקל און עס איצט געהאַלטן צוגויפגעדריקט אין זיין קנאָכיקער האַנט. ער איז געשטאַנען אָנגעבויגן ווי אַ קרעפּטיקע חיה קעגן בעריש.

אזוי זענען זיי ביידע געשטאַנען אין דער פאַרטאָגיקער פינצטערניש, גרייט צום אָנפאַל.

— לאָז אונדז ארויס... — האָט דער „פּראָפעסאָר“ שטיל א זאָג געטאָן.

— וואָס האָסטו אין זעקל... — האָט בעריש אַ בליץ געטאָן און אַ גיי געטאָן אויפן יונג.

אין דער מינוט איז אָלגאַ אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ קאַץ, זי האָט אויפגעהויבן די גיטאַרע און מיטן גאַנצן כוח זי אַראָפּגעלאָזט אויף בערישעס קאָפּ. עס האָט זיך דערהערט א פּלאַצנדיקער זעץ. בעריש האָט זיך א כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ. עמעצער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט א געשריי. אין דער רגע האָט אָלגא א כאַפּ געטאָן פון דעם „פּראָפעסאָרס“ האַנט דאָס זעקל מיט געלט, עס ארייינגעלאָזן אין איר קאָפּטע ביי דער ברוסט און זיך געלאָזן צו דער טיר.

עפּעס אַ ווילד=צעפּאַטלטער שאָטן האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר, אָבער אָלגאַס גיטאַרע האָט ווידער א פּלאַץ געטאָן איבער דעם שאָטנס קאָפּ. זי איז צו צו דער טיר, אויפגערוקט דעם ריגל און אָן עפן געטאָן די שאָפּע. אַ בלוילעך ליכט האָט שוין פאַרגאָסן דעם דרויסן, אַ פרישער שטראָם ליכט האָט זיך אויף איר אַ לייג געטאָן און זי האָט דערפילט א וואונדערלעכן כוח אין איר לייב. זי האָט געהערט די פאַרשטיקטע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער שאָפּע און פאַרשטאַנען, אַז דאָרט גייט אַ גרויס געשלעג. זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן, עס איז איר נישט איינגעפאלן צו אנטלויפן אָן דעם יונג. אָבער זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַריינגיין אין דער שאָפּע טאָר זי נישט.

זי האָט זיך ארומגעקוקט. אַרום איז געווען ליידיק און פון דעם לייבטן, פאַרטאָגיקן נעפּל האָט זיך ארויסגעשניטן דער נידעריקער פּלויט פון דעם בית=עולם. דאָ איז געווען די שטילקייט פון טויט. עס האָבן זיך נאָר געהערט הינט, וואָס האָבן פאַרדומפּן געבילט אין דער ווייט.

דער גערודער אין דער שאַפּע איז געוואָרן שטאַרקער. זי האָט געהערט קלעפּ, ווי מען וואָלט געהאַקט האָלץ. דעמלט האָט זי צונויפגענומען אַלע אירע כוחות און אַ געשריי געטאָן אין דער ליידיקער ווייט:

— ראַטעוועט...

אין דער מינוט האָט א קריפּלדיקער מענטשן־קנויל זיך ארויסגעקאָ־ליערט פון דער שאַפּע, פארפלאָנטערטע איינער אין צווייטן, האָט מען גע־ריסן מיט הענט און מיט פיס און אַ שטילער, קרעכצנדיקער ווי האָט זיך געטראָגן פון די צעקרומטע מיילער.

באַלד האָט זי דערזען דעם „פּראָפעסאָר“. ער איז געלאָפן מיט אַ צע־פלאָשעטן קאָפּ האָר און ארויסגעזעצטע אויגן... ער האָט געפּאַכעט ארום זיך מיט א הילצערנעם פוס און אויף זיין באַק איז געווען א ברייטער, רוי־טער פלעק, פון וועלכן עס האָט לאַנגזאַם געטריפט א לאַנגער שנור בלוט.

ביי אַלגאַן האָט זיך דאָס הארץ צום ערשטן מאָל פריידיק א הייב גע־טאָן, ווען זי האָט אים דערזען, און זי האָט אַליין נישט הערנדיק א געשריי געטאָן:

— טייערער...

פאָכנדיק מיט דעם הילצערנעם פוס פאַר זיך, האָט ער זיך דערנעענ־טערט צו אַלגאַן. זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן ווען ער האָט זי דערזען, און ער האָט אויסגעשריגן:

— אַלגאַ... קום... לאָמיר אנטלויפן פון זיי... אויף שטענדיק... אויף שטענדיק...

6.

אַ פארקריפּלטע, האלב־נאַקעטע בעטלערקע האָט זיך געפּאָרעט ארום „בעריש כלאָפּ“. זי האָט געוויקלט א שמאַטע אין אַ ישעפל וואַסער און אים צוגעלייגט צום קאָפּ, וו אין דער געדיכטקייט פון זיינע שווארצע האָר זענען אויפגעלאָפן ביילן.

„בעריש כלאָפּ“ איז געזעסן אויף אַ שטיין, פאַר דער שאַפּע. ארום האָבן גערוישט די בעטלער. מען האָט אַלץ גערעדט וועגן דעם ביינאַכטיקן געשלעג, וועגן דעם „פּראָפעסאָר“ און דער שיקסע.

די „טויטע“ מיט דעם ווייסן, ווי פאַפּירענעם פּנים, איז נאָך אַלץ גע־לעגן אויף אירע שמאַטעס און געהלשט, ווי זי האָט דאָס געמאכט אויף די

גאַסן אין שטאָט, ווו מען האָט זי אַלעמאָל געמינטערט מיט א מטבע, אנ־
דערש האָט מען זי נישט געקאָנט אויפוועקן פון חלשות.

אַ צווייטע, מיט אויסגעקרוממטע פיס, האָט געשריגן, אז מען דאַרף זיי
גאָבלויפן, כאַפּן, און אויסרייסן דער מויד די קודלעס. מען האָט דער־
ציילט וועגן די אוצרות געלט, וואָס דער יונג טראָגט מיט זיך אַרום, און
דאָס אַלץ ווערט אַריין אין דער שיקסע.

די ווייבער האָבן איצט געהאט א געלעגנהייט צו חנפהנען „בעריש
כלאָפּ“, האָבן זיך אַלץ געפּאָרעט אַרום זיין צעהאַקטן קאָפּ, און זיין שטענ־
דיקע באַלעבאָסטע, וואָס האָט געפירט בערישעס ווירטשאַפט, האָט זיך
נישט געקאָנט שענקען:

— אַזאַ יונג... אַזאַ באַנדיט... — האָט זי געשריגן — ר'האָט דאָכן
געקאָנט דערהרגענען... די מויד האָט דאָכן געשפּאָלטן דעם קאָפּ...

— זעטס נאָר, מענטשן... ער האָט דאָך עם געמאכט א „לאָמטערן“
אונטערן אויג... — האָט אַ צווייטע געשריגן, אָנווייזנדיק אויף בערישן,
וואָס האָט געהאַט אַ בלוי, אונטערגעהאַקט אויג, ביז וואַנען „בעריש כלאָפּ“
האָט אַ געשריי געטאָן:

— הערטס שוין אויף צו געגנען... קאַליקעס... דער יונג איז א „מאָ־
לאַדיעץ“... און די מויד איז א זוך... זאָל ער שוין האָבן אַזאַ יאָר...

און ער האָט זיך פּלוצלונג צעלאַכט:

ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן בויך פאַר געלעכטער. צום ערשטן מאָל
האָט ער געזען א נקבה זאָל אויפהייבן אויף אים אַ האַנט:

— כאַ־כאַ־כאַ... — האָט ער געדונערט און זיינע גרויסע ווייסע ציין
האָבן אַרויסגעקוואָלן פון זיין שוואַרצער, ציגיינישער באָרד:

— דאָס איז א מויד... — די אמתע סחורה... אַזאַ יאָר זאָל ער האָבן...

„בעריש כלאָפּ“ האָט נישט געפילט דעם ווייטיק פון די ביילן אויפן
קאָפּ און דעם אונטערגעהאקטן אויג, ער האָט אפילו נישט געקלערט וועגן
דעם זעקל געלט, וואָס ער האָט געזען ביים „פּראָפעסאָר“. ער האָט געקלערט
וועגן אַלגאַן.

אים האָט זיך געדאַכט, אז ווען זי וואָלט דאָ געווען אין דער שאָפּע,
וואָלט אַלץ אנדערש אויסגעזען. ער וואָלט צעיאָגט די ברודיקע, צעקנאָ־
דערטע באַנדע בעטלער און משוגעים. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן די
פרישקייט און די לעבעדיקייט, וואָס איז געגאַנגען פון איר און ער האָט זיך
נישט געקאָנט שענקען, וואָס דער „פּראָפעסאָר“ האָט זי געפאַנגען און ז'
גייט מיט אים אין זיינע וועגן.

מיטאמאָל האָט זיך פון דער טונקעלער שאָפּע באוויזן אַן אַלטער בעט־לער, מיט א לאַנגער, צעקנאָדערטער באָרד. ער האָט זיך גערוקט אויף דער ערד, האלב זיצנדיק. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט און געשריגן:

— ווו איז מיין פוס... גיט מיר אָפּ מיין פוס...

אין דעם גאַנצן רעש האָט מען פאַרגעסן אין דעם הילצערנעם פוס, וואָס דער „פּראָפעסאָר" האָט געכאַפּט, ווי א געווער אינם געשלעג. דער פוס האָט געהערט צו דעם אַלטן בעטלער פון דער פרעמד.

די בעטלער האָבן זיך ארויסגעלאָזן זוכן דעם פוס. מען האָט געזוכט אויף דעם זאמדיקן וועג, וואָס האָט געפירט אין שטעטל אריין. טייל האָבן זיך געלאָזן אריין אין דעם אַלטן בית־עולם הינטערן פּלויט, און נאָך א לאַנגן זוכן האָט מען געפונען דעם הילצערנעם פוס אויפן בית־עולם. דער פוס איז געהאָנגען אויף א בוים, נעבן אַן איינגעפאַלענעם קבר.

נאָך דער געשעעניש פון דער נאכט האָט זיך, ווי אַלעמאָל, געשטעלט דער טאָג. די בעטלער האָבן ווי שוואַרצלעכע רויב־פייגל געקוקט אין דער ארומיקער שטומער געגנט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין דער ווייט אי־בערן בית־עולם. זיי האָבן געבליקט אין דער אומעטיקער ווייט, וווּ עס זענען געלעגן די ווייסלעכע שטויביקע וועגן. יעדער וועג איז פאַר זיי געווען ניט פרעמד און ניט אייגן. זיי זענען ארומגעקראָכן אויפן לעבן ווי די פליגן, וואָס געניסן פון אַ צופאַל, און פון מענטשן האָבן זיי געזען נאָר די האַנט, וואָס האָט עפּעס געגעבן. צי איז געווען אַ שמחה, צי אַ לוויה, האָבן זיי גע־זען נאָר דאָס, וואָס קאָן זיך פאַרהאַלטן אין זייערע זעק, אין זייערע שמאַטעס.

אין די טראַנטעס, וואָס האָבן פאַרדעקט זייערע צעקרימטע לייבער, האָבן זיי איינער ביים אַנדערן געזען באַהאַלטענע אוצרות. קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז דער אַנדערער פאַרמאָגט גאָרניט. אין דער אמתן האָט יעדער פון זיי עפּעס פאַרמאָגט, עפּעס, אין וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן די קראַנקהאַפטע אידעע פון בעטלעריי.

האָט איינער, דורך יאָרן, ארומגעטראָגן עפּעס א גאָלדענע מטבע פון נאַפּאָלעאָנס צייטן און געגלויבט, אַז דאָס איז ווערט אַ פאַרמעגן. אַזוי ווי קיינער האָבן זיי אין יעדער זאַך, וואָס זיי האָבן געפונען געגלויבט, אַז דאָס איז אַ סך ווערט. ווי דער אַלטער בעטלער, וואָס האָט ארומגעטראָגן אַ זעקל מיט קנעפּלער, וואָס ער האָט געזאַמלט דאָס גאַנצע לעבן. די ייִדישע הענדלער פון די שטעטלעך האָבן אים געקענט און האָבן אים אָנגעטאָן א

גראַשן געשענקט אַ קנעפּל, וועלכעס ער האָט צוגעבאַפּט מיט ציטעריקע הענט.

עס איז דאָ אויך געווען באַקאַנט דער אַלטער בעטלער, וואָס איז נאָך אין די קינדער־יאָרן אַוועק דאָ פון אַ שטעטל אין לובלינער קאַנט. דער אַל־טער מאַן האָט זיך איינגעלעבט מיט אַ געשיכטע פון אַ הויז, וואָס זאָל האָ־בן געהערט צו זיינע עלטערן, וואָס זענען ביי אים געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד.

דאָס איז געווען עפּעס אַ הויז, דאָס שענסטע אין שטעטל, וואָס האָט געהערט צו אַ יידישן רייכן קרעמער.

דער בעטלער האָט דערציילט, אַז ער איז דער איינציקער יורש פון דעם הויז, וואָס איז אים פאַרלייקנט געוואָרן. ער האָט אָנגעגעבן סימנים, און לאַנגע יאָרן האָט זיך געצויגן אַ דין־תורה צווישן דעם בעטלער אין דעם קרעמער. די דין־תורה האָט איבערגעלעבט עטלעכע רבנים אין דעם שטעטל. אויך דער רייכער קרעמער איז שוין פון לאַנג געשטאָרבן, און די עטלעכע איינוווינער האָבן נישט געדענקט די עלטערן, אויף וועלכע דער בעטלער האָט זיך פאַררופן, כאָטש א סך סימנים, וואָס דער בעטלער האָט אָנגעגעבן, זענען געווען אמתע. און אַלע לאַנגע יאָרן פון זיין בעטלער־לעבן, שפּאַנענדיק איבער דער מדינה, האָט ער אַלעמאָל געקרייזט אַרום דעם שטעטל און אַרום דעם הויז.

דורך די יאָרן האָט ער שוין אַליין נישט געקאָנט אין זיין זכרון גע־פינען דעם אָנהייב פון וואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען די זיכערקייט, אַז דאָס הויז איז זיינס.

און נאָך איצט, שוין מיט האַלב־אָפּגעטויטע פיס, פאַרבלאָנדזשעט ער אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, ווינטער, אין קאַלטע נעכט, אָדער אין זומער־דיקע היצן צו דעם הויז. ער זעצט זיך אַוועק אויף די טרעפּלעך, און פאַר אַ ראָד מענטשן, וואָס נעמען זיך צונויף אַרום אים, דערציילט ער די גע־שיכטע פון דעם הויז, ווו זיינע עלטערן האָבן געלעבט אין גרויס עשירות, און ער געדענקט, אַז דאָ, ביי דעם פענצטער, איז ער געזסן, ווען ער איז געווען אַ קינד און געלערנט די הייליקע תורה.

מענטשן הערן די טרויעריקע געשיכטע. עס נעמט זיי דורך אַ גרויל, ווייבער וויינען און מענער וואַרפן אין זיין שטאַרער האַנט אַריין וואַרעמע גראָשנס.

יעדער פון די בעטלער טראָגט אין זיינע זעק און שמאַטעס, אָדער אין זיך עפּעס אַ געשיכטע פון אַ לעבן, און קיינער קאָן נישט געפינען, ווו עס

הייבט זיך אָן און ווו עס ענדיקט זיך דער קראַנקהאַפּטער כוח פון וואַנדלען.

אַזוי האָט זיך אויך איצט אָנגעהויבן דער טאָג ביי „בעריש כלאָפּ" אין דער שאַפּע.

דער סוף־זומער טאָג האָט זיך אויפגעהויבן מיט א שאַרף ליכט פון דער הויכער ווייטער זון, און אַ נעפּלדיק־אומהיימלעך ליכט האָט זיך צע־גאָסן אין דער וויים.

אין די סוף־זומער טעג איז די באַוועגונג פון די יידישע בעטלער גע־ווען אַ געדיכטע. עס האָט געשמעקט מיט די גרויסע יידישע יום־טובים — ראש־השנה און יום־כיפור, די הויכע טעג פון צדקה, און בעטלער האָבן גע־איילט. מען האָט זיך געגרייט אין די וועגן אריין.

„בעריש כלאָפּ" איז אַלץ געזעסן אויפן שטיין. די בעטלער האָבן נאָך אַ לאנגן ציילן די גראָשנס אים צוגעטראָגן יעדער דעם אָפּצאָל, וואָס בערייש האָט גענומען ביי די בעטלער פאר דער שאַפּע. אָבער זיינע געדאנקען זענען אַלץ געגאנגען נאָך דעם „פּראָפעסאָר" מיט אָלגאָן. עס האָט אים אויך גע־צויגן צו גיין אין דער וועלט אריין.

איצט איז ער אויפגעשטאַנען פונעם שטיין. אין זיין קאָפּ האָט זיך אָפּגערופן א טויבער ווייטיק פון אָלגאָס קלאָפּ מיט דער גיטאַרע. ער האָט זיך אריינגעלאָזן אין דער שאַפּע און פון אַ זעלנעריש קעסטל, ווו עס האָט זיך געפונען זיין באַלעבאַטישקייט, ארויסגענומען אַ פלאַש בראָנפן און אין אַ ווינקל א לאנגן זופּ געטאָן.

די בעטלערס האָבן זיך ווי שאָטנס געדרייט אין די טונקעלע ווינקלען פון דער שאַפּע. טייל אַלטע זענען געשטאַנען אין טליתים און פרום גע־דאַוונט. אַנדערע האָבן געגעסן ציבעלעס מיט דאַרע רעפּטלעך ברויט. זיי האָבן מיט אלטע, יידישע וואנדער־אויגן פארטראָגן געקוקט פאר זיך.

אויף א באנק, איינגעהילט אין שמאַטעס, איז געזעסן די „קורטשעווו־ווער" מויד, וואָס מ׳האָט געזאָגט, אז א גוי האָט זי געוואָלט שמדן און זי איז אנטלאָפן פון א קלויסטער. זי האָט געדרימלט, און איר רויט און שווער לייב האָט זיך ארויסגעזעצן פון די שמאַטעס.

„בעריש כלאָפּ" איז צוגעגאנגען, אראָפּגעשארט פון דער מויד די ברודיקע דרעע, וואָס האָט צוגעדעקט אירע פיס. עס האָבן אַ בלענד געטאָן אירע צוויי רויטע קניען, אזוי ווי פעסער.

אַ טייל ווייבער האָבן אויפגעהויבן אַ שפּיציק געלעכטער ווי מכשפות. די אַלטע לייט האָבן זיך געלאָזט לויפן אויף זייערע טויטע פיס.

די „קורטשעווער" מויד האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט זיך גענומען

אַמפּערן מיט בערישן און פון איר צעריסענעם, ברודיקן העמד האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַ ווילדער נאַקעטקייט איר ברוסט.

די אַלטע יידן האָבן געשוויגן, געשאָלטן און פאַרלאָזן די שאָפּע:

— ס'גייט אַזאַ הייליקע צייט... אַזאַ יום־הדין...

זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אין זייערע שטעקנס און קולעס. עפּעס אַ בעטלערקע איז נישט־גוט געוואָרן און מ'האָט אויף איר געשפּריצט וואַסער.

אַרום איז געווען טויט און ליידיק, און נאָר די בעטלער האָבן זיך מיט פּאַמעלעכע טריט, הינקענדיק און שלעפּנדיק, זיך געלאָזט איבערן שטויביקן וועג מיט דעם שטומען פּלויט פון דעם בית־עלמין, ווי אַ סטאַיע שאָטנס פון אַן אויסגעלאָשענער וועלט, אויף זייערע אומעטיקע בעטלער־וואַנדערונגען.

## 7.

אין דער צייט פון יאָר, אינעם סוף זומער, זענען די וועלדער אין פּוילן, אונטער דער הויכער זון, געשטאַנען פּאַרגאָסענע מיט אַ קלאָר פּריילעך ליכט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז קאָליריטע לאַמטערן האָבן זיך אָנגעצונדן, רויטע און געלע, ווי אַ יום־טובדיקע אילומינאַציע. אַ בלייך־גרינער טעפּיך איז געלעגן אויסגעשפּרייט, ווי אַ טישטוך. און די טריט גליטשן זיך גרינג אונטער דעם אויסגעוואַרעמטן און טרוקענעם מאָך. דער איידעלער, טרוקענער „וזשאָס" שאַרכט ווי לעבעדיק און בוקט זיך אונטער די שריט. ליכטיק־גרינע, ווי לאַקירטע בלעטלעך, באַהאַלטן זיך שפּילעוודיק די רויטע קרעלן־יאַגאָדעס, באַהאַלטן זיך אונטער די קונציק־געשניצטע, גרויסע און פּריילעכע „פּאַפּראָטש"־בלעטער, און ווייסע בזשאָזעס, ווי יום־טוב־ליכט, שטייען ליכטיקע און צאַרטע און פאַרבעטן אין דער פרײַדיקער טיפקייט פונעם וואַלד.

שוין אין גרויסן טאָג, נאָך אַ פּאָר שעה שפּאַנען מיט זייטיקע וועגן איבער פלאַכע בערג פון זאַמד, אויסמײַדנדיק די ברייטע וועגן און דערפער, זענען זיי צוגעקומען צום וואַלד.

דער וואַלד האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע געגנט און זיך אײַנגעשניטן אין דער בלויער ווייט מיט אַ דינער, איידעלער טונקלקייט.

זיי זענען געגאַנגען, ווי געטראָגן דורך דער פריידיקער ליכטיקייט פונעם טאָג. אָלגאַ האָט שוין נישט געקלערט וועגן דער נאַכט אין בערישעס

שאַפּע, אזוי ווי די גאנצע צייט האָט זי נישט געקלערט וווהין זי גייט, און טיילמאָל פארגעסן אין דעם „פּראָפּעסאָר“, וואָס האָט זי געפירט. זי איז געווען געווינט צו וואנדער־וועגן, און אויך די געשלעגן און קריגערייען האָבן זי נישט איבערראַשט, זי איז געווען געווינט צו קלעפּ און סקאַנדאַלן נאָך פון איר היים אין אוקראינע, צווישן די ברידער, צווישן די שכנים אויף דער אָדעסער „מאָלדאַוואַנקא“ און צווישן דעם טאטן מיט זיינע חברים „שארמאנשטשיקעס“ און שיכורים. זי האָט געטראָגן די גיטארע, ווי אַ ביקס אויף דער פּלייצע, און אויף די צעלאָזענע האָר איבער די אַקסלען האָט זי אַרויפגעלייגט אַ קראַנץ פון פעלד־בלומען, ווי אַ קרוין. אירע הויכע, שטאַרקע פיס האָבן געשפּאַנט איבער די זאמדיקע שטעגן מיט א טאנצנדיקן טראָט.

נאָך איר האָט געשפּאנט דער „פּראָפּעסאָר“. ער איז געווען שוואַרץ און פארשטויבט. ער האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל. פון זיין צעשויבערט העמד האָט ארויסגעקוקט זיין טונקל־אָפּגעברענט לייב, ווי פון דעמבענעם האָלץ. ער האָט געטראָגן דעם זאק אויף דער פּלייצע, אָנגעשפּארט אויף אַ גראָבן צווייג. עס איז שווער געווען אין אים צו דערקענען אַ ייד. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ציגיינער, און נאָר פון זיינע אויגן האָט ארויסגעקוקט אַ פּיבערהאפטע שארפקייט פון אַ יידישן בליק. ער האָט זיך ארומגעקוקט מיט אומרו, און יעדעם מאָל, ווען זיין בליק איז געפאלן אויף אָלגאן, האָט זיך זיין הארץ אָפּגערופן מיט אַ זיסן ציטער.

כאָטש זי איז געגאנגען נעבן אים, האָט ער געפילט, אַז ער קאָן זי יעדע מינוט פארלירן. אַ ווייטיק, ווי א נאָגנדיקער הונגער, האָט כסדר געקבערט, אַז אָלגא זעט אים נישט, אז נאָר דער ווילדער כוח פון יוגנט און בענקשאפט, וואָס ברויזט אין איר, פירט זי מיט אים איבער די וועגן. ער האָט, ווי יעדער פארליבטער, געזוכט די סימנים פון איר געפיל צו אים, דאָס אויסשליסלעכע, וואָס זאָל אים געבן די זיכערקייט, אַז קיינער קאָן אים נישט פארטרעטן. ער האָט ווי צעשיטע איידלשטיינער צונויפגעקליבן אַלע אירע צופעליקע ווערטער, וואָס זי האָט ליב געהאט פלוצלונג צו זאָגן, אויף איר האלב רוסיש לשון: „דאָראָגאָי“ אָדער „מילענקי“, אָבער דאָס האָט זי געזאָגט אין איר קינדישער פארשפּילטקייט, מיט א ווייטן בליק, מיט אַ פרעמדער שטים, ווו זי וואָלט גערעדט צו עמעצן, וואָס איז דאָ נישטאָ. ער האָט געפרווט זוכן איר נאָענטקייט דערין, וואָס זי גייט מיט אים אין די שווערע וועגן. און ער האָט מיט ווייטיק דערפילט, אַז דאָס פירט זי, נישט ער, נאָר איר ברויזנדיק האַרץ, וואָס טראָגט זיך ווי א ווינט אָן אַ ציל.

פֿאַר די אַלע טעג פֿון זייערע וואַנדלונגען איז זי פֿאַר אים געווען אַזוי נישט דערגרייכבאַר ווי פֿריער. צי אין שלאָף, צי אויף דער וואַך, האָט ער נישט געקאָנט געפֿונען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן איר צוטרוילעכקייט, ווען זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים ווי אַ קינד, ביז איר ווייבלעך און שטרענגען אָפּוועגדן, ווען ער האָט זיך צוגערירט צו איר לייב ווי צו אַ פֿרוי. ער האָט אויך נישט געקאָנט צונויפֿפּאָרן איר נאַטירלעך און פֿרויענהאַפֿט אויפֿנעמען פֿון צערטלעכקייטן, מיט אירע אַכצן יאָר, ווען זי האָט אים דערציילט פֿון איר לעבן. ער האָט אַלץ אין זיין מוח געבויט און געזאַמלט ווערטער, פֿאַר איר קלאָר צו מאַכן, וואָס צווישן זיי קומט פֿאָר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים ברעג פֿונעם וואַלד.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז איצט, אין דער אַרומיקער פֿרייער ליכטיקייט, אין דער שטילקייט, וועט צווישן זיי עפּעס קלאָר ווערן.

אויך אָלגאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים ראַנד פֿון דעם לויכטנדיקן וואַלד. זי האָט אויפֿגעהויבן איר בליק און עס האָט אַ שפּיל געטאָן די פֿרישע זיסקייט פֿון אירע אויגן. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און איר ברוסט האָט זיך אויפֿגעהויבן אין אַ צאַרטער רונדקייט, ווי זי וואָלט זיך געקליבן פֿליען.

— אַך, גוט... „כאָראָשאָ“... — האָט זיך אַרויסגעריסן איר טונקעלע, קינדעריש-קלינגענדיקע שטים.

— גוט איז דאָ... אָט אַ שיינער וואַלד...

דער „פּראָפֿעסאָר“ האָט מיטאַמאָל אַוועקגעוואָרפֿן זיין גאַנצע זאָרג, אַלע געדאַנקען וועגן דעם, וואָס עס קומט, וואָס עס וועט זיין, ווען דער טאָג וועט איבערלויפֿן און עס וועט ווידער קומען די נאַכט, וועגן דעם ציל פֿון זייער גאַנג.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם טרוקענעם וואַלד-גראָז, אויף אַ בערגל, וואָס האָט געהאַט אין זיך די וואַרעמע ווייכקייט פֿון לעבעדיקער ערד.

ביידע זענען זיי געווען הונגעריק און אָלגאַ האָט זיך גענומען צום זעקל. ער האָט געקוקט אויף אירע פֿלינקע הענט, ווי זי האָט געשניטן דאָס ברויט און די זעמל.

— גיב... האָט זי געזאָגט, ווען דער „פּראָפֿעסאָר“ האָט אַרויסגענומען פֿון זיין קעשענע דאָס קליינע פֿלעשעלע בראָנפֿן. זי האָט אַ זופּ געטאָן. אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט פֿריילעכקייט. זי האָט זיך פֿאַרקרומט:

— מען דאַרף נישט קיין בראָנפֿן טרינקען... — האָט זי געזאָגט — אַ שלעכטע זאַך בראָנפֿן... — מיין „באַטקאָ“ און מיינע ברידער... „פּיאַני=

צעס"... מען טרינקט... דער נאָך זענען צרות... מיין מאַמאַשאַ... געשטאָרבן צוליב בראָנפּן... מיין „באַטקא" אַלץ פאַרטרונקען... זי געוואָרן קראַנק... געשטאָרבן...

זי האָט זיך פאַרקלערט:

— מיין מאַמאַשאַ... געווען אַ „קראַסאַוויצע"... יעצט מיין שוועסטער מאַשאַ... זי איז אַן אומגליקלעכע... אַ „ניעשטשאַסטנע"...

זי האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אין איר עלטערער שוועסטער מאַשאַ, וועלכע דער פאָטער האָט געמאַכט פאַר אַ דינסט. עך, פאַרוואָס איז זי צוריקגעקומען, ווען זי איז אין אָדעס אַנטלאָפן מיט אַ „ליובאָוניק"... געוואָלט זיך אין ים אַריינוואַרפן... דער „באַטקא" האָט זי צוריקגעברענגט פאַר די האָר... זי געשלאָגן...

און זי איז אומעטיק געוואָרן.

דאָס אַלץ האָט זי דערציילט, בייסנדיק מיט אירע בליציקע ציין דאָס ברויט מיט דעם ווייסן קעז. אָפּגעגעסן, איז איר פּנים באַשלאָגן געוואָרן מיט אַ געזונטער ראָזיקייט. זי האָט זיך פאַרטראַכט און גענומען די גיטאַרע:

— ווילסט... איך דיר זינגען אַ ליד... אַ רוסיש ליד... עך, ווען איך האָב עס געזונגען קאָלקאַן...

— ווער איז קאָלקאַ?

— עך, קאָלקאַ... אַ יינגל... מיין יינגל... נו, איך וועל דיר זינגען...

און זי האָט מיט אַ פאַרטראַכטן בליק, בלאָנדזשענדיק מיט אירע שמאָלע פינגער איבער די סטרונעס פון דער גיטאַרע, אָנגעהויבן צו זינגען אַן אַלט רוסיש ליד. איר שטים איז געווען אַ האַלב-קינדערשע, אַ טונקעלע, ווי געדעמפּט זילבער:

„די געסט זענען געקומען צו דער חתונה אין דער „צערקווע", די גלאָקן האָבן געקלונגען... די כלה איז געווען אין אַ ווייסן קלייד... די כלה איז אַן אָרעמע געווען... און דער חתן איז געווען דער יונגער גראַף... אָבער דער אַלטער גראַף האָט נישט געוואָלט די אָרעמע כלה. און די גלאָקן האָבן געקלונגען, און מען האָט געפירט די כלה אינעם ווייסן קלייד... אָבער זי איז שוין אַ טויטע געווען..."

דער „פּראָפעסאָר" האָט געהערט. ער האָט געקוקט ווי איר ברוסט האָט זיך ריטמיש געהויבן פון געריהרטקייט, און איר בליק איז פאַרנעפּלט געוואָרן פון אַ צאַרטן אומעט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער חלומט, אַז מיט אים איז געשען עפּעס אַ פאַרוואַנדלונג, און ער איז איצט דער באַזיצער

פון א גרויסן רייכטום. ער האָט אויך געוואָלט עפּעס אויסזינגען, אָבער זיי־
נע לידער זענען אנדערע, יידישע, און ער האָט פארטראכט געזאָגט:

— אָלגאַ... ווען דו קאָנסט עפּעס זינגען...

— איך קאָן... אַ ציגאַנסקאַ... אַ מאָלדאַוואַנסקאַ...

— און אַ יידיש... אָלגאַ... קאָנסטו...

— יידיש... קאָן נישט זינגען...

און פּלוצלונג האָט זי קינדעריש־פארטראָגן א זאָג געטאָן:

— יאָ... מיין פּאַפּאַ קאָן זינגען יידיש... ער אַ „יעווּרעי"... יום־כיפּור...
„סודני־דיען"... ער אַ צילינדער טוט אָן... אין דער גרויסער סינאַגאָגע, אין
אָדעס גייט ער... די מאמאשא אויך געקאָנט יידיש...

אַ פייער האָט זיך באוויזן אין דעם יונגס אויגן, ער איז אויפגע־
שפּרונגען:

— אָלגאַ... דו ביסט א יידישע...

— איך... יאָ... אַ יידישע... אָבער צו די „זשידעס", דאָרט... איך נישט
גיין... אָט ביי אונדז... אין אָדעס... א יעווּרעי... אַלץ אייגס, ווי אַ „רוסקי"...
מיין באטקא, א יעווּרעי, אָבער נישט קיין זשיד... ביי אונדז אין אָדעס...
בוליגאנעס געמאכט א פּאָגראָם... „סטראַשנאָ"... מיין באטקא און מיינע
ברידער... זיך געשלאָגן... מיט מעסערס... זיך געשלאָגן...

זי האָט זיך פארקלערט, און ווי צו זיך אליין שטיל געזאָגט:

— מיין קאָלקא... נישט קיין ייד... א „רוסקי"... שוין א גרויסער... אַן
אָפיצער...

— ווער איז קאָלקא?...

— אָך... קאָלקא...

און זי איז שטיל געבליבן, נאָר די גיטארע האָט א קרעכץ געטאָן.

8.

פאר די אלע טעג פון זייער וואנדלען איז דאָס געווען דער ערשטער
טאָג און דאָס ערשטע אָרט, וואָס האָט דעם „פּראָפעסאָר" געמאכט פאר־
געסן אין אלעם ארום. דער ליכטיקער טאָג, די לינדקייט און בלויקייט פון
הימל, אָן א וואָלקנדל, די שטילקייט און פרידלעכקייט פונעם וואלד, האָבן
ווי צוגעזאָגט א ניי לעבן.

אַ „ניי לעבן", באנייען דאָס לעבן, דאָס איז געווען דער געדאנק, וואָס
האָט אים נישט פארלאָזן אויף קיין טאָג, פאר די יאָרן זייט ער איז אַוועק

פונעם שטעטל, פאַרלאָזט דאָס ווייב מיט די צוויי קינדער און ארומגעוואַנדלט מיט די בעטלער איבער דער מדינה. ער איז דעמלט אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר. זעקס יאָר זענען איבערגעלאָפן. פאַר די זעקס יאָר האָט ער שוין נישט ארומגעקרייזט ארום דעם שטעטל, ארום דער פאַרלאָזענער בודקע, ווו ער האָט דאָס ווייב מיט די קינדער איבערגעלאָזן. אין שפּעטע, טונקעלע נעכט האָט ער זיך פאַרקליבן, פון קיינעם נישט געזען, ווי א מת פון יענער וועלט, ער האָט געשמעקט צו די פאַרפוילטע ברעטער פון דער בודקע, צו דעם טונקעלן ריח פונעם גרינוואַרג, מיט וועלכן דאָס ווייב האָט געהאַנדלט, דער זעלבער ריח פון דלות, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן. ער האָט אפילו איינמאָל געזען זיין ווייב די עגונה. עס איז זי שווער געווען צו דערקענען.אָבער די קינדער האָט ער נישט געזען. ער האָט נישט איינמאָל אויסגעשטרעקט א ציטערדיקע האַנט א קלאַפּ צו טאָן אין דעם טונקעלן, פאַרהויכטן שייבל פון דער בודקע. און מיט פאַרנעפּלטע אויגן פון הייסע טרערן אַנטלאָפן צוריק אין דער וועלט אריין.

שוין צוויי יאָר, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגן זיינע קינדער. ער קלערט אַלין זעלטענער וועגן זיי און ער פילט דערביי א דינעם שטאָך ערגעץ ביים הארץ, וואָס לויפט דורך ווי אַ בליץ. אין אַזאַ מינוט וואָלט ער אוועקגעגעבן דעם קנויל געלט אינעם זעקל, וואָס ער האָט פאַרשטעקט אויף דער ברוסט. דאָס געלט, וואָס ער האָט געקליבן דורך די יאָרן, דאָס געלט, וואָס דאַרף אים העלפן צו דעם נייעם לעבן.

ער האָט זיך דערמאָנט ווי היינט פאַרטאָג, ווען ער האָט זיך געשלאָגן מיט „בעריש כלאָפּ", וואָס האָט אים געוואָלט בארויבן, איז דאָס געלט געלעגן אין אָלגאַס הענט. מיט וואָס פאַר א פשוטער, קינדערישער ריינקייט זי האָט אים דאָס געלט צוריקגעגעבן, ווי זי האָט זיך געשלאָגן פאַר אים, זי, די פרעמדע, וואָס איז אים אַזוי אייגן און נאָענט געוואָרן.

— אָלגאַ...

זיין הארץ איז פול געווען פון אַ פייערלעך געפיל. ער האָט איצט אַליץ געוואָלט דערציילן אָלגאַן. ער האָט צונויפגעלייגט אין האַלב־רוסישע און האַלב־יידישע ווערטער די געשיכטע פון זיין לעבן, וואָס האָט פאַר אים אַליין אויך געהאַט דעם רייץ פון א בוך, ווי ער וואָלט דאָס געלייענט אין פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ווייטערדיקע בלעטער. אָבער אָלגאַ איז איצט ווייט געווען פון אים. פאַר אירע אויגן זענען אויפגעשוווּמען אירע קינדערשע יאָרן אין אָדעס. דאַכט זיך, אַזוי נישט לאַנג, און ווי ווייט איז דאָס אַליץ אַוועק. אירע טרויעריקע קינדער־יאָרן אין דער פרייַלעכער שטאָט אָדעס,

ווו זי איז ארומגעלאָפֿן איבער די הייפֿלעך פֿון דער „מאָלדאַוואַנקע“. ווו די ייִנגלעך פֿון דער גאַס האָבן זיך געשלאָגן צוליב איר, ווי ווילד, ווי הפֿקר און ווי פֿריילעך איז געווען דאָס לעבן.

דערנאָך איז געשטאָרבן די מאַמע... דער „באַטקאַ“ האָט ארויסגעלייגט אויף איר זיינע קורצע, גראָבע הענט...

שפּעטער האָט זי געמוזט ארומגיין איבער די הייף, איבער די שענקען און „טשיינעס“, שפּילן, זינגען און טאַנצן, בייגאַכט באַדינען דעם „באַט־קאָס“ חברים, די אַלטע שיכורים און „זשוליקעס“, וואָס האָבן זי געכאַפּט אין די ווינקלען, געאָטעמט אויף איר מיט דעם מוטנעם ריח פֿון בראָנפֿן, געקניפּט און געזוכט אירע ליפּן מיט זייערע נישט פֿרישע מיילער. אָלגאַ האָט געשלאָגן, זי האָט זיך אויסגעלערנט שלאָגן, דראַפּען, בייסן און שטענ־דיק זיין גרייט זיך צו שיצן.

דעמלט איז צו איר חברטע אניוטאַ געקומען צופֿאָרן איר ברודער קאָלקאַ. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי דערפֿילט עפּעס אַ זיסן שטאָך אין האַרץ. זי איז דעמלט שוין אַלט געווען פֿופֿצן יאָר. ער איז אַלט געווען אַכצן. און ווו זי איז געגאַנגען, האָט זי אים געזען. אַהוץ ביינאַכט, אין חלום.

קאָלקאַ איז געקומען פֿון פּעטערבורג, ווו ער האָט געלערנט אין „קאַ־דעטסקי קאָרפּוס“. ער האָט האָרט געהאַט אַ רייכן זיידן, אַ גענעראַל. און איינמאָל אין יאָר, איז ער געקומען קיין אָדעס, צו זיין שוועסטער אניוטאַ.

אָלגאַ האָט זיך איצט דערמאָנט, ווען קאָלקא איז געקומען דאָס לעצטע מאָל, זומער, ווען זי האָט זיך פֿאַרליבט אין אים.

בלויע נעכט זענען געווען אויפֿן „וואַל“, אויפֿן ברעג פֿונעם ים. אויפֿן „פּערעסיפּ“, ווו דער ים ליגט איבער די דעכער פֿון דער שטאָט, דאָרט האָט ער איר דערציילט פֿון פּעטערבורג, וועגן די בעלער, ווו עס טאַנצן אָפֿיצירן, גענעראַלן, מיט דאַמען אין ברילִיאַנטן. און אויך וועגן אָרעמע מיידלעך, וואָס ווערן באַגליקט צוליב זייער שיינקייט. אָלגאַ האָט אויך געוואָלט באַ־גליקט ווערן, זי האָט געוווסט, אז זי איז שיין, ער האָט איר געזאָגט, ווי שיין זי איז...

זי האָט געגלויבט, אַז קאָלקאַ וועט זי קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן, זי איז געווען פֿאַרליבט אין זיין שטאָלצן, בלאָנדן קאָפּ, אין זיין אויסגעפּאַסטער, מיליטערישער קליידונג און אַפֿילו אין זיינע ווייסע הענטשקעס, וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן.

דערנאָך האָט ער באַדאַרפט אַוועקפאָרן, אָלגאַ האָט געפילט, אַז ער רייסט מיט איר האַרץ און זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן.

זי געדענקט, אפילו ווי אַזוי דאָס איז געשען. זי איז געלעגן ביי זיינע פיס... און אין איין נאַכט, א ליכטיקע און א וואַרעמע, איז זי מיט אים פאַרבליבן ביז טאָג, ביים ברעג. די נאַכט איז ביי איר פאַרבליבן ווי אַ חלום, כאָטש פאַר דער נאַכט האָבן די ברידער געשפּיגן אויף איר און דער „באַט־קאָ" האָט זי געשלאָגן מיט די שטיוול. פון דעמלט אָן איז די צייט געלאָפן מאָדנע שנעל. קאָלקאַן האָט זי שוין מער נישט געזען און ווען זי האָט גע־קלערט וועגן אים, האָט זי אים געזען אַ טאַנצנדיקן אויף די בעלער, אין די ווייסע הענטשקעס.

איצט ווייסט זי שוין, אַז קאָליאַ האָט זי אָפּגענאַרט און זי ווייסט נאָך פיל זאַכן... זי ווייסט, אַז אַלע ווילן זי אָפּנאַרן... נאָר אין זיך פילט זי אַ כוח, א כוח פון איר שיינקייט, פון געפעלן... זי ווייסט, אַז ס'איז דאָ א רייַ־כע וועלט, פון וועלכער מען קאָן אַלץ באַקומען, אָבער אירע יאָרן לויפן שנעל און ס'איז איר אַ שאָד. זי ווייסט, אַז דאָרט, אין געסל, אין וואַרשע, אין דער פּרעמדער שטאָט, גייט איצט אַרום די שוועסטער מאַשאַ אַרום די רויכערדיקע טעפּ, אַ מידע און אַן אָפּגעלאָזענע. דער „באַטקאַ" טריַנקט און די ברידער קריגן זיך צוליב געלט, וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן דורכן טאָג. ניין, זי וויל נישט גיין צוריק. וווהין וועט זי גיין, וווהין וועט זי פירן דער יונג? זי וועט גיין ווייטער מיט די ליכטיקע וועגן, איר האַרץ האָט געצויגן ווייטער... ווייטער... אָלגאַ האָט פאַרמאַכט די אויגן. די לינדע וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן אין איר מיט אַ זיסער מידקייט און זי האָט געפילט ווי זי גייט אַריין אין אַ דרימל.

מיט פאַרמאַכטע אויגן, אין האַלבן דרימל, האָט זי מיטאַמאָל דערפילט זיין הייסן אָטעם. אָבער זי האָט נישט מורא געהאַט פאַר אים. זי האָט אַפילו דערפילט זיין הייסע, צאַפּלענדיקע האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט ווי שטענדיק צוגעדריקט די גיטאַרע צו איר ברוסט און זיך אַריינגעלאָזן אי־נעם זיסן דרימל.

דער „פּראָפּעסאָר" האָט עפּעס גערעדט צו איר, אָבער זי האָט נאָר פאַרנומען זיין ברענענדיקן אָטעם, זי האָט אין פאַרטראָגנקייט געזאָגט:

— פיר מיך נישט צו די „זשידעס"... איך וויל בעסער גיין... אַוועק... קיין „ראָסיעיאַ,,... קיין אָדעס... אַליין וועל איך גיין...

— אָלגאַ... — האָט דער יונג מיט אַ שטילער, הייסער שטים גערעדט — אָלגאַ... דו וועסט נישט גיין אַליין... דו וועסט זיין ביי מיר אַ „גראַפי־

ניע"... אַן אַרטיסטקע... איך וועל דיר ווייזן ווער איך בין... וועסט זען... אַלץ וועט זיין אנדערש... איך בין נישט קיין בעטלער... איך בין אויך אַן ארטיסט... מיר וועלן אַוועקגיין צו אנדערע מענטשן... איך וועל דיר דערציילן פון מיין לעבן...

ער האָט גערעדט שטיל און עס האָבן זיך געענדערט אירע געדאנקען. זי האָט דערפילט אין זיך אַ צופלוס פון נייעם כוח. זי האָט זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג, אירע קרעפּטיקע פיס האָבן זיך ארויסגעריסן פון איר ברייטן און קורצן קליידל און אַ שטיק בלענדנדיק לייב האָט א לויכט געטאָן אין דער זון.

— ער... „טשאָרט וואָזמי"...

און זי איז אויפגעשפּרונגען, א גרויסע, א פרעמדע און א רייצנדיקע.

דער יונג האָט ארויסגעכאַפּט דאָס זעקל מיט געלט:

— איך האָב געלט... אָלגאַ... און איך וועל נאָך האָבן... איך וועל אַלץ טאָן... אַלץ פאר דיר...

זי האָט איצט, אפשר צום ערשטן מאָל, א קוק געטאָן אויף אים. זיין שווארצער, קרעפּטיקער קאָפּ האָט איצט געלויכטן מיט א יוגנטלעכן און קרעפּטיקן גלאַנץ:

— ציגייגער... — האָט זי אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך.

— ניין, נישט קיין ציגיינער... אָלגא... אַ ייד... איך בין אַ ייד... און דו ביסט אויך אַ יידישע... איך וועל גיין מיט דיר וווּ נאָר דו וועסט וועלן... מיר וועלן לערנען... שפּילן... זינגען... לעזן ביכער...

ער האָט פּיבערהאפט ארויסגעכאפּט פונעם זאַק א גרוים בוך:

— זעסט, אָלגאַ... אָט דאָס בוך... דאָ איז אלעם געשריבן... אזוי ווי מיין לעבן...

ער האָט איר צוגעטראָגן דאָס בוך. דאָס איז געווען אַ דיק בוך מיט צעקנייטשטע בלעטער. זי האָט אויפגעריסן די אויגן און קינדעריש לאנזאם איבערגעלייענט:

— „גאָרקי"...

און מיט קינדערישער פרייד אין אירע קלאָרע, גלאַנציקע אויגן, האָט זי אויסגעשריגן:

— איך וויים... „גאָרקי"... מאקסים גאָרקי... מיין „פּאָדרוגא" אַניוטאַ... זיין בילד... א „פּיסאטעל"... א שרייבער... ביי אונדז זאָגט מען... ער געווען אַ „באָסיאַק"...

און זי האָט זיך צעלאכט, בליצנדיק מיט אירע פרישע, ווייסע ציין.

דאָס בוך איז געלעגן אויף דעם ווייכן מאָך, אָנגעשפּאַרט אין א ברייטן שאָטנדיקן בוים, זייערע פּעק זענען געווען נאָענט צוגעצויגן צו זיך אזוי, אַז ער האָט געפילט איר קילן אָטעם. ער האָט געלייענט און זי האָט געהערט.

דאָס וואָס ער האָט איצט געהערט זיין אייגענע שטים, וואָס זיין מויל האָט ארויסגערעדט ווערטער אין דער רוסישער שפּראַך, איז פאַר אים געווען אַ נייע איבערראַשונג, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אויספּרובירט זיינע א דערפינדונג. ער האָט זיך נאָך קיינמאָל מיט קיינעם נישט געטיילט דערמיט, וואָס ער האָט אַלע יאָרן געלייענט, אויסטווענדיק די בעטלער־מאסקע. ער האָט געלייענט ערגעץ אין פרעמדע אונטערגאַסן, אויף פרעמדע טרעפּ, ביי די צאַנקענדיקע ליכטלעך, אין די חורבות, וווּ די בעטלער האָבן זיך געזאמלט.

עס האָט זיך אים געדאכט, אז ער האַלט אין זיינע הענט עפּעס אַ כי־שוף, מיט וועלכן ער וועט זי צובינדן צו זיך. ער האָט אפילו נישט געפילט, אַז ער רעדט מיט אַ שפּראַך פון אַ פרעמד און ווייט לעבן, ער האָט גע־לייענט פון דעם בוך, ער האָט ארויסגעכאַפּט ווערטער, וואָס זענען באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א געוועב פון דינע און שטאַרקע פעדים, וואָס האָט זיי ביידע פאַרבונדן.

דאָס בוך צווישן זיי האָט באַדאַרפט זיין די ערשטע אַנטפּלעקונג פאַר איר, אַז ער איז נישט קיין בעטלער. און אים האָט זיך געדאכט, אז אין דעם ליכטיקן טאָג, אין דעם שטילן און פרידלעכן וואַלד, האָט ער אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דעם בעטלער־שטויב צו וועלכן ער וועט זיך שוין קיינ־מאָל נישט אומקערן.

אָלגא האָט געהערט.

זי איז געווען קינדעריש פאַרהערט און פאַרטראָגן אין דעם גאַנג פון דעם, וואָס עס איז געשען מיט דעם מענטש, וואָס האָט פאַר איר ווי ארויס־געשפּאַנט פון דעם בוך. זי האָט מיט אַלע חושים נאָכגעפאָלגט וואָס מיט אים איז געשען. זי האָט איצט פאַרגעסן אין אַלעם וואָס זי האָט דורכגע־לעבט, זייט זי האָט פאַרלאָזן די היים. אויך ער איז פאַר איר היינט געוואָרן אַן אַנדערער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און ווי צום ערשטן מאָל אין אים דערזען א נייעם מענטש. זי האָט געכאַפּט דעם פאַרבענקטן, הייסן בליק פון זיינע אויגן. אַ יוגנטלעכע פרישקייט האָט איצט געשפּילט אויף זיין

טונקל, בייניק פּנים. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און ער האָט איבער־געריסן דאָס לייענען:

— אָלגאַ...

די זעלבע וואַרעמקייט, מיט וועלכער ער האָט געלייענט, האָט ער אַ־ריינגעלייגט אין דעם קלאַנג, און ער האָט זי צאַרט אָנגענומען ביי דער האַנט. אירע אויגן האָבן אַ שפּיל געטאָן און זי האָט געזאָגט:

— לייען נאָך... וואָס איז געווען ווייטער... גו, לייען...

— אָלגאַ... — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט — אָלגאַ... רוף מיך ביי מיין נאָמען... איך הייס: שמעון...

— איך ווייס נישט אַזאַ נאָמען... ביי אונדז: גרישאַ, יאַשאַ, וואָלאָ־דיאַ...

— ניין... רוף מיך שמעון....

זי האָט אים לאַנג אָנגעקוקט, און פּלוצלונג געזאָגט:

— סימאָן...

און זי האָט זיך צעלאַכט.

— דאָס נישט קיין שיינער נאָמען... אָ, קאָליאַ... ניקאָלאַי... אָט, אַ שיינער נאָמען...

דער יונג האָט דערפילט אַ טיפן שמאַך. אָבער אָלגאַ האָט אים פּלוצ־לונג אַ גלעט געטאָן איבער די האָר און קאַפּריזנע אַ זאָג געטאָן:

— סימאָן... לייען ווייטער...

ער האָט צום ערשטן מאָל דערפילט איר קליינע, קינדערישע, וואַרעמע און קרעפּטיקע האַנט און ער האָט ווייטער געלייענט.

אויך אויף די בלעטער פון דעם בוך האָט אַ מענטש געוואַנדערט אי־בער די וועגן, אויך אין דעם בוך האָבן מענטשן געזוכט אַ גיי לעבן זיך אויפצוהייבן פון דער געפאַלנקייט. און שמעון האָט שוין פון לאַנג געפילט אַ ברודערלעכע נאָענטקייט צו די מענטשן. שוין יאָרן ווי ער האָט זיך פאַר־בונדן מיט די מענטשן און מיט די ביכער. נאָך ווען ער איז געווען אַ ייִנגל, אַ יתום אין שטעטל, נאָך ווען ער האָט געלערנט אין דער ישיבה און געגעסן ברויט ביי פרעמדע טישן.

מיטן כוח פון די ביכער איז ער אַנטלאָפן פון דעם שטעטל, אריינ־געקנעטן זיך אויף יאָרן אין דער גרויזאַמער בעטלער־וועלט, אויסגעהאַ־מערט זיין מאַסקע און פאַרהוילן זיין פּנים פאַר מענטשן. ער איז געווען אַ בעטלער, אָבער פון הינטער דער בעטלער־מאַסקע האָט ער געקוקט אויף די מענטשן און אויף זייערע גענג.

ער איז געווען דאָס רעטעניש אין דער בעטלער־וועלט. מען האָט גישט געוווּסט אין וואָס עס ליגט זיין כוח, מיט וועלכן ער האָט געקאָנט פּלעפּן די מענטשן, ביי וועלכע ער האָט געבעטלט. ער האָט געשפּילט די ראָל פון דעם מעפּיסטאָ, געשטאָכן מיט ביטערע אמתן די, וואָס האָבן אים געגעבן נדבות, געקוקט אויף זיי מיט ביטול און געוואָרפן זיי אין פּנים אריין אמתן, וואָס האָבן זיי פאַרשעמט. דאָס איז געווען זיין טרייסט פאַר דעם אָפּגרונט אין וועלכן ער האָט געלעבט.

ער האָט געקאָנט אויפרודערן דאָס געמיט און דאָס געוויסן פון די רייכע סוחרים פון די יידישע וואַרשעווער גאַסן. די באַלעבאַטים האָבן ביסלעכוויז אין אים דערפילט א שטאָלצן און שטאַרקן מענטש. מען האָט גענומען אויסטייטשן זיינע רייד און געפונען אין זיי טיפע רמזים און געדאַנקען, ער האָט געקאָנט די יידישע גאַס, און די יידישע גאַס האָט געקאָנט דעם אומהיימלעכן הוצפּהדיקן בעטלער, וואָס מאַכט פריילעך און אומעטיק, דעם „פּראָפעסאָר“. און אין די גרויסע, יידישע קראָמען, אויף שמחות אין לוויות איז מען געווינט געוואָרן צו הערן זיינע רייד, אין וועלכע מען האָט געפונען אַ טיפן באַשייד.

ער האָט געהאַט א סך וועגן דעם צו דערציילן. און קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן זיינע סודותפולע און שטאַרקע באַגעגענישן מיט פרויען, וואָס ער האָט מיט זיין קלוגער און לוסטיקער פרייהייט ארויסגענאַרט פון זייערע אומעטיקע, באַלעבאַטישע שטובן, און איבערגעלעבט מיט זיי זיסע און באַהאַלטענע נאָענטקייטן, וועגן וועלכע קיינער אחוץ אים האָט נישט געוווּסט.

ער האָט געלעבט א דאָפּלט־לעבן און אַ דרייפאַכיק, ווען ער האָט באַדאַרפט און ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען ער וועט ערגעץ, אין אַ גרויסער רו, זיך אָוועקזעצן מיט אַ פעדער אין דער האַנט, דערציילן דאָס בוך פון זיין וווּנדערלעך לעבן. דערווייל געפינט ער אין די ביכער שטיקער פון זיין געמיט, פון זיין לעבן, אָבער קיינער איז אים נישט אזוי ברודערלעך־נאָענט ווי דער נייער, פרייער, ריזיקער מענטש, וואָס ליגט צעלייגט אין דער ברייטער רחבות פון זיין גרוים האַרץ, איבער די וועגן פון זיין אומענדלעך לאַנד, אויף די זוניקע ברעגן פון דער „וואָלגא“. דער וויטער און אזוי נאָענטער מענטש, מאַקסים גאָרקי.

ווי גוט איז, וואָס אָלגאַס אויגן זענען אַזוי ברייט אויפגעריסן, וואָס זי הערט אים מיט אַזאַ גרויסער געשפּאַנטקייט.

שמעון האָט געלייענט און אַ גרויסע פרייד און אַ גרויסע דערוואַרטינג

איז געוואַקסן אין זיין האַרץ. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז דער היינ־טיקער טאָג איז אַ גרויסער, ווי אַן אָנהייב פון אַ נייעם וועג. זיין ווילד האַרץ האָט געקלאַפּט אין דערוואַרטונג. היינט האָט ער באַקומען אָלגאַן, אַ שטאַרקן און אַ זיסן שותף צו דעם נייעם וועג.

ער האָט געלייענט און אים האָט זיך געדאַכט, אַז צוזאַמען מיט אָלגאַן טראָגט ער זיך אַהין צו יענע ברעגן, אַז ביידע וועלן זיי פריידיקע אויסשפּאַ־נען די גרענעצלאָזע וועלט, אַז זיי וועלן אַנטפּלעקן נייע ערטער, מענטשן און געשעענישן.

אויך דאָ, אין בוך, האָט זיך דערציילט פון אַ פרוי, אַ יונגע, אַ פרייע און אַ קרעפטיקע, אויך זי האָט געוואַנדערט, מיט יעדער שורה איגעם בוך איז זי נענטער און היימישער געוואָרן, אָט, אָט ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אָלגאַן.

שמעון האָט מער נישט געקאָנט לייענען. אים איז עפּעס ווי אַ שאָד געוואָרן אויסצוטרינקען מיטאַמאָל די זיסע פריידיקייט און בענקשאַפט, וואָס האָט געשטראָמט פון דעם בוך און ער האָט איבערגעריסן דאָס לייענען.

אָלגאַס בליק איז געווען ווייט אַוועקגעטראָגן. זי האָט אַ קרעכץ געטאָן:

— אך, ווי גוט...

זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, אירע האָר האָבן זיך צעלאָזן און איר האַלב־אָפן מויל האָט געשפּילט אין אַ פאַרטראַכטן שמייכל:

— אָט דאָס זענען אמתע מענטשן... האַרציקע... נישט אזוי ווי אונ־דזערע....

— מיר וועלן גיין... דאָרט... צו זיי... אמת... אָלגאַ...

און צום ערשטן מאָל האָט ער דערפילט דעם קרעפטיקן, שיכורנדיקן ריח פון אירע לעבעדיקע האָר.

זיי האָבן געשמעקט מיט דעם ריח פון וואַלד.

* * *

שטיל האָט זיך די זון געריקט צו מערב. די ליכט האָט זיך געטוישט אין אַ קילן, זילבערנעם נעפּל. עס איז געווען שוין ווייט נאָך האַלבן טאָג.

אין וואַלד האָט זיך געשאָטנט. עס איז געווען וווּנדערלעך שטיל.

אַ פרעמדע קילקייט פון סוף=זומער האָט דערמאָנט, אַז דער טאָג פאַרשווינדט, כאָטש אין דער ווייט זענען נאָך געלעגן גאָלדענע פאַסן ליכט.

אַלגאַס קאָפּ איז געלעגן אויף זיין אָרעם, ער האָט געזען ווי עס פאַרמאַכן זיך אירע אויגן אין אַ דרימל, וואָס האָט שווערער געמאכט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. זי האָט טיף געאָטעמט און אירע קינדערישע פינגער האָבן געדרימלט ביי די סטרונעס פון דער גיטאַרע.

שמעון האָט זיך אַרומגעקוקט. שטיקער לאָנקעס האָבן זיך אין דער ווייט געבאָדן אין אַ זעלטזאַם ליכט און האָבן אויסגעזען ווי גליקלעכע אינדזלען.

ער האָט געוווסט, אַז דאָ נישט ווייט, הינטער די פלאַכע זאַמד=בערגלעך, ליגן וועגן צו נאָענטע דערפער און שטעטלעך. אפילו דאָס שטעטל, וו עס וואָגלען זיינע צוויי אָרעמע און פאַרלאָזטע קינדער, ליגט אויך נישט ווייט פון דאַנען. ער האָט שטיל און פאַמעלעך אַריבערגעלייגט זיין זעקל מיט געלט פון איין באַהעלטעניש אין אַן אַנדערער. אויף זיין פּנים האָט זיך פלוצלונג באַוויזן אַ שאַרפע זאָרג.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן הימל. אין דער בלייכער, אָפּגעקילטער בלויקייט איז נישט געווען צו געפינען קיין שפּרענקעלע וואָלקן. ער וואָלט אַזוי געהאַלטן אַלגאַס קאָפּ דורך טעג און נעכט, אָן אַ איבעררייס. עס האָט זיך נישט געוואָלט איבעררייסן איר קינדערישן דרימל אין וועלכן עס איז געלעגן די גאַנצע פולקייט און פרישקייט פון איר יוגנט. ער האָט אָבער געוווסט, אַז זיי דאַרפן גיין.

## 10.

עס איז אים אַ שאָד געווען איבערצורייסן איר יונגן שלאָף, וואָס האָט פאַרגאָסן איר פּנים מיט אַ ראָזקייט פון געזונטער רו. שלאָפנדיק האָט אַלגאַ אויסגעזען ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד און אויך אין איר קערנדיקער ווייבלעכקייט איז געווען עפּעס רירנדס, וואָס האָט מער אַנטציקט ווי געררייצט. אויך שמעון האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געהיט אַ שיין געוויקס, וואָס מען דאַרף פלעגן און צירן.

ער האָט פאָרזיכטיק אָוועקגעלייגט איר שלאָפנדיקן קאָפּ אויף דעם ווייכן מאָך, אַריינגעלייגט דאָס בוך אינעם זעקל און גענומען זיך גרייטן צום גיין.

דער הייַנטיקער טאָג האָט אים אַ סך צוגעזאָגט. אַלגאַס איינהערן זיך

צו דעם, וואָס ער האָט איר געלייענט פונעם בוך, האָט זי אים נאָענט און אייגן געמאַכט. נאָך פיל יאָרן האָט ער איצט געפילט ווי זיין האַרץ איז אָנגעזעטיקט מיט רו. און ער האָט דערפילט אין זיך א נייעם צופלוס פון כוח בייצוקומען יעדער שטערונג אויף זיין וועג. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך ארומגעקוקט אין דער ווייט. ער האָט אויפגענומען די שטילקייט, וואָס איז געלעגן ארום. ס'האָט זיך געדאכט, אַז די מענטשן זענען ערגעץ פאַרשוואונדן און נאָר ער און אָלגאַ זענען פאַרבליבן אַליין.

שמעון האָט געקאָנט די געגנט. ער האָט געוווסט, אז מען באַדאַרף אַריבערגיין די נישט=ווייטע זאַמד=בערג פון הינטער וועלכע עס ציענען זיך ארויס די טעלעגראַף=דרענגער מיט די ווייסע טעפּלעך און דראָטן, אַראָפּלאָזן זיך אויפן שאָסיי, ווו עס ליגט דער לובלינער טראַקט מיט שטעטלעך נאָענטע איינס פונעם אנדערן. ער האָט געוואָלט, איידער עס ווערט נאכט, צוגיין צו אַ נישט=ווייט שטעטל, ווו ער האָט געקאָנט אַן אַלטע יידענע, וואָס פלעגט אויפנעמען בעטלער. דאָרט וואָלט ער געקאָנט מיט אָלגען איבערנעכטיקן, די אַלטע האָט געהאט א קליין, האַלב=איינגעפאלן הייזל אויפן טראַקט הינטערן שטעטל. זי האָט זיך פארנומען מיט לייגן קארטן, אָפּשפּרעכונגען. דאָס יידישע שטעטל האָט פאר איר מורא געהאט. מען האָט געזאָגט, אז זי איז אַ געשמדטע, אַז זי איז אַ מכשפה און האָט צו טאָן מיט שדים. ער האָט מורא געהאט מיט זיין זעקל געלט צו נעכטיקן ביי אַ פוילישן פויער, ווייל ער האָט געוווסט פון פיל געשיכטן וועגן דערהרגעטע און באַרויבטע יידן, וואָס האָבן גענעכטיקט אין פויערישע כאַטעס. און ווי שטענדיק, ווען ער האָט זיך געלאָזט איבער אומבאשטימטע וועגן, האָט זיין האַרץ געצאפּלט פון אומרואיקן דערווארטן. זיין פעיקייט אריינצוגיין אין פאַרשידענע ראָלן האָט שוין איצט אין אים געברויזט. ער האָט געוווסט, אַז עס וועט שווער זיין צווישן יידן אין יידישע שטובן אַריינצופירן אָלגאַן מיט איר גיטאַרע און האלב=רוסישן לשון.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. עס איז שווער געווען אין איר צו דערקענען אַ יידישע און אים האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאנק אריינצוגיין אין דער ראָל פון אַן אָדעסער. רעדן האלב=יידיש און האלב=רוסיש. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגענומענדיק אָלגאן פאר אַ האַנט, זי גענומען וועקן:

— אָלגאַ... קום... עס איז שפּעט... עס ווערט נאַכט...

זי האָט געעפנט די אויגן. זי איז נאָך זעט אויס געווען פארטראָגן אין שלאָף און נישט געוווסט ווו זי געפינט זיך:

— קום, אָלגאַ. מען דאַרף גיין...

זי האָט זיך אויפגעזעצט. עס איז געוואָרן קיל. זי האָט אַ ציטער געטאָן און געגומען פאַרריכטן אירע האָר. שמעון האָט זיך געפּאָרעט ביי דעם זעקל.

— ווהין ווערסטו מיך פירן... ווידער אַהין צו די...

אים איז מיטאַמאָל שווער געוואָרן. די גאַנצע ליכטיקייט און גרינגקייט פון דעם טאָג איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. ער האָט נאָך נישט געוווּסט, וואָס איר צו ענטפערן. און ווידער האָט די שרעק זי צו פאַרליהרן אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער יונג האָט געהאַט אַזויפיל איר צו זאָגן, און ער האָט נישט געפונען קיין ווערטער. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָרף שוין עפּעס טאָן, אַז זי זאָל אים טרויען און גיין מיט אים.

— קום, אָלגאַ... איך וועל דינגען אַ שטוב... איך האָב געלט...

זי האָט געקוקט אויף אים מיט קינדעריש-פאַרזאָרגטע אויגן:

— מען וועט נישט אריינלאָזן... אַזעלכע...

זי איז געוווינט געווען, אַז ווען איר באַטקאָ מיט די ברידער האָבן געוואָלט ערגעץ דינגען אַ דירה, האָט מען זיי נישט געוואָלט האָבן, אַזוי ווי ציגיינער.

— איך האָב געלט... אָלגאַ... איך וועל באַצאָלן...

עס איז נאָך פאַר אים נישט קלאָר געווען ווי אַזוי, נאָר ער האָט אין דער מינוט שוין געזען פאַר זיך אַ שטוב מיט אָלגאַן, אַן אייגענע שטיב, מיט אַ פאַרמאַכטער טיר. אין אָוונט זיצן זיי אין דער ליכטיק, לייענען ביכער און דערציילן...

און אפשר אַוועקפאָרן ערגעץ ווייט... צו אַנדערע מענטשן...

— קום... — האָט ער געזאָגט — אָלגאַ... עס וועט זיין גוט...

און זיי האָבן ביידע אַ שפּאַן געטאָן. זיי האָבן זיך נאָך אומגעקוקט צוריק אויף דעם אָרט אין דעם וואַלד, וווּ עס האָט זיך שוין אָנגערוקט אַ טונקעלע פרעמדקייט פון אָוונט. זיי האָבן זיך געלאָזן פאָרויס און זיך אויפגעהויבן אויפן זאַמד-באַרג, און דאָ האָבן זיי שוין אין דעם לעצטן, נעפּלדיקן ליכט דערזען דעם ווייסלעכן פּאַס פון דעם שאָסיי. זיי זענען שווייגנדיק אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, און פּלוצלונג האָט די שטילקייט אַרום, ווי אַ ציטער געטאָן, ווי אַ ווייטער, פאַרדומפּענער דונער וואָלט זיך ערגעץ איבערגעקאָליערט. שמעון האָט פאַרהאַלטן זיינע טריט און האָט זיך אַרומגעקוקט. דער הימל איז געהאָנגען אַ טיף-בלויער, אַ קלאָרער. אויף דעם מערב-זוים האָבן נאָך געשפּילט די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָט זיך גענומען זעצן:

— מען שיסט ערגעץ... — האָט ער ווי צו זיך אַליין געזאָגט, אין דער רגע האָט זיך ווידער אַ טרייסל געטאָן די שטילקייט. איינמאָל און — נאָכ־אַמאָל. עפּעס אומהיימלעכעס איז געלעגן אין דעם ווייטן קראַך, ווי אַ מורמל פון אַ שווערן און בייזן כוח.

„מען לערנט שיסן" — האָט שמעון אַ קלער געטאָן, און ער האָט זיך דערביי דערמאָנט, ווי ער פלעגט ייִנגלווייז לויפן זען, ווי מען לערנט די זעלנער שיסן, נישט ווייט פונעם שטעטל, אין דער פעסטונג, אונטער די אומעטיקע גרינע סודותדיקע בערג און די רויטע, גראָבע ווענט אין קיילעכדיקע אומהיימלעכע מויערן.

דאָס האָט אים דערמאָנט, אַז מיט דעם וועג וואָלט ער איצט געקאָנט גיין, ווו עס געפינען זיך זיינע קינדער. אָבער ער האָט איצט נישט געוואָלט קלערן דערפון, וואָס קאָן אים דערווייטערן פון אַלגאַן און פון דעם נייעם לעבן, צו וועלכן ער האָט געוואָלט גיין. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון איין בערגל. און די גאַנצע געגנט האָט זיך ווידער פאַר זיי פאַרשלאָסן. זיי האָבן זיך ווידער אויפגעהויבן און אַלץ בעענגטער האָט זיך דער שאָסיי געזען. עס האָבן זיך אויך אַלץ דייטלעכער די טרייסלענדיקע, ווייטע דונערן געהערט.

שוין נישט ווייט פונעם שאָסיי, ווו מען האָט שוין פונדערווייטן גע־קאָנט זען די שפּיצן און דעכער פון באַוווינטע ערטער, האָבן זיי דערהערט אַ מאָדנעם קלימפּערדיקן גערודער, ווי עפּעס אַן אייזערנע שווערע זאַך וואָלט זיך אָן אויפהער געשלעפּט און געריבן אין דער ערד. דער שווע־רער געקלימפּער איז געווען אַזוי ווייט פון דער שטילקייט און רו פון דעם ליכטיקן טאָג אין וואַלד.

מיט אַ שמאָלן, ליימיקן וועג האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזן. דאָ האָט מען שוין געזען פּלויטן און האַלב־דאָרפישע הייזלעך און שפּילנדיקע דאָרפישע קינדער ביי די פּלויטן. דאָס שווערע גערודער פונעם שאָסיי האָט זיך שוין דאָ דייטלעך געהערט און דאָס ווייטע דונערן האָט זיך פון צייט צו צייט אויסגעמישט מיט דעם גערודער.

מיטאַמאָל האָט זיך פון אַ טירל אין פּלויט באַוויזן אַ הויכער פּויער, אָנגעטאָן אין שטיוול, אין אַ בלוי טיכן היטל. ער האָט פאַרריסן זיין לאַנגן האַלדז און עפּעס געזוכט אויף אַ בוים.

דערזעענדיק אַלגאַן מיט שמעונען האָט ער זיי באַטראַכט מיט אַ בולטן חשק צו פרעגן ווער זיי זענען און פון וואַנען זיי קומען. אמייסטנס

האָט געקוקט מיט חשד און פאַרווונדערונג אויף אַלגאַס גיטאַרע. ער האָט שוין אפילו אַ זאָג געטאָן:

— אָ, מוזיקאַ...

דעמלט האָט שמעון געזאָגט:

— גוטן אָוונט, „גאַספּאַדאַזשו"...

— גוטן אָוונט.

— זאָגט מיר באַלעבאָס... וואָס איז דאָס אַזאַ גערודער אויפן שאָסיי... אַזאַ פאַרעכץ...

— „אַ נאָ... באָ וואָינאַ"... ווייל ס'איז מלחמה... ווייסט איר נאָכ־נישט דערפון... אַז...

ביידע זענען זיי שטיין געבליבן, נישט ווייסנדיק וואָס צו זאָגן. שמעון האָט דערפילט עפּעס ווי אַ שטוים פון אַ שטראָם בלוט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס עס וועט געשען אין אַ מינוט אַרום:

— אָט, מענטשן ווייסן נישט אַז ס'איז מלחמה... — האָט דער פּויער ווייטער גערעדט — אַז דער רוס שלאָגט זיך מיטן דייטש שוין ווייל טעג... אָט הערט מען שוין קלאַפּן... בוך־בוך... ביי איוואַנגראַד ערגעץ... איר האָט געווים געהוליעט אויף אַ חתונה... און גאָרנישט געוווסט... האָט דער פּויער געלאַכט, ווען זיי זענען געווען אַ פּאָר טריט ווייט פון אים.

— אַלגאַ... הערסט.. ס'איז אַ מלחמה...

זי האָט געקוקט אויף אים מיט צעשראָקענע אויגן. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו וויינען:

— איצט וועלן אַלע אַוועקגיין אויף דער „וואָינאַ"... מיינע ברידער, און דער „באַטקאָ", און קאַלקאַ... מיינע ברידער האָבן געדינט ביי די סאָל־דאַטן... און קאַלקאַ אַז אָפיצער...

שמעונען איז ליידיק געוואָרן אין האַרץ. זי איז מיטאַמאָל געוואָרן פרעמד. אָבער באַלד האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט:

— און דו אויך אַוועקגיין... אַלע... אַלע... איך בלייבן אַליין...

— אַלגאַ... איך וועל דיך נישט איבערלאָזן... מיר וועלן פאָרן אין שטאָט... איך וועל פאָרן מיט דיר... מיר וועלן זיך נישט צעשיידן...

און מיט שנעלע טריט האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזן אין די ערשטע געס־לעך פון דעם קליינעם, האַלב־דאָרפישן שטעטל.

## .11

שוין פון די ערשטע, דאָרפישע הייזלעך, האָט מען געקאָנט דערפילן, אַז עס איז געשען עפּעס אַ גרויס, משונהדיק געשעעניש. עפּעס אַ שרעק און אַן אומרו האָט געקוקט פון אַלעם אַרום, כאָטש אויפן ערשטן בליק האָט זיך גאָרנישט געענדערט. עס זענען געשטאַנען די דאָרפישע הייזלעך, די כאָטעס מיט די אַלטע שטרויענע און מיט גרינעם מאָך באַוואַקסענע דע־כער האָבן זיך מיט זאַפטיקער טונקלקייט אַריינגעשניטן אינעם קלאָרן, פאַרנאַכטיקן הימל. פּויערישע קינדער האָבן שוין אויף אָוונט פאַריאָגט פון פעלד די קי, וואָס זענען געגאַנגען שווער־באַלאָדענע מיט וואַקלענדיקע, פולע אייטערס און האָבן פרידלעך געקעוועט און זיך געריבן אין די פּלויטן. די באָרוועסע פּויערישע קינדער מיט די ווייסע, פלאַקסענע האָר האָבן, ווי אייביק, מיט זייערע בלויזע אויגן ווי מיט שאַרפע מעסערלעך, פול מיט חשד און נייגיר, זיך אַריינגעשניטן אין שמעונען מיט אַלגאַן. אַלגאַ מיט איר גיטאַרע און דער שוואַרצער מענטש מיטן זעקל אויף דער פּלייצע האָבן אויפגערודערט די דרימלענדיקע געסט, זיי האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי זיי אויפצונעמען. אַ קליין, האַלב־נאַקעט יינגעלע האָט ווילד א לויף געטאָן און אַריינגעשריגן אינעם הייפל:

— מאַמאַ... ציגיינער...

באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פּויערטע. זי איז געבליבן שטיין, אָנגע־שפּאַרט אין דער פורטקע, פאַרלייגט די הענט אויפן בויך און געקוקט מיט חשד, מיט חוזק און אומרו. און ווי מען וואָלט זיך איבערגעגעבן געהיימע סיגנאַלן, האָבן זיך באַלד ביי אַלע פורטקעס באַוויזן פּויערטעס און פּויערים. זיי האָבן זיך איבערגערעדט און איבערגעשריגן וועגן די פרעמדע, וואָס וואַנדערן דאָ אַרום.

דער יונג האָט געקאָנט דאָס פּוילישע דאָרף און ער האָט דערפילט, אַז אונטער דער רו ליגט דאָ אַ באַהאַלטענע אויפגערייצטקייט, וואָס שמעקט מיט געפאַר און הפקרות. ער האָט געוווסט, אַז עס איז בעסער וואָס גיכער דורכצוגיין.

אָבער וואָס נעענטער צום שטעטל און צום ברייטן, לובלינער שאָסיי, אַלץ גערדיכטער האָט זיך געטראָגן אין דער לופט דער טראַסקענדיקער רעש, וואָס איז געגאַנגען פון דאָרט. אַלץ נעענטער האָט זיך געהערט דאָס שווע־רע קלימפּערן, ווי מען וואָלט געקאָלערט ריזיקע, אייזערנע פעסער איבער שפּיציקע שטיינער.

נאָר אָט האָבן זיי פאַרקערעוועט מיט דער ערשטער געפּלאַסטערטער גאַס, ווו עס האָבן זיך שוין געדיכטער געצויגן אַ ריי אַלטע, האַלב־שטאָ־טישע הייזלעך. אויך דאָ איז מאָדנע שטיל און ליידיק געווען. דאָס איז, זעט אויס, געווען אַן אונטערגעסל פונעם יידישן שטעטל, און דאָ האָבן זיי מיטאַמאָל דערזען דעם ערשטן יידן. דער ייד איז אויך געווען באָרוועס, מיט אַ שווער, פויעריש ווינטער־היטל אויפן קאָפּ. דער ייד האָט געטראָגן צוויי עמער וואַסער. שמעונען האָט אַ צי געטאָן צו אים, ווי ער וואָלט באַגעגנט אַן אַלטן באַקאַנטן, אָבער דער ייד איז געגאַנגען איילנדיק, ווי ער וואָלט געלאָפן און נישט געוואָלט קיינעם זען אויף זיין וועג. דאָ האָט אים שמעון פאַרהאַלטן:

— ר' ייד...

דער ייד האָט אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט גיך אַ קוק געטאָן אויף שמעו־נען, ווי פאַרווונדערט.

— ר' ייד... אפשר ווייסט איר... ווו קאָן מען דאָ איבערנעכטיקן, אין אַ יידישער שטוב...

דער וואַסערטרעגער האָט אים מיטן קאָפּ א רוף געטאָן אין אַ טונקל פאָדערהייזל פון אַ נידעריק, אַלט הויז. דאָ, אין דעם טונקעלן שמאָלן פאָ־דערהייזל, פון וואַנען עס האָט זיך געזען אַ ליידיק שטיקל אויסגעטרעטן פעלד, האָט דער ייד אַראָפּגעלאָזן די עמערס. ער האָט אויפגעהויבן אויף שמעונען זיינע קאַליעדיקע, שווערע, יידישע אויגן:

— ווער זענט עטץ...

— ר' ייד... — האָט שמעון געזאָגט — מיר זענען פרעמדע... מיר דאַרפן דאָ איבערנעכטיקן... וואָס טוט זיך אין שטעטל...

— פונוואַנען קומט עטץ... דאָ איז נישט גוט... נעכטן האָבן מיר דאָ געהאַט אַ שוואַרצן טאָג. די זעלנער האָבן געראַבעוועט יידן...

— וואָס פאַר אַ זעלנער?...

— די רוסישע... אַרעסטאַנטן... וואָס זענען געגאַנגען אויף דער מלחמה... האָבן זיך אַריינגעריסן פונעם שאָסיי... געהרגעט האָבן זיי נישט... נאָר געראַבעוועט... גאָט צו דאַנקען, היינט איז שוין שטיל... עטץ זענט יידן... — האָט דער ייד אַ קוק געטאָן אויף אַלגאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט גרויסע, דערשראָקענע אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען וואָס דער ייד רעדט...

— עטץ זענט יידן... — קומט אריין... — האָט דער ייד גענומען די עמערס. ער האָט אַ שטופּ געטאָן אַ נידעריק, אָפּגעריבן טירל, וואָס איז

געהאַנגען אויף איין זאַוויאַסע און פון דער פייכטער טונקלקייט האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ שטיקנדיקער ריח פון אַ קעלער. אויך אַ היימישער און וואַרעמער ריח פון קאַרטאָפל האָט אַ בלאָז געטאָן פון דעם נידעריקן קיכל, וואָס האָט אין דער טונקלקייט געשפּילט מיט רויטע רעדלעך פייער.

שמעון מיט אָלגאַן זענען שטיין געבליבן. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אַלטע, רייסנדיקע, ווייבערישע שטים:

— וואָס האָסטו פאַרמאַכט די לאָדן?... ס'איז דאָך נאָך גרויסער טאָג... מען זעט דאָך נישט די ליכטיקע שיין...

— יידענע — האָט דער וואַסערטרעגער געענטפערט — ווילסטו, אַז די זעלנער זאָלן קומען מיט אַ וויזיט...

— מיינע צרות קאָנען זיי ביי מיר נעמען...

דער ייד האָט אַ שטופּ געטאָן דעם לאָדן פון דעם קליינעם, אויסגע־זעצטן פענצטערל, און די בלויע, פאַרנאַכטיקע ליכט האָט אַ שפּאַר געטאָן. די געקומענע האָבן דערזען ווו זיי געפינען זיך.

זיי זענען געווען אין אַ לאַנגער קאַמער מיט אַ ליימענער פּאָדלאָגע, מיט אָפּגעריסענע, גרינע ווענט. אין מיטן דער קאַמער איז געשטאַנען אַ קרומער, הילצערנער טיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ גרויס דאָרפיש ברויט און אַ מעשענער לייכטער. ביי דער וואַנט נעבן פענצטערל, אַ באַרג אַלטע, צעריסענע פּויערישע שטיוול און שיך, און אַ קליין טישל מיט אַ דרייפוסיק שוסטער־בענקל. אַ געדיכטער ריח פון טוכלע אַלטוואַרג איז געשטאַנען ווי אַ וואָלקן. אויף אַן איינגעפאַלן באַנק־בעטל, איינגעהילט אין אַ גרויען טוך, איז געלעגן די יידענע. זי האָט אויפגעהויבן איר צעפּאַטלטן קאָפּ, מיט צוויי שוואַרצע, שלעכטע און דערשראָקענע אויגן. ווען זי האָט דערזען שמעונען מיט אָלגאַן, האָט זי אויסגעשטרעקט אירע שוואַרצע, דערשראָקענע הענט און אויסגעשריגן:

— ווער איז דאָס... ווי איז מיר... וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן... יואל...

יואל האָט זיך אַליין אויך דערשראָקן. ער האָט גענומען שטאַמלען:

— ס'זענען יידן... פרעמדע... זיי זוכן ווו צו נעכטיקן:

— גוטן אָוונט, מומעשי... — האָט זיך אָנגערופן שמעון. ער איז גלייך אַריין אין דער ראָל פון אַ לייכטן, פריילעכן מענטש, ווי ער איז געוווינט געווען עס צו טאָן, ווען ער איז געקומען אין דער פרעמד, און ער האָט גלייך צוגעקלערט אַ תירוץ:

— מיר זענען דאָ געווען אין אַ דאָרף... אויף זומער־וווינונג... מיר האָבן גאָרנישט געוווסט, אַז ס'איז אַ מלחמה...

— וואָס הייסט, צ'האָט נישט געוווסט... ווי איז מיר... מען הערט דאָך שוין דאָס שיסן... פון איוואַנגראָד... ס'איז דאָך פול דער שאָסיי פון מיליטער... יידן לויפן דאָך פון די שטעטלעך...

און זי האָט זיך צעקלאָגט מיט אַ יום־כיפּורדיקן ניגון:

— ווי איז מיר... דאָס אומגליק איז דאָך אַזוי גרויס... מען טרייבט די יידן פון די שטעטלעך מיט די בעבעכעס... פון דער גרענעץ... ס'וועט אַרויסגיין אויפן שאָסיי וועט עטץ זען... ווי קענט עטץ נעכטיקן... עטץ זעט דאָך, אַז ביי מיר איז נישטאָ ווו... מ'שטיינס געזאָגט...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אָלגאַן און אירע אויגן זענען ווידער אָנ־געפילט געוואָרן מיט בהלה:

— אוי ווי מיר... און ווער איז דאָס... אויך אַ יידיש קינד...

— יאָ, מומעשי... דאָס איז... מיין... ווייב...

די יידענע האָט מיט פייערדיקע אויגן געקוקט אויף אָלגאַן, און ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— ס'הולך... און פון וואַנען זענט עטץ... פון ווייט?...

— פון וואַרשע... מומעשי...

— פון סאַמע וואַרשע... מוזט עטץ דאָך אַהיימפאָרן... ווער ווייסט, וואָס ס'וועט זיין... מיר וווינען דאָ צווישן גויים, מ'שטיינס געזאָגט...

און די יידענע האָט גענומען דערציילן, אַז שוין פיל טעג, ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, איז באַלה גוואָרן אַ בהלה אין דער געגנט, אַ לויפעריי, אַז איר מאַן יואל איז אַ שטיקל שוסטער, לאַטעט אַלטע שטיוול פאַר די פּויערים, האַנדלט צו מיט אַ פּעלכל, אַז די גויים זאָגן, אַז מען וועט אַרויסטרייבן די יידן פון די שטעטלעך און פון די דערפער, אַז דאָ וועט מען זיך שלאָגן, ווייל די פעסטונג „איוואַנגראַד“ איז נישט ווייט, אַז די יידן פון מלאַווע זענען אַנטלאָפן, אַז אין קאַליש איז געווען אַ שחיטה...

שמעון האָט זיך געזעצט אויף דעם שוסטער־בענקל, אָלגאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ קעסטל ביי דער טיר און דער ייד איז געשטאַנען אויף זיינע באָרוועסע פיס מיטן שווערן היטל אויפן קאָפּ און פאַרלוירענע הענט.

פון דרויסן האָט זיך אַלץ געהערט דאָס שווערע קלימפּערדיקע גערו־דער. עס איז געוואָרן טונקל. דער גרויסער שוואַרצער טאָפּ קאַרטאָפל

אויפן קיכל האָט געפּרעפּלט און געשוימט. שמעין האָט געהערט דאָס לאַנגע, חשכותדיקע דערציילן פון דער יידענע, און ער האָט דערפילט ווי ס׳הייבט זיך אויף אין אים א וואַרעמע כוואַליע בלוט. זיין האַרץ האָט אויפגעצאַפּלט און אין זיין קאָפּ זענען אויפגעשטיגן קנוילן געדאַנקען. ער האָט געפילט, אַז נישט איין געשעעניש, נישט איין משונהדיקע איבערלעבונג, וועט ער מוזן דורכקומען, אָבער אין דעם גערודער, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין אים, האָט אויך געקלאַפּט עפּעס אַ גרויסע, פרייִדיקע דערוואַרטונג. אַ ברענענדיקער נייגיר צו נייע וועגן, ווייטע און געוואַגטע. ער האָט געפילט, אַז געבן אים איז אַלגאַ, און דאָס האָט אים צוגעזאָגט אַ גרויסע און זיסע טרייסט, וואָס האָט געשימערט צו אים ווי אַ שטערן פון דער סודותדיקער, נעפּלדיקער ווייט.

## .12

אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע איז שוין פונעם ערשטן טאָג זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, געשטאַנען אַ שטיקנדיקע געפּרעסטקייט, ווי אַ ריזיקע האַנט וואָלט אָנגעכאַפּט די שטאָט פאַרן האַלדז.

נישט געקוקט אויף דער הונדערטיאָריקער הערשאַפט פון די רוסן, איז די מלחמה געווען ווי אַ פרעמדע, און די פּוילישע גאַס האָט מיט אַ פאַרדריקט שווייגן צוגעקוקט די געשעענישן, מיט אַ פאַרטייעט וואַרטן אין האַרץ, כאָטש שוין אין די ערשטע טעג האָבן שוין פיל וואַרשעווער איינוווינער באַקומען פינצטערע בשורות וועגן זייערע זין און מענער, וואָס זענען געפאַלן אויף די נאָענטע פראָנטן.

די גאַסן זענען פול געוואָרן מיט רוסיש מיליטער, גלייך ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל אַרויס פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש. זיי זענען געגאַנגען אָן אויפהער. זעגנדיק מיט די שווערע שטיוול, האָבן זיי אָנגעפילט די לופט מיט דעם געדיכטן, שווערן ריח פון דזשעגעץ. זיי האָבן אפילו קיין לידער נישט געזונגען, פילנדיק די אייביקע פרעמדקייט פון דער פּוילישער גאַס.

די וואקזאלן זענען טאָג און נאַכט פאַרלייגט געווען מיט די בלאָנדזשענדיקע מאַסן זעלנער, וואָס האָבן גערויעט ווי גרויע ווערים אויף דער ערד.

די גרינגע, סודותדיקע בערג פון דעם וואַרשעווער ציטאַדעל, אַרום וועלכער עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן די שרעקיקע געשיכטן פון געהאָנגענע און פאַרפייניקטע, האָבן זיך באַלד אין דעם ערשטן טאָג אָנגערופן מיט

אַ געוואַלדיקן אויפרייס, וואָס האָט אַרויסגעריסן די פענצטער און די הייזער פון די אַרומיקע פעריפעריעס און נאָענטע גאַסן פון דער שטאָט. דער אויפרייס פון דער אָנגעזאַמלטער אַמוניציע איז אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ מיטל צו פאַרווישן די מיליטערישע גנבות פון אַלע יאָרן. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט מען פון די אונטערערדישע פעסטונג־פאַוויליאָנען געפירט געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע, און אַלץ איז געווען איינגעהילט אין אַ סוד, ווי דאָס וואָלט פאָרגעקומען אין אַ פרעמד לאַנד. אין אַ פאַרטאָג האָט וואַרשע דערזען הויך אויפן הימל איבער דער שטאָט אַ וווּנדערלעכן ב אַ ל אָ ן אין דער פאָרם פון אַ ריזיקן ציגאַר. דער ציגאַר האָט זיך פּאַמעלעך געטראָגן און געוויגט אויף אַ שרעקלעכער הייך. ער האָט אַרומגעקרייזט דעם האָריזאָנט, זיך אָפּגעשטעלט איבער דעם טייל שטאָט, וווּ די בערג פון דער פעסטונג זענען געלעגן, און באַלד האָט אַ שלימער געטאָן אַ רויטער פלאַם און אַ טויבער ריס האָט אַ שאָקל געטאָן די ערד.

דאָס איז געווען דער ערשטער דייטשער צעפּעלין.

די מענטשן האָבן זיך אַרויסגעשיט אויף דער גאַס, גלויבנדיק, אַז קיין זייטיקן מענטש קאָן דאָס נישט שאָדן, אַז דאָס איז געצילט נאָר אין די רוסישע זעלנער.

עס האָבן אויך צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אויפן הימל קליינע, קוים צו דערזען שוואַרצע צלמלעך, אויף וועלכע מען האָט געקוקט מיט נייגיר און נישט געגלויבט, אַז דאָרט אויבן זיצן מענטשן... און נאָר די ערשטע געהרגעטע אויף דער דזשיקע גאַס דורך אַ באָמבע פון אַ דייטשן אַעראָפּלאַן, האָבן פּאַריאָגט די מענטשן אין די טויערן. און יעדעס פּינטעלע אויפן הימל האָט אַרויסגערופן אַ קרום, בהלהדיק געלויף.

עס איז געווען ערב יום־כיפור, ווען אויף די יידישע גאַסן האָבן זיך באַוויזן פאַרשטויבטע פּראָווינצער פורלעך און וועגעלעך, אָנגעפּאַקטע מיט פאַרשמאַכטע יידן, ווייבער און קינדער. זיי זענען געזעסן אויף זייערע יידישע,בהלהדיקע פּעק בעטגעוואַנט, זעקלעך און פּעקלעך. פון זייערע גרינע פּנימער האָבן געקוקט זייערע צעשראָקענע, בלאָנדזשענדיקע אויגן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די הויפן, זיך איינגעבעטן אין די יידישע הייזער, אין די קעלערן און בוידעמס. דאָס זענען געווען „ביעזשענצעס“ פון די שטעטלעך נאָענט פון פראָנט. זיי האָבן דערציילט שרעקלעכע מעשיות, ווי מען האָט זיי געטריבן פון זייערע היימען, ווי די קאָזאַקן מיט די נאַהייקעס האָבן געשלאָגן און געהרגעט און גערויבט, ווי זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער

גוטס, זייערע שטובן פון עלטער, עלטער־זיידעס און זיך געלאָזט לויפן נישט צו וויסן וואוהין.

מען האָט געגומען „זאַפּאַסנע" סאָלדאַטן. יידן מיט בערד זענען גע־לאָפן אין די שולן אַריין שוין מיט זעלנערישע היטלען. אין די יידישע הינ־טערגעסלעך איז געשטאַנען אַ יאָמער און אַ קלאָג.

דער יקרות איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. די געוועלבלעך זענען געווען האַלב־פאַרמאַכט. די גבירים האָבן זיך פאַרזאָרגט און אויסגעקויפט וואָס נאָר ס'איז געווען, און די אָרעמעלייט האָבן נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן קיין ברויט.

דערווייל איז מען געקומען זאָגן, אַז עס זענען שוין דאָ געהרגעטע יידן פון פראָנט. דער ערשטער איז געווען אַ טרעגער פון דער פּאַווע גאַס, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק אַוועק אין „זאַפּאַס" און איז געהרגעט געוואָרן הינטער מלאַווע. און באַלד האָט מען דערהערט נעמען פון נאָענטע שטעט און שטעטלעך, ווו עס קומען פאָר שלאַכטן. מען האָט געערדט פון מלאַווע, פון קאַליש און פון זאַקראָטשים. און אין די שטילע נעכט האָט מען ווייטלעך געהערט דאָס ווייטע פאַרדומפּעגע דונערן פון האַרמאַטן, וואָס האָט זיך נישט איינגעשטילט אויף קיין מינוט.

אויף דער דזשיקע גאַס איז אַ יידענע געלאָפן מיט אַ יאָמער. זיך אפילו נישט געזעגנט מיטן מאַן... אַוועקגעגאַנגען אָן אַ שטיקל ברויט... נאָר אַ קוש געטאָן די מזוזה... חתנים, אויסגעדינטע זעלנער, וואָס זענען נישט לאַנג צי־ריקגעקומען פון מיליטער, האָבן זיך געזעגנט מיט די פאַרחלשטע כלות, און אַ געוויין איז געגאַנגען פון די אָרעמע הויפן.

יידן זענען געלאָפן מיט די לאַנגע יום־כיפור־ליכט. און עס האָט אויס־געזען, ווי פון ערגעץ האָט זיך אָנגעטראָגן אַ סוף צו דער וועלט.

מען האָט דערציילט, אַז אין די שטעטלעך, ווו דאָס „וואָיסק" גייט אַדורך, ראַבעוועט מען די יידישע שטובן, מען יאָגט און מען טרייבט און ווי שטענדיק האָט זיך געדאַכט, אַז די מלחמה איז קעגן די יידן.

מיט יעדער מינוט איז געוואַקסן די בהלה. מען האָט אָנגערופן נעמען פון די נאָענטסטע שטעטלעך אַרום וואַרשע. טייל האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַליין געזען „דעם דייטש", אַז דער רוסישער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז אַנטלאָפן און אַז די ווילדער ברענען אַרום דער שטאָט.

דערווייל איז צוגעפאַלן דער אָוונט און דער יום־כיפור האָט זיך אויס־געמישט מיט דער שרעק און אימה. די יידישע גאַסן זענען איינגעהילט גע־וואָרן אין טרויער. פון די שולן און די מנינים אין הייפלעך האָבן זיך דער־

הערט תפילות. די „ביעזשענצעס“ זענען זיך צעגאַנגען איבער די שולן אין זייערע קינדער זענען געשלאָפן אין פרעמדע שטובן, ווו די ליכט האָבן אין מערזשערס מיט זאַמד געבלינצלט אין דער שרעקיקער נאַכט. עס האָבן זיך דערהערט די הייזעריקע שטימען פון די בעל־תפילות און אין דער פלוצלונגדיקער שטילקייט האָט זיך דערהערט דער אַלטער ניגון פון כל נדרי.. דער אַלטער וויינענדיקער ניגון האָט זיך פאַרפלאָכטן מיט דעם ווייטן דראָענדיקן געמורמל פון דער מלחמה.

דער הימל איז געווען בלוי און שטרענג, און נאָר דאָס שאָרכן פון אַ פּאָר וואָכעדיקע שטיוול האָבן זיך אייליק דורכגעטראָגן דורך דער יידישער גאַס, ווען אַ פאַרשפּעטיקטער גוי האָט דערשראָקן דורכגעשפּאַנט דאָס יידישע געסל.

אויך ביי די יידישע בעטלער, הינטער דער „פּאָוואָנזקער ראָגאַטקע“ אויף דער „בוראַקאָווסקע“ און אין „קליין־פּאַריז“, איז געווען אַ גרוים געוודער.

דער יום־כיפּור־סעזאָן איז פאַרשטערט געוואָרן. מען האָט נישט געטיילט קיין נדבות ווי יעדעס יאָר אין די טעג, און די די טשאַטעס בעטלער פון דער פרעמד, פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן.

ביי „פּייפּקען“ אין דער בודע האָט מען געדאַוונט. די קאַליקעס אין קראַנקע האָבן געמאַכט אַ מנין. זיי האָבן געוויינט און געקלאָגט, דען זיי זענען צוליב דער מלחמה אָפּגעשניטן געוואָרן פון זייערע שטעטלעך.

„פּייפּקע“, פאַרקערט, איז געווען צופרידן, ער האָט צוגעקלערט אַ נייע פּרנסה פאַר בעטלער, ער וועט אַרויסלאָזן „ביעזשענצעס“, וואָס זענען כלומרשט אַנטלאָפן פון דער מלחמה. ער האָט באַדויערט, וואָס עס איז נישטאָ דער יונג, דער „פּראָפעסאָר“. ער וואָלט געטויגט דערצו. פאַר די בעטלער איז אַ שלעכטע צייט, אָבער פאַר די „ביעזשענצעס“ וועט דער עולם געבן. און פּייפּקע האָט געדאַוונט און געבעטן גאָט ער זאָל אים העלפן אין דער נייער פּרנסה.

* * *

מיטאַמאָל האָט זיך מיט רעש געעפנט די טיר פון פּייפּקעס בודע און עס האָבן זיך אַריינגעשטעלט דער אַלטער „אָדעסער קאַצאַפּ“ מיט די צוויי זין. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין נייע שטיוול, מיט זעלנערישע היטלען

אויף די קעפּ. דער אַלטער איז געווען רויט און זיינע וואָנסן זענען געווען פאַרדרייט אַרויף.

די בעטלער האָבן געמיינט, אַז די קאַצאַפּעס זענען געקומען זיך שלאָגן און עס איז געוואָרן אַ יללה פון די קראַנקע און האלב־משוגענע ווייבער.

די קאַצאַפּעס זענען אָבער געווען רואיק און זיך פאַרהאַלטן ביי דער טיר. זיי האָבן אויסגעזען ווילד און פרעמד ביי די ברענענדיקע ליכט און די אַלטע, צעבראָכענע יידן אין דער בעטלער־בודע.

פּלוצלונג האָט דער קאַצאַפּ אַרויסגעצויגן פונעם בוזעם אַ גראָב יום־כיפור־ליכט און געזאָגט:

— יידן... היינט איז יום־כיפור... „סודני דיען"... איך אויך אַ ייד... געברענגט אַ ליכט... אייער איינער האָט צוגענומען ביי מיר מיין טאָכטער... אָלגאַ... אַ קינד פון אַכצן יאָר... אַ קראַסאַוויצע... מיין בעסטע טאָכטער... אָלגאַ... זי איז אַ יתומה... איך געקומען צו אייך... ביי די הייליקע ליכט... איר זאָלט מיר זאָגן... ווו זי איז, מיין טאָכטער... מיר מוזיקאַנטן... אָרנט־לעכע מוזיקאַנטן... מיין באַטקע אויך אַ מוזיקאַנט... אַ קאַפּעלמייסטער אין פּאָלק...

איצט איז אַ „וואָינאַ"... מיר אַלע, רוסישע... גייען קיין „ראַסיאַ"... „נאַ ראָדינו"... מיינע זין, סאָלדאַטן... מיר גייען אויף דער „וואָינאַ"... זאָגט מיר, ווו איז אָלגאַ... מיין טאָכטער...

עס איז אַרויסגעגאַנגען פּייפּקע. ער האָט אָנגעוויזן אויף די ברענענדיקע ליכט און האָט געזאָגט:

— מיר זענען אַלע יידן... כאָטש בעטלער, קאַליקעס, אָבער מיר שווערן ביי די ליכט, אַז מיר ווייסן נישט ווו דער יונג מיט דער מויד זענען... מען זאָגט, אַז זיי גייען אַרום איבער די שטעטלעך, זינגען און טאַנצן און מאַכן אַ סך געלט... אָבער קיינער ווייסט נישט ווו זיי אַרבעטן...

— מיר דאָ... אויך דאַוועגען... — האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט געהייסן די זין זיך שטעלן נעבן אים און האָט פון דער קעשענע אַרויסגע־נומען אַ קליין מחזורל.

— וואָ... וואָ... — האָבן די בעטלער זיך געוווּנדערט — טאַקע אַ ייד...

און ווי נאָר מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען, האָט זיך דער אַלטער צעוויינט און צעכליפּעט און מיט אַ צעבראָכן קול האָט ער אויסגעשריגן:

— יידן... דאַוונט פאַר מיין אָלגאַ... פאַר מיין „סיראָטאַ"... אַז זי זאָל קומען קיין „ראַסיעיאַ"... קיין אָדעס... צו איר טאַטן, דעם „פּיאַניצע"...

די זין האָבן אים גענומען הינטער די הענט, זייערע העלדזער זענען

געוואָרן רויט און זיי האָבן אים געוואָלט אַוועקפירן. אָבער ער האָט נישט געוואָלט:

— דא, מיט יידן... היינט איז „סודני דיען“... יום־כיפור... און דער חזן האָט אָנגעהויבן כל־נדרי...

## .13

דער יום־כיפור־טאָג האָט זיך דורך הונדערטער יאָרן יידיש לעבן אין פוילן, מיט זיין אייגנאַרטיקער פאַרב און שטימונג, אַריינגעקנעטן אינעם שטרענגן, קאַטוילישן קאָלאָריט פון דעם לאַנד. אויך די פוילישע נאַטור האָט זיך צוגעפּאַסט צו דעם אַלטן, יידישן „טאָג פון משפּט“.

דעם יום־כיפור־טאָג, וואָס איז צונויפגעפאַלן מיט די לעצטע, אָפּ־שטאַרבנדיקע טעג פון שפּעטן זומער און האַרבסט, האָט געפונען אַ שטיקל שותף אין דער פוילישער נאַטור. אין איר פאַרקלעמטן, עלעגישן טרויער פון שטאַרבן. אין דעם פוילישן „גאָלדענעם האַרבסט“, וואָס האָט לאַנג אָנ־געהאַלטן אין זיין אומעטיקער שיינקייט.

צו מיינסט האָט אין דעם טאָג געלויכטן אַ הויכע, קעלטלעכע זון און קליינע, פרידלעכע וואָלקנדלעך האָבן אין אַ פּאַמעלעכן פייערלעכן גאַנג, ווי אַ פּאַליע זיך געטראָגן איבערן ריינעם, ווי פאַרטראַכטן הימל און ווו ערגעץ אַ שטיקל לאָנקע, אָדער אַ בוים, האָט ער אָפּגעריכט זיין לאַנגזאַמען טויט אין דער פּראַכט פון זיין פלאַמיקער גסיסה.

אויך דער יום־כיפור־טאָג האָט, ווי אַלעמאָל, זיך געשטעלט מיט אַ שטיל, ווייך ליכט פון דער פרעמדלעכער, ווייטער האַרבסט־זון און אַ פרומע פאַרכטיקייט האָט זיך צעלייגט און אַרויסגעשלומערט פון יעדער יידיש הויז.

די שטענדיק־ענגע און רוישיקע יידישע גאַסן זענען ליידיק געווען און פון די פאַרהעמערטע טירן פון די קלייטן און קראָמען האָט זיך געדאַכט, אַז די יידן האָבן ערגעץ ווייט, אין אַ געהיימען וועג, זיך אויסגעטאָן פון דער וועלט און אַוועק ערגעץ אין אַ בעסערער און שענערער.

אַזוי איז אויפגעשטאַנען אויך דער יום־כיפור־טאָג. מיט איינגעשטיל־טע, ווייכע טריט, ווי מתים, האָבן זיך יידן געשלייכט אין די שולן, איינגע־הילטע אין אַלטקייט. מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט זען די וועלט.

פון די פענצטער האָבן אַרויסגעבלינצט בייטאָגיקע, בלייכע פלאַמען פון

די ווייסע ליכט, און עפּעס אַן איינגעהאַלטענער אָטעם האָט אָפּגעשטעלט די קלאַנגען פון לעבן.

באַלד האָבן זיך די שולן אָנגעפילט, דער נעפּל פון די ברענענדיקע ליכט האָט איינגעהילט די מענטשן און פון אַלע ווענט איז געוואָרן איין וועג, אַרויף, צום אייביקן, סודותפולן הימל. פון אַלע ווערטער איז געוואָרן איין געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פון אַן אייביקייט.

אַנדערש אָבער האָט דער היינטיקער יום־כיפּור־טאָג אויסגעזען אין דער יידישער וואַרשע. נאָך הונדערטער יאָרן האָבן זיך אין דעם טאָג די גאַסן אָנגעפילט מיט פרעמדע, אַנטלאָפענע יידן. געיאָגטע פון דער מלחמה, האָבן זיי דורכגעריסן דאָס אויסגעהיטענע געוועב און זיך אַריינגעטראָגן מיט בהלה, וואַכעדיקייט און פרעמדקייט.

עס האָבן משונה־ווילד אויסגעזען די געפּאַקטע פורן מיט יידן, וואָס האָבן אין מיטן יום־כיפּור זיך באַוויזן אויף די גאַסן. די יידן זענען אַרויס פון די שולן און זיי האָבן דערפילט, אַז עס האָט זיך איינגעבראָכן אַן איי־ביקייט.

פון די ברעגן שטאָט, פון דער אומהיימלעך ליכטיקער און האַרבסטי־קער וויַיט, האָבן דראָענדיק געמורמלט די האַרמאַטן און די שטילע און אונטערטעניקע תפילות זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יללה.

נאָך נעילה זענען פול געוואָרן די יידישע גאַסן. רעדלעך מענטשן זע־נען אַרויס פאַר די טויערן. ווייסטע בשורות פון דער אַרומיקער געגנט, ווי־דער האָט מען געזאָגט, אַז דער שונא שטייט הינטער דער שטאָט און ווידער האָט מען געזעגנט מענער און זין, וואָס זענען אַוועק אין דער מלחמה.

שטיל און באַהאַלטן האָבן זיך פון דער פּוילישער שטאָט אַרויסגע־שלייכט אַלטגעזעסענע, רוסישע הייזער. עס האָבן געצויגן געפּאַקטע וועגענער, מיט האָב און גוטס פון רוסישע באַאַמטע, פון מיליטער־לייט און פאַמיליעס, וואָס האָבן שוין פון לאַנג פאַרגעסן, אַז זיי זענען רוסן. און אין דעם גערודער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גלייכן דורך דורות, האָט מען מיטאַמאָל דערזען ווי אַן אייביקייט ברעכט זיך פאַר די אויגן, ווי אַ ריזיקע מאַכט ווערט קליין און שוואַך. אַזוי האָט מען אין די יידישע גאַסן מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַמערקן, ווי עס פאַרשווינדן געשטאַלטן פון דער צאַרישער מאַכט, פון וועלכער דער יידישער טייל שטאָט האָט צענדליקער יאָרן גע־ליטן. עס זענען פאַרשוואונדן פּאָליציאַנטן, באַוווסטע פון זייער רשעות. עס איז פאַרשוואונדן דער „סטאָיקאָווע" מיט דער לאַנגער באָרד, וואָס האָט אייביק געיאָגט די יידישע „פּשעקופּקעס"; עס איז פאַרשוואונדן דער „משו־

גענער פּריסטאַוו", פֿאַר וועלכן מען איז אַנטלאָפֿן, ווען ער איז דורכגעגאַנגען די דזשיקע גאַס. עס האָט זיך גערעכט, אַז עס קראַכט אַ גאַנצע וועלט פֿון הונדערטער יאָרן.

אין דער נאַכט האָבן אויך די יידישע בעטלער ביי דער פּאָוואָנזקער „ראָגאַטקע" געזעגנט די אָדעסער קאַצאַפּעס.

באַלד נאָך געילה האָבן דער אַלטער מיט די זין איינגעפּאַקט זייערע קאָלירטע, ציגיינערישע זעק, זייערע רוסישע קעסטלעך, לייטערלעך און רינגען, מיט וועלכע זיי האָבן געמאַכט זייערע קונצן. דאָס חרובע הויז, וואָס זיי האָבן פֿאַרנומען, האָט זיך אויסגעלאָשן, ווי עס וואָלט אָפּגעברענט, און אַ פּחד האָט זיך אַוועקגעלייגט אַרום דעם הויז.

דאָס גאַנצע פּעבל פֿון די פּאָוואָנזקער הינטערגעסלעך האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַרום, קוקן ווי די אָדעסער קאַצאַפּעס גייען אַוועק קיין „ראָסיי".

מיטאַמאָל האָבן זיך די קאַצאַפּעס אויסגעשטעלט, דער אַלטער מיט די צוויי זין, אָנגעטאָן אין די רוסישע „פּאָדיאָווקעס", מיט זיי איז אויך געווען די עלטסטע טאָכטער מאַשאַ, אָנגעטאָן אין שטיוול, מיט אַ „קאָסינקע" אויפֿן קאָפּ, האָט זי געהאַלטן צוויי מעשענע טאַצן.

זיי האָבן אַרויסגענומען די כּלים צום שפּילן. דער אַלטער אַ קלאַרנעט, איין זון מיט אַ האַרמאָשקע, דער צווייטער — אַ טראָמפּייט.

די נאַכט איז געשטאַנען אַ טונקעלע, אַ שטרענגע, און דער אַלטער קאַצאַפּ האָט אַ געשריי געטאָן:

— זייט געזונט... „פּראָשטשאַיטיע"... מיר גייען אַהיים... קיין אָדעסאַ... און עס האָט אַ בראַזג געטאָן די מוזיק. דער אַלטער האָט געבלאָזן אין דעם קלאַרנעט, ווי ער וואָלט געשפּריצט מיט פֿייער. דער זון האָט צעריסן די נאַכט מיט זיין טראָמפּייט, די האַרמאָשקע האָט געוויינט און געלאַכט און מאַשאַ האָט אַ בלענד געטאָן מיט אירע טאַצן, ווי פֿלאַמען וואָלטן זיך געצונדן אין דער נאַכט.

דאָס ראָד מענטשן איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער, אפילו די בעטלער און קאַליקעס מיט פּייפּקעס אַליין זענען אַהער געקומען.

דער רייסנדיקער מאַרש האָט פֿאַרטריבט דאָס ווייטע, ברילנדיקע שיסן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גרויסע, משונהדיקע סאָווע האָט זיך צעלאַכט.

באַלד האָט זיך די האַרמאָשקע ווי פֿאַרקייכט און אָנגעהויבן וואַרפֿן מיט פֿונקען־טענער. ליכטיקע, לויפֿנדיקע, פֿאַלנדיקע. די טענער האָבן זיך

געקנוילט גיבער און גיכער. דער קלארנעט האָט אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרץ און אַ כליפּע געטאָן.

— ע־ע־ד... — האָט דער אַלטער אַ געשריי געטאָן — „דאַוואַי“... „פּא אָדעסקאָמו“... פּאַ מאַלדאַוואַנסקאָמו“...

און אַ שטעל אַרויס געטאָן אַ פּוס מיט אַ גלאַנציקן שטיוול, אַ דריי געטאָן מיטן קנעכל:

— „אָפּגעמאָליעט“... יום־כיפּור... אַזוי ווי אַ ייד...

ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אַ גיי געטאָן קרום־קיילעכיק. באַלד איז אים פאַרלאָפן דער זון, פאַרלייגט די הענט אויף דער פּלייצע, דעם קאָפּ אין אַ זייט, אַ צאַפּל געטאָן, געוואָרן קליין ווי אַ האַלבער מענטש, און גענומען גיין אויף קליינע, קליינע פּיסעלעך.

— ע־ע־ד... „פּאַשאָל“...

די האַרמאָשקע האָט זיי פאַרשיט מיט אַ קורצן אָטעם און גיך, גיך געשיט אויף זיי מיט קאָלירטע פונקען, ווי מיט פּאַטשערקעס.

די „פּאָדיאָווקעס“ זענען ביי זיי געווען צעקנעפּלט און די קוטשמעס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון הינטער די זעלנערישע היטלען. מען האָט שוין גישט געזען קיין פיס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די טענצער רוקן זיך אויף אַ גליטש, דרייען זיך אויף אַ דינעם, נישט־געזעענעם דראָט.

דאָ האָט מאַשאַ אַ קלאַפּ געטאָן אין די טאַצן, ווי אַ זומער־פייגעלע אַ צאַפּל געטאָן אויף אַן אָרט און אַוועקגעפלויגן.

דער עולם האָט וואָיע געטאָן פון זיסער פרייד, ווי אַ קרעכץ פון פאַרגעניגן האָט זיך ארויסגעריסן פון דעם מענטשן־האַד, און א געמורמל פון אַנטציקונג האָט זיך אַ טראָג געטאָן.

די מוזיק האָט זיך איבערגעריסן. דער אַלטער איז שטיין געבליבן, וויגנדיק זיך אויף די פיס און איז מיטאַמאָל געוואָרן איינגעפאלן. ער האָט אויסגעטאָן דאָס זעלנערישע היטל, ווי ער וואָלט געבעטן א נדבה, אָבער נישט קיין נדבה האָט ער געבעטן, ער האָט אַ גיי געטאָן מיט אַ פאַרלוירענעם קאָפּ און קוים האַלטנדיק זיך אויף זייגע ברייטע, קורצע פיס אין די ברייטע, ציגיינערישע הויזן, האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ קול פון אַן אַלטן מאַן:

— איך וועל אייך זאָגן... „נאַ פּראַשטשאַניע“... הערט, וואָס עס וועט אייך זאָגן אַן אַלטער מוזיקאַנט... אַן אַלטער „פּיאַניצע“... מיר גייען אַוועק קיין אָדעס... אַהיים... „אָדעסאַ מאַמאַ“... דאָ איז נישט אונדזער לאַנד... דאָ — „פּאָלשאַ“...

ער איז געווען שיכור און האָט זיך געוויגט אויף זיינע ברייטע פיס.

— איך פאָר אַהיים... מיט מיינע זין... מיינע יונגע גייען אַוועק... פאַר סאָלדאַטן... עס איז אַ „וואָינאַ“... מיינע זין, די „קראַסאַוויצעס“... איך בלייב אַליין. מיט מיין מאַשאַ... די יתומה...

ער האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט זיינע שווערע, בלויע אויגן און מיט טרערן אויסגעשריגן:

— ברידער... יידן... ווו איז מיין אָלגאַ?

און ער האָט אַ ריטשע געטאָן ווי אַן אָקס, מיט אַ צעבראָכן און שיכור געוויין.

— מיר האָבן געשפּילט פאַר איר... אפשר... איז זי ערגעץ דאָ... אפשר וועט זי הערן איר „באַטקאָס“ קלאַרנעט... די האַרמאָשקאַ... איר ברודער... אפשר הערט זי אונדז...

און ער האָט ווידער אַ רעווע געטאָן אין דער נאַכט אַריין:

— אָלגאַ... טאָכטער... קום מיט אונדז... מיר גייען קיין אָדעס... אַהיים... אָלגאַ... טאָכטער מיינע...

די זין האָבן פאַרפּאַקט די כלים. זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן גענומען די זעק מיט די קעסטלעך אויף די פּלייצעס, און ווי זעלנער אַוועק מיט דעם זאַמדיקן וועג צו דער וואַרשעווער „ראָגאַטקע“.

ווייבער האָבן געוויינט, און אַ שרעק האָט זיך געטראָגן פון דער פינצ- טער. עס האָט זיך גערעדט, אַז די שיינע אָלגאַ וואַנדלט דאָ ערגעץ אַרום און באַלד וועט זי זיך באַווייזן מיט איר ליכטיקער און יונגער געשטאַלט.

און נאָר דאָס פאַרדומפּענע שיסן האָט זיך געטראָגן פון דער סודות- דיקער ווייט. עס זענען פאַרשטומט געוואָרן די זעלנערישע טריט פון די „אָדעסער קאַצאַפּעס“ און אַ שטילע, שרעקיקע פינצטערניש האָט איינגע- הילט דאָס הויז.

אַ לאַנגער, איבערפולטער, זידנדיקער צוג מיט גרינע און גרויע רוי- סישע וואַגאָנען פון אַלע קלאַסן, מיט רויטע באַגאַזש-וואַגאָנען פאַר סאָל- דאַטן און פערד-פּלאַטפאָרמעס מיט לאַנגע, סטערטשענדיקע לופעס פון האַרמאַטן — האָט זיך דער צוג, פּייפנדיק און וואָיענדיק, געטראָגן צו דעם אַלטן, שוואַרצלעך-געלן וואָקזאַל פון דער יידישער שטאָט בערדי- טשעוו.

דער האַרבסט איז שוין דאָ געווען אײַנגעגעסן מיט אַ נאַסן און קאַלטן נעפּל, און אַ דינער, עסנדיקער רעגן האָט לאַנגזאַם געטריפט איבער די נאַסע, אַלטע ברעטער פון וואָקזאַל. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און עפּעס אַ פאַרנעפּלטע, שווערע שטימע האָט אויסגעשריגן, ווי מיט הפקרן, גוײשן חוזק:

— סטאַנציאַ בערדיטשעוו...

עס האָט זיך דערפילט אַן עסנדיקער ריח פון רויך, נאַפט און אײַזן. פון דעם צוג האָבן זיך גענומען אַרויספּאַקן פּאַסאַזשירן. זיי זענען געקראָכן מיט זייער געפּעק פון די הויכע טרעפּ פון די וואַגאָנען. דער וואָקזאַל איז פאַרפּינטלט געוואָרן פון מענטשן, מען האָט זיך געשטופּט, געשריגן. טייל האָבן זיך געשטופּט מיט זייער געפּעק צוריק אין די וואַגאָנען און אַ ברייטער, בייכיקער קאָנדוקטאָר, מיט גראָבע, פאַרדרייטע וואָנסן, האָט זיך געאַמפּערט מיט עטלעכע יידן, וואָס האָבן געשטופּט זעק און פּעק אין וואַגאָן אַריין. ער איז געשטאַנען אויף זיינע ברייטע שטיוול, מיטן בלעכענעם לאַמטערן אין דער האַנט און די יידן נעבן אים האָבן אויסגעזען, אין דעם נעפּל, אַזוי ווי די פליגן.

דער נאַסער נעפּל האָט אײַנגעהילט דעם געלן, אַלטן וואָקזאַל און נאָר דער גרויסער מעשענער גלאָק, וואָס איז געהאָנגען אין מיטן, האָט געגלאַנצט ווי אַ זון אין דעם גרויען אומעט.

פויערטעס מיט קאַנען מילך, מיט גרויסע אַנטאָנער עפּל אין די פאַרטוכער, מיט ווייסן קעז אין די קאָלירטע, מאַלאָרוסישע האַנטעכער, האָבן זיך געלאָזן צו די רויטע וואַגאָנען, ווו די סאָלדאַטן זענען געווען פאַרשפּאַרט מיט די פערד אונטער ברעטער. טייל סאָלדאַטן זענען געשפּרונגען פון די הויכע וואַגאָנען מיט טשייניקעס נאָך „קיפּיאַטאָק“. זיי האָבן אויך מיט עפּעס אַ ביי-קול, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ לייכטער חוזק, געשריגן: „בערדיטשעוו“. אַ צעקנייטשטער „גאָראָדאָוואָי“, מיט אַ צוגרויס היטל, האָט געאיילט מיט זיינע הילכיקע, פאַרבלאָטיקטע שטיוול און דער דאַשעק ביי דעם גרינגעם היטל אויף דעם גרויסן, קיילעכדיקן קאָפּ פון דעם זשאַנדאַר האָט געגלאַנצט אַ נאַסער פונעם רעגן.

פון דעם לעצטן וואַגאָן זענען צווישן די פּאַסאַזשירן אויך אַרויסגעשטיגן צוויי, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך צו פאַרלירן.

דאָס איז געווען אַ הויכער, שוואַרצער יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין אַ גרויער קורטקע, מיט אַ גרינעם טוך אויפן האַלדז. ער האָט געטראָגן

הויכע שטיוול און זיינע שווארצע געקרויזטע האָר האָבן זיך אפּגעריסן פון אונטער דער קעפּקע, מיטן פאַרריסענעם דאַשעק. געבן איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ צו גרויסן, גרינעם זשאַקעט און אַ רויט היטעלע אויף איר קאָפּ, שוואַרצע, צעלאָזענע האָר. די אויסגעפּאַסטע, הויכע געקנעפּלטע שטיוועלעך האָבן זגראַבנע אַרומגעכאַפּט אירע שלאַנקע, הויכע פיס.

זי האָט געטראָגן אין דער האַנט אַ קוישל געפלאָכטן פון שטריק און אונטער דער האַנט אַ גיטאַרע, איינגעוויקלט אין אַ טיכל.

ביידע זענען שטיין געבליבן האַלטנדיק זיך פאַר די הענט. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז זיי זענען נאָך נישט זיכער צי זיי זענען געקומען אַהין, וווּ זיי האָבן באַדאַרפט. דער יונגערמאַן האָט אַ קוק געטאָן אַרום זיך און האָט געזאָגט:

— דאָ איז בערדיטשעוו... אַ ייִדישע שטאָט... קום, אָלגאַ... מיר וועלן זיך דאָ אַרומזען...

— לאָמיר בעסער פאָרן קיין אָדעס... — האָט אָלגאַ קאַפּריז אַ שפּיל געטאָן מיט אירע גרויסע, פאַרשאָטנטע אויגן — צו וואָס בערדיטשעוו... דאָ זענען בלויז זשוליקעס...

— מיר וועלן פאָרן קיין אָדעס... אָלגאַ... דערווייל וועלן מיר זיין דאָ...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם גרויסן, שווערן זשאַנדאַרם און האָט צוגעגעבן:

— דאָ זענען ייִדן... זיי וועלן אונדז קיין שלעכטס נישט טאָן...

אָלגאַ האָט קאַפּריז אַ שפּאַן געטאָן און זיי האָבן זיך געלאָזט צו דער טיר, דורך וועלכער די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געשטופּט אין שטאָט אַריין.

זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם גרויסן, טונקעלן וואָקזאַל, וווּ ס'איז געשטאַנען אַ געדיכטע, פייכטע, נעפּלדיקע לופט. זיי האָבן זיך געגליטשט איבער דער שטיינערנער, בלאָטיקער פּאָדלאָגע, אויף וועלכער עס זענען געזעסן פאַרשלאָפענע פאַרשווינען מיט זייערע פעק און זעק.

ייִדן, ייִדן מיט בערד, מיט שוואַרצע און גרויע, ווייבער שוואַרצע, מיט געדיכטע, שוואַרצע אויגן, זוכנדיקע און פאַרדעכטיקטע, האָבן גע־קוקט פון אַלע זייטן. מ'האָט אויך געקוקט מיט אַ ווילדער נייגעריקייט אויף די צוויי פרעמדע, שמעונען און אָלגען, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט וועלן זיי אַרומגערינגלט ווערן פון די שוואַרצע, צודרינגלעכע בליקן

ערשט ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעפּאַקט פֿון דער וואָקזאַל=טיר, וואָס האָט געפֿירט אין שטאָט אַריין, האָבן זיי אינעם רעגנדיקן נעפּל דערזען בערדיטשעוו.

דאָס איז געווען אַ רויענדיקע געסט, ווי אַן אַלט, אָפּגעריבן בילד, אָפּגעוואָשן מיט דעם שוואַרצלעכן ליכט פֿון דעם טריבן טאָג.

רייען נידעריקע שוואַרצלעכע הייזער, אונטער גרינע, פֿאַרערגנטע און אומעטיקע דעכער, געדיכט=אָנגעבויטע געוועלבער, קלייטלעך און סטראַגאַנעס, צוזאַמענגעקלאַפּטע פֿון ברעטער איינס אויפֿן אַנדערן. אין דער שוואַרצער, צעפּאָרענער בלאָטע פֿון דעם פּלאַץ, ברוקירט מיט אַלטע שפּיציקע שטיינער, זענען געשטאַנען אַלטע, צעדרייטע שאַרבאַנעס, אויף הויכע, פֿאַרבלאָטיקטע רעדער, געשפּאַנטע צו קליינע, ווי קינדערישע, דאַרע פֿערדלעך. אַ רעש און אַ געשריי פֿון די שוואַרצע, בערדיקע בעלי=עגלות און פֿורמאַן=יונגען האָט זיך אַ טראָג געטאָן, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפֿט איינעמען די וועלט.

ווייבער זענען אַרומגעלאָפֿן מיט גרויסע ברויטן, ווי די רעדער, מיט אייער און קעז, מיט קנישעס און געפֿלאָכטענע חלות. די בעלי=עגלות האָבן געקנאַקט מיט די בייטשן און גערופֿן פּאַסאַזשירן, כאָטש ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל פֿאָרן.

באַלד האָט זיך דער גאַנצער געפּילדער ווי אויסגעלאָשן, ווען די שרייענדיקע בעלי=עגלות האָבן, דרייענדיק מיט די בייטשן און שפּריצנדיק מיט בלאָטע, זיך אַוועקגעלאָזן אין די פֿאַרנעפּלטע, טונקעלע גאַסן.

ערשט איצט האָבן די געקומענע דערזען אין אַ זייט אַן אַלטן, אויסגעריבענעם טראַמוויי=וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף שמאָלע, פֿאַרבלאָטיקטע רעלסן. צום טראַמוויי איז געווען צוגעשפּאַנט אַ דאַר פֿערדל. דאָס פֿערד, צוגעפּעסטיקט מיט גראָבע שטריק ביי דער זייט, איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אין אַ זעקל אַריין און געקאָפּעט די בלאָטע מיט די דאַרע, מידע פֿיס.

אין טראַמוויי אַריין האָבן זיך געפּאַקט עטלעכע ייִדן און ווייבער. דער קאָנדוקטאָר, מיט אַ בייטש אונטערן אָרעם און אַ לעדערן היטל אויפֿן קאָפּ, האָט געגעסן אַ ווייסע בולקע. נאָך אַ ייִד, מיט אַ טאָרבע אויפֿן אַקסל, האָט געשריגן, אַז מען דאַרף פֿאָרן. אַ הויכער, גרויער ייִד האָט געוויזן מיטן פּאַראַסאָל, ער זאָל וואַרטן.

שמעון מיט אָלגאַן האָבן זיך אַריינגעזעצט אין טראַמוויי. באַלד איז צו זיי צוגעקומען דער ייד מיט דער טאָרבע, האָט זיי לאַנג אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן:

— יונגערמאַן... ס'קאָסט צען קאָפּיקעס פון אַ פּאַרשוין...

שמעון האָט געזען דורכן פענצטער פון טראַמוויי, ווי אין אַ זייט פון פּלאַץ — אין אַ ווינקל, אונטער אַ דעכל, וואָס האָט געשיצט פונעם רעגן — זענען געשטאַנען אין אַ געדיכטן ראָד אַ גרופּע יונגעלייט, שוואַרצע, מיט קוטשמעס האָר, אָנגעטאָן האַלב-זעלנעריש. זיי האָבן געטרונקען בראָנפן און געזונגען טרויעריק. מאַמעס, שוועסטער און ווייבער האָבן זיי דערלאַנגט ווייסע טיכער מיט עסן, געוויינט און זיך געזעגנט.

— דאָס זענען נעבעך יידישע „זאַפּאַסנע“, וואָס גייען אַוועק...

שמעון האָט באַצאָלט דעם קאָנדוקטאָר, וואָס האָט אַלץ געקוקט אויף אים און אויף אָלגאַן, אויף די צוויי פרעמדע פּאַסאַזשירן, און האָט צום סוף געזאָגט:

— פון וואַנען פאָרט מען?...

— פון וואַרשע...

— פון וואַרשע... טאַקע אמת, אַז וואַרשע ברענט?...

דערהערט, אַז זיי זענען „ביעזשענצעס“, האָט זיך דער קאָנדוקטאָר ערשט צערעדט. עס זענען צוגעקומען נאָך יידן און ווייבער און שמעון האָט זיך דערוווסט, אַז דאָ, אין בערדיטשעוו, זענען שוין דאָ אַנטלאָפענע פון פּוילן, פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט.

דער ייד מיטן פּאַראַסאָל איז געקומען. מען האָט שוין באַדאַרפט פאָרן, דער פורמאַן פון דעם טראַמוויי האָט אָבער געוואָלט הערן וועגן וואַרשע. דעמלט האָבן די יונגען אַ שטופּ געטאָן דעם טראַמוויי און מען האָט אָנגעהויבן פאָרן איבער אַ לאַנגער, בלאָטיקער גאַס מיט שוואַרצ-לעכע הייזער פון ביידע זייטן, מיט איינגעפאַלענע פּלויטן און שטיקער רויע ערד.

דער גאַנצער טראַמוויי האָט גערעדט צו שמעונען און שמעון האָט דערפילט, ווי אַ גרויסע וואַרעמקייט צעגיסט זיך אין אים. עפּעס אַ גע-פיל פון היימישקייט מאַכט אים פול דאָס האַרץ.

דאָס איז געווען די ערשטע רוסישע שטאָט, די יידישע שטאָט אין רוסלאַנד, וועגן וועלכער מען האָט אַזויפיל דערציילט פון איר אָרעם, יידיש, האַרציק לעבן. שמעון איז אַריין אין זיין ראָל פון רעדן מיט פרעמ-דע מענטשן, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. ער האָט דערציילט ווי אַזוי

ער איז אַנטלאָפֿן פֿון דער מלחמה אין וואַרשע, ווי די דייטשן שיסן, ווי ער האָט זיך קוים מיט זיין ווייב דורכגעריסן.

די ווייבער און די יידן האָבן דערציילט וועגן דעם אומגליק, אַז מען האָט אויך דאָ צוגענומען יידן, זין און פֿאָטערס פֿון „זאַפּאַס“ און ווער ווייסט צי מען וועט זיך חלילה דאָ נישט שלאָגן.

דער ייד מיטן פּאַראַסאָל, וועלכן מען האָט מיט דרך־ארץ גערופֿן ר׳ מאיר, האָט זיך אויסגעלאַכט:

— שוטים... בהמות... ווי קומט מען אַהער?... קיין בערדיטשעוו... דער דייטש מיינט דאָך נאָר „פּאָלשאַ“... איי, מען נעמט יידן, איז טאַקע שלעכט...

ר׳ מאיר איז, זעט אויס, געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית און קיי־נער האָט אים נישט אַנטקעגן גערעדט.

דערווייל איז מען געפֿאָרן. די שטאָט בערדיטשעוו איז געוואָרן גע־דיכטער. די גאַסן זענען געווען פֿול מיט שוואַרצלעכע שאָטנס פֿון יידן און ווייבער. די יידן האָבן געטראָגן שוואַרצע, אכטקאַנטיקע היטלען, טייל הויכע, טוכענע קאַרטוזן, מיט לאַנגע, געשפּאָלטענע רעק. אָרעמע יידן האָבן געטראָגן הויכע היטלען ווי די קאַצאַפּעס. שוואַרצע יונגעלייט, מיט אַלטמאָדישע, קיילעכדיקע קאַפּעלושן, אין טיפֿע קאַלאָשן, האָבן געשפּאַנט אין דער בלאָטע.

יידישע מיידלעך, שוואַרצע, מיט בלישטשענדיקע אויגן, זענען גע־גאַנגען מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס, מיט אונטערגעשניטענע קורצע האָר.

אָלגאַ האָט שוין גערעדט רוסיש מיט עפּעס אַ יידיש מיידל און זי האָט מיטאַמאָל דערפֿילט זיך ווי אין דער היים. עפּעס עמעצער האָט אָלגען געגעבן אַ ווייס קיכל און זי האָט נישט געוואָלט נעמען. צום סוף האָט זי ווי אַ קינד געגעסן דאָס קיכל און מיטאַמאָל, מיט שטראַלנדיקע אויגן, געזאָגט:

— אַך, „ראַסיאַ“... דאָ איז גוט... דאָ איז נישט „פּאָלשאַ“... גוטע מענטשן זענען דאָ...

דערווייל האָט זיך דער טראַמוויי אָפּגעשטעלט און פֿון ביידע זייטן אַלייע, וווּ עס זענען געשטאַנען די האַרבסטיקע, גאָלעביימער, האָבן זיך פֿון נעפּל אַרויסגעשניטן קליינע, ווייסע הייזער מיט גערטנער אַרום. דאָ זענען שוין געווען שמאָלע טראָטואַרן און פֿון די הייזער האָט אַרויסגע־קוקט אַ גלאַנץ פֿון רו און וואַרעמקייט.

אויף אַ גרויסער שילד איז מיט גאָלדענע אותיות, אויף רוסיש, גע־וועזן אויפגעשריבן: „באַנק“ און באַלד האָבן זיך איבער די געדיכטע הייזער באַוויזן די בלייכע, גאָלדענע „ציבעלעס“ פון דעם רוסישן „סאָבאָר“.

די שטאָט האָט זיך אויפגעהויבן מיט שפּיצן פון צערקווען. שמעון האָט דערפילט דעם ערשטן צופלוס פון עפּעס אַ גרויסער פרייד, פון דער פרעמדקייט און היימישקייט דערפון, וואָס אָלגאַ האָט גערעדט מיט מענטשן און אירע אויגן האָבן געבליצט און געשפּילט. אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז אין די געדיכטע יידישע גאַסן, אין דעם געווימל פון דער יידי־שער אָרעמקייט, וועט ער געפינען מיט אָלגאַן עפּעס אַ גרויסע, נאָך נישט קלאָרע פרייד.

און דאָ האָט זיך צו אים צוגעבויגן אַ שווייגנדיקער יונגערמאַן, מיט אַ שוואַרץ, אומעטיק בערדל און אים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— יונגערמאַן... און ווי איז ביי אייך מיט די „וואָיעננע“ זאַכן?... וואָס פאַר אַ בילעט האָט איר,... ווייל דאָ וועט מען אייך באַלד פרעגן... מען זעט אַ נייעם מענטשן... נאָך אַ יונגערמאַן...

שמעון האָט עפּעס געענטפערט און איז מיט אָלגאַן אַרויס פונעם טראַמוויי.

זיי זענען, זעט אויס, געווען אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט. אין מיטן סקווער האָט זיך פון דעם נעפּל אַרויסגעזען אַ ברייטער, אָנ־געפּעלצטער „גאַראָדאָוואָי“ און שמעון מיט אָלגאַן זענען אַוועק מיט אַ לאַנגער, בלאָטיקער גאַס, אַליין נישט וויסנדיק וווהין זיי גייען.

.15

עפּעס איז געווען אַזוינס אין דער לופט פון דער אַלטער שטאָט בער־דיטשעוו, וואָס האָט שמעונען געוועקט און גערופן, גלייך ווי ער וואָלט ביז איצט קיינמאָל נישט געאָטעמט. עס האָט זיך אים בסדר געדאַכט, אַז אָט די לופט האָט אים געפעלט דורך אַלע יאָרן פון זיין יוגנט.

עפּעס האָט זיך דאָ, פון ערגעץ, געטראָגן אַ געמיט, וואָס האָט גע־מאַכט קלאַפּן זיין האַרץ מיט נייע דערוואַרטונגען גלייך ווי די ביכער. וועלכע ער האָט געלייענט, אין זיין דאָפּלט־לעבן, צווישן די בעטלער, ווו קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן זיין גרויסן און פריידיקן וואַרטן אויף אַ ניי און גרויס לעבן.

אויך עפּעס אַ דינע וואַנט, וואָס איז געשטאַנען צווישן אים און אָלגאַן, איז דאָ פֿאַרשוווּנדן, באַלד ווי נאָר זיי זענען אַהערגעקומען. דאָס איז געווען אַ פֿרעמדקייט, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי די גאַנצע צייט פֿון זייער וואַנדערן. כאָטש ער האָט זי אַזוי נאָענט געהאַט נעבן זיך, האָט ער זי נישט געקאָנט דערגרייכן. פֿון איין זייט איז געשטאַנען זיין ביז־איצטיק לעבן, זיין קינדהייט אין שטעטל, שפּעטער זיינע ערשטע יוגנט־יאָרן, מיטן ווייב, מיט די קינדער, וואָס איז פֿאַרבליבן ווי אַ פֿאַרטריקנטע און פֿאַרצוויגענע וווּנד, אַ האַלב־פֿאַרהיילטע און פֿאַרגעסענע. אָט די וווּנד האָט ער אָבער באַדאַרפֿט כסדר איבערבינדן מיט נייע און פֿרישע איינדרוקן, אַז ער זאָל זי נישט דערפֿילן. און ערשט דאָ, ווען אָלגאַ האָט באַקומע צוריק איר שפּראַך און איר לאַנדשאַפֿט, איז זי געוואָרן פֿאַר אים אַזוי פּשוט און פֿאַרשטענדלעך, אַז ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט איר ווילד, אָפֿן האַרץ, כאָטש זי האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו רעדן דערפֿון.

שמעון, וועלכער איז געווען גרייט דורכצומאַכן די שווערסטע פּרוּוון אויף זיין וועג מיט אָלגאַן, ווי ער וואָלט געגאַנגען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, האָט גלייך דערפֿילט די ענדערונג, וואָס איז אַריינגעטרעטן אין זייער נאָענטקייט.

שמעון האָט געזען ווי היימיש זי האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער פֿאַרב פֿון דעם אַרומיקן לעבן, כאָטש זי האָט זיך געריסן קיין אָדעס. ווייל איר איז געווען נאָך פֿרעמד די אַלטע, געדיכטע יידישקייט, וואָס האָט אַרויסגעשימערט פֿון יעדער ווינקל אין דער שטאָט.

די מלחמה האָט דאָ אַהער אַריינגעוואָרפֿן אַ שאָטן, וואָס האָט אויפֿגערודערט די אָרעמע געסלעך, פֿון וואַנען מען האָט אָפֿט געהערט אַ קרעכץ און אַ געוויין פֿון אַ ווייב, אָדער אַ מוטער, ווען מען האָט פֿון שטוב אַרויסגענומען אַ מאַן, אָדער אַ זון צום מיליטער. עס האָט זיך אָבער אויך געלאָזט פֿילן אַן אויפֿגעלעבטקייט פֿון אַרבעט און האַנדל. דאָס האָט מען געקאָנט דערקענען אין די לויפֿנדיקע יידן מיט פֿאַררוקטע היטלען און אין די אָנגעפּאַקטע, נידעריקע פֿורלעך לעדער־שטיוול און אַנדערע פּעק, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געפּאָרעט מענטשן מיט אַ בהלהדיקן געאייל.

ווי אין יעדער קלענערער שטאָט, האָט איינער געוווּסט וואָס עס טוט זיך ביי דעם אַנדערן. אויך דאָ האָט מען ביי יעדן הויז, ביי יעדן טויער, געקאָנט זען אַלטע באַלעבאַטים, וואָס האָבן אויף זיך געטראָגן, אַלע ווי איינער אַ שטיק פֿון דער יידישער שטאָט, וואָס האָט דורך דורות אָנגעקליבן אַ פֿאַרב, ריח און געמיט, וועלכער איז נאָר דאָ געווען צו געפֿינען.

דאָ האָט מע געוווּסט וועגן פאַמיליעס עס זענען טיילווייז געזונט פון די הייזער און פאַמיליעס עס זענען שוין באַגליקט געוואָרן דורך דער מלחמה. מען האָט אויך גערעדט פון די גרויסע יידישע גבירים, וואָס האָבן אָנגענומען „פּאַדריאַדן". די אַלטע גאַסן האָבן זיך אָנגעפּילט מיט אַ גערודער.

עס זענען געלאָפן די נייעסן וועגן די מלחמה־געשעענישן און פאַר שמועסן, דעם פּוילישן ייִד, האָט ווילד געקלונגען אַלץ, וואָס מען האָט דאָ גערעדט וועגן פּוילן, ווי וועגן אַ ווייט און פרעמד לאַנד. ער האָט זיך ערשט איצט דערוווּסט וואָס פאַרא ווייטקייט און פרעמדקייט ס'הערשט דאָ צו דעם לאַנד, וווּ ער איז געבוירן. זיי האָבן שוין אין די ערשטע טעג געהאַט דאָ באַקאַנטע און פריינד און דאָס אַדאַנק די רוסישע ביכער, וואָס ער האָט געלייענט און דער שפּראַך, וואָס איז אים געווען באַקאַנט, ווי אויך צוליב זיין פעיקייט גיך היימיש צו ווערן צווישן פרעמדע. דערצו האָט אויך צוגעהאָלפן אָלגאַ מיט איר „מאָלדאַוואַנקער" לשון, וואָס איז אַזוי ענלעך געווען צו דעם אָדעסער יידיש, געמישט מיט רוסיש און אוק־ראַיניש.

יעדן טאָג האָבן זיי דערוואָרבן באַקאַנטע שטובן, וווּ מען האָט זיי געהאָלפן ווי „ביעזשענצעס". זיי זענען כסדר געווען אַרומגערינגלט מיט מענטשן אויף דער גאַס. מען האָט זיי גערופן פון איין שטוב אין דער אַנ־דערער, זיי מכבד געווען און זיך איבערגענומען מיט זייער גורל.

ווי יעדער פּראָווינצער שטאָט, איז אויך בערדיטשעוו געווען צעטיילט אין צוויי טיילן: אין אַן אַלטער שטאָט און אַ נייער, וואָס האָט געהייסן „נאָוואָסטראָיעניע" און האָט זיך אַרויסגעריסן אין דער הויך מיט אַ שי־מער פון נייקייט און פאַררייסנקייט.

אין דעם נידעריקן טייל, ביי דעם האַלב־אויסגעטריקנטן און לייםיקן טייכל „גנילאָפּיאַטקע", איז געלעגן די אַלטע שטאָט. דאָ האָט אויסגע־זען ווי אַן אוקראַיניש דאָרף, מיט נידעריקע, קרומע און אַראָפּגעזעצטע הייזער. דאָ איז געלעגן אַ שוואַרצלעכע אַלטקייט. די געסלעך זענען געווען שמאָלע, מיט דאַרע סעדלעך אַרום די הייזער, מיט אַלטע אויסגעריבענע פּריזבעס. פון די נידעריקע טירן און פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אַ בלינ־דע טריבקייט. דאָ האָט געוווינט די אָרעמקייט, דאָ האָט מען נאָך גע־טראָגן וואַסער פון די פּלומפּן און ברונעמער. גרויע, שפּיציקע שטיינער, מיט אויסגעריסענע גריבער האָבן באַדעקט די גאַסן און שטיקער רויע ערד זענען געלעגן אונטער די אַלטע, שוואַרצלעכע פּלויטן.

דער האַרבסט האָט דאָ אַוועקגעלייגט אַ שווערע גרויקייט און די מענטשן האָבן זיך פאַרהויקערטע, ווי ווינטערדיקע, גרויסע פליגן, גע־רויעט אין דער שוואַרצלעכער לופט. דער אַלטער רוסישער „סאָבאָר“ האָט זיך אויפגעהויבן פונעם טאָל מיט די געגילדעטע און גרינע שפּיצן. צו זיינע ווענט, וואָס זענען געווען אָפּגעטומטשעט מיט מאָך און אַלטע, פאַרגעסלטע צייטן, זענען געווען צוגעטוליעט שורותוויין די יידישע קלייטן און ביידלעך. און אין דער סאַמע אַלטער, גרויער וואַנט פונעם סאָבאָר, הינטער די געגילדעטע צלמים און איקאָנעס, האָט זיך אַריינגעשניטן די האַלב־קיילעכדיקע טיר פון דער אַלטער, יידישער שניט־קראָם, איבער וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבן מיט יידישע אותיות דער יחוסדיקער נאָמען פון דעם סוחר: „ברוך הוא וברוך שמו“. די יידישע אותיות אויף דער פלייצע פונעם רוסישן קלויסטער האָבן אויסגעזען ווי עפּעס אַ גע־מיש פון אַלטע, דורורתדיקע גייסטער, וואָס זענען דאָ פאַרשטיינערט גע־וואָרן צוזאַמען מיט דער צייט.

אַנדערש האָט אויסגעזען דער נייער טייל שטאָט „נאָוואָסטראָיעניע“, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן מיט ווייסע מויערן און „אָסאָבניאַקעס“.

איבער דער לאַנגער „ביליפּילער גאַס“ האָט זיך געצויגן דער בולוואַר, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ בלאָטיקן טראָטואַר מיט שיטערע אַקאַציע־ביי־מער פון ביידע זייטן. דאָ זענען פון די אַמאָליקע צייטן נאָך פאַרבליבן אַל־טע „קאַזיאָננע“ הייזער מיט באַלקאָנען, שילדן און רעקלאַמעס. פון צייט צו צייט האָט אַ שפּיל געטאָן אַ צו גרויסע, רייסנדיקע שילד מיט אַן אויפ־שריפט: „באַנק“, אָדער „קאָנדיטאָרסקאַיאַ זשאַרזש“, אָדער „פאַבריקמאַ־כער אַבראַשאַ“ און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עמעצער אַ לץ מאַכט נאָך אַ גרויסע שטאָט. עס האָט דערמאָנט אין עפּעס אַ קאָלירט שפּיל־קעסטל פון אַ פּיפּיקן קונצנמאַכער, וואָס וועט באַלד פאַרשווינדן ווערן און פאַר־שווינדן:

אין דעם טייל שטאָט האָבן די מענטשן אַנדערש אויסגעזען. דאָ האָט מען געקאָנט באַגעגענען פאַרשידענע טיפּן. וואָס האָבן פאַר אַ פרעמדן אויסגעזען ווי פאַרשטעלטע און אַרויסגערופן אַ לוסטיקייט פון עפּעס אַ שפּיל, גלייך מען וואָלט געווען אין אַ טעאַטער.

אויך שמעונען האָט זיך צומאָל געדאַכט, אַז ער קוקט אויף אַ טעאַ־טער־שפּיל, ווו די אַלטפרענקישקייט רעגט אָן מיט א פריידיק געפיל פון אינטימקייט, ווי אויף אַ מאַסקן־באַל. פאַר די עטלעכע טעג האָט שמעון שוין געקאָנט די גאַס מיט די מענטשן, וואָס האָבן מיט זיך געטראָגן אַ טייל

פון דער שטאָט. ער האָט מיט דער געניטשקייט פון זיין בעטלער־שולע אויס־געכאַפּט געשמאָלצן פון דער בערדיטשעווער גאַס. דאָס זענען געווען האַל־בע און גאַנצע משוגעים, פרייליכע און בייזע בעטלער, ווערטל־זאָגער און „משודראַקעס". און ער האָט געזען, אַז דאָס, וואָס ער אַליין איז געווען פאַר די עטלעכע יאָר בעת ער האָט זיך געשלעפּט מיט די בעטלער: דער „פּראָ־פעסאָר" דער „אַריינזאָגער" — איז געווען ווייט פון דער גלאַטיקייט און באַרעדעוודיקייט פון יעדער משרת, וואָס שטייט דאָ אויף דער שוועל פון קלייט. ער האָט געזען, אַז די כלומרשטע משוגעים און כיטראַקעס זענען דאָ ביי זיך אין דער היים.

אָלגאַ האָט דאָס אויך פאַרשטאַנען אויף איר אופן, כאָטש איר איז נאָך פרעמד געווען די קלוגשאַפט און געפּרוווטקייט, וואָס איז געלעגן אין דעם לשון פון די פאַרשוינען. אָבער נישט די וועלט און נישט דעם וועג האָט איצט שמעון דאָ געזוכט. דאָס, וואָס ער האָט דאָ געזוכט, האָט ער שוין געפונען, באַלד אין דעם ערשטן, נעפּלדיקן טאָג, ווען ער איז ארוים פון דעם טראַמוויי און מיט אָלגאַן אַוועק מיט דער גאַס אָן אַ ציל. דעמלט זענען זיי לאַנג געגאַנגען איבער גאַסן, באַרג־אַראָפּ און אַרויף, איבער זיי־טיקע, אַלטע, שוואַרצלעכע געסלעך און שטילע גאַסן, מיט שיטערע, אָפּ־געזונדערטע הייזער.

שמעון האָט געוווסט, אַז די הויפּט־גאַס מיט דער בוויכיקער צאַרישער פּאָליציי איז פאַר אים איצט, אין די מלחמה־טעג, אין דער פרעמדער שטאָט, נישט געוווגמשן. ער איז נישט געווען זיכער, צי מען וועט אים נישט נעמען אין מיליטער. כאָטש ער האָט לויט זיינע פּאַפּירן דינען נישט באַדאַרפט, איז ער לאַנג אין יענעם טאָג אַדורכגעגאַנגען מיט אָלגאַן איבער די זייטיקע גאַסן.

זיין האַרץ איז געווען פאַרקלעמט. ער האָט געפילט, אַז ער טוט נישט פאַר אָלגאַן דאָס, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט טאָן, און ווידער איז אים באַ־פאַלן די שרעק זי צו פאַרלירן. ער האָט געמאַכט דעם ערשטן שריט און אויף לאַנגע יאָרן זיך אָפּגעשניטן פון פוילן אָן אַ צוריק־וועג. אָט וועט זיך אָלגאַ אַריינזעצן אין דער באַן און אין עטלעכע שעה וועט זי זיין אין אָדעס, אָפּגעשניטן פון אים, און ער וועט זי שוין קיינמאָל צוריק נישט געווינען. די שטאָט איז מיטאַמאָל געוואָרן אין זיינע אויגן קליין, ליידיק און אָרעם.

דער קורצער, רעגנדיקער האַרבסט־טאָג האָט זיך געטונקלט. דער פייכ־טער נעפּל האָט זיך שווער געלייגט, ווען ער איז מיט אָלגאַן געבליבן זיצן אויף אַ שטילער גאַס, אויף די פייכטע טרעפּלעך פון אַ הויז.

— מיר איז קאַלט... — האָט אָלגאַ געזאָגט.

שמעון האָט איר געהאַט אַ סך צו זאָגן. ער האָט איר געקאָנט זאָגן, אַז באַלד וועט מיט זיי געשען עפּעס. ער האָט געוואַרט, ער איז געווען זיכער, אַז ערגעץ דורך פּאַרוויקלטע וועגן גייט צו זיי עפּעס אַ ווונדערלעך געשעעניש. אָבער ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי עס איר צו זאָגן. זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און ווי זי וואָלט גערעדט צו זיך אַליין, ווי עס רעדן קינדער, האָט זי געזאָגט:

— אין אָדעס איז איצט נאָך וואַרעם... די זון שיינט און דער ים איז אַזוי בלוי... בלוי...

## 16.

אַזוי ווי יעדן אָוונט, האָט יעדער קלונג ביי דער טיר אַרויסגערופן אַ פרייליכן, יוגנטלעכן גערודער און מאָטיע שטעקעלמאַן איז אַליין געלאָפן עפענען. מען האָט שוין כמעט געוווסט ווער עס קומט, ווייל עס זענען געווען כמעט שטענדיק די זעלבע פריינד און חברים — דער קרייז פון דער יידישער אינטעליגענץ. כאָטש נישט אַלע האָבן צוליב זייער עלטער זיך געקאָנט צו דער יוגנט פאַררעכענען, זענען זיי אָבער געווען געבונדן מיט איין גייסט און איין דערציונג, וואָס האָט זיך געצויגן פון זייערע ערשטע קינדער־יאָרן אָן.

יעדן אָוונט האָט מען זיך באַגעגנט מיט דער זעלבער הייטערקייט. זעלטן ווען די צוזאַמענטרעפן זענען געווען אין אַן אַנדער הויז, דער שטענדיקער אַדרעס פאַר די פריינד און חברים איז געווען ביי מאָטיען שוין פון יאָרן. נאָך ווען דער אַלטער שטעקעלמאַן, מאָטיעס פאָטער, האָט געלעבט, איז אין די אָוונטן די שטוב פול געווען פון יוגנט.

דער גרויסער, פעסלדיקער, קופערנער סאַמאָוואַר האָט באַגעגנט מיט אַ וואַרעמער געמיטלעכקייט די אַלע אַלטע באַקאַנטע. יעדעס ווינקל פון דער אַלטער, יידישער שטוב — פון דורות איידעלע יידן, אָנהייבנדיק פון אַלטער פרומקייט, שפּעטערדיקער משכילישער וועלטלעכקייט און די ערשטע יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז — האָט געדינט מיט וואַרעמקייט און גרייטקייט צו גוטס און גלויבן אין מענטש.

די אַלטע אַלמנה שטעקעלמאַן, מאָטיעס מוטער, האָט נאָך געלעבט און געוואַכט אויף צו דערהאַלטן דעם שימער פון יידישקייט און באַלעבאַטישקייט אין דער שטוב. דער יינגסטער זון, מאָטיע, דער אייביקער סטודענט,

איז פון טאָג צו טאָג אַלץ ענלעכער געוואָרן צו זיין פאָטער, צום אַלטן שטעקעלמאַן. ווי פון זיין פאָטער, איז געגאַנגען פון אים אַ בנעימותדיקע פרייליכקייט און גוטסקייט, וואָס האָט געשמעקט אַזוי ווי איידעלע בשמים. נישט געקוקט אויף די שווערע קלעפּ, וואָס זענען געפאַלן אויף דעם הויז, אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה — און ספּעציעל דער לעצטער קלאַפּ, דער טויט פון דעם נאָך נישט אַלטן שטעקעלמאַן — זענען דער גלאַנץ און די וואַרעמקייט פון דער שטוב נישט געמינערט געוואָרן.

ווי נאָר עס האָבן זיך געשטעלט די לאַנגע, האַרבסטיקע אָוונטן, איז מאָטיעס שטוב געוואָרן דער פּונקט פון דעם גאַנצן קרייז. באַזונדערס די לעצטע חדשים, זינט עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז די שטוב אָנגע-פילט געוואָרן מיט אַן אויפגעלעבטקייט, וואָס האָט אריינגעצויגן דעם גאַנ-צן קרייז.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, ווו נאָר די צייטונגען האָ-בן געברענגט די ידיעה וועגן „ביעזשענצעס“, האָט מען דאָ, אין דער שטוב, גערעדט וועגן הילף. מאָטיע שטעקעלמאַן איז געזעסן אין דעם שטילן חדר פון זיין פאָטערס קאַבינעט, ווו עס האָט זיך נאָך, דאַכט זיך, געפילט דער ביטערלעכער ריח פון זיינע ציגארן, און האָט ווי זיין פאָטער, מיט אַן אי-בערגעבויגענער, הויכער פּלייצע און מיט אַן ענלעכן, פערלדיקן כתב, גע-שריבן, אויף זיין שטייגער, אַן אויספירלעכן פּלאַן צו באַזאָרגן די אָרעמע, וואָס ווערן גערופן צום מיליטער, העלפן די פרויען און עלטערן פון די צי-געגומענע און אויך אָנגרייטן מיטלען און וווינונגען פאַר „ביעזשענצעס“, אַנטלאָפענע פון די ערטער, ווו די מלחמה שפּילט זיך אָפּ.

נעבן מאָטיען איז שוין געזעסן זיין ערשטע און אייביקע חברטע פאַ-ניע, זיין פרוי און זיין „צווייטע מאַמע“, ווי מען האָט זי גערופן אין קרייז. ווי שטענדיק, איז פאַניע געווען די ערשטע, מיט וועלכער מאָטיע האָט גע-טיילט זיינע געדאנקען, פון דער פריסטער יוגנט אָן, נאָך פון דער גימנאַ-זיע, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער נאָענטקייט.

פאַר פאַניען האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן גרויסע טעג מיט איר מאָ-טיען, ווייל דורך אַלע יאָרן האָט זי איר נאָענטקייט צו מאָטיען געפילט נאָר דורך געמיינזאַמער אַרבעט פאַר עפּעס אַ העכערן ציל. איצט האָט זי דערפילט, אַז די גרויסע אַרבעט איז געקומען. אַ וואַרעמע פרומקייט האָט געשלאָגן פון אירע גרויסע, קלאָרע אויגן און איר הויכער בלייכער שטערן פון אַ צדיקת האָט זיך באַדעקט מיט אַ שאָטן פון זאָרג, ווי שטענדיק, ווען עס האָט באַדאַרפט עפּעס געטאָן ווערן.



הײנט, כאָטש דער אָוונט איז געווען אַ נאַסער און נעפּלדיקער, איז מען זיך צונויפֿגעקומען צו מאָטיען גאַנץ שפּעט. מאָטיע און פֿאַניע האָבן הײנט ספּעציעל, דורך אײנעם צום אַנדערן, צו וויסן געטאָן וועגן אַ וויכטיק געשעניש.

אין דעם גרויסן, אַלטפֿרענקישן מיטל־צימער זענען אין דעם אָוונט געווען באַזעצט אַלע שטולן און אויך די לאַנגע, אַלטע סאָפֿע איז באַזעצט געווען פֿון מענער און פֿרויען. די שטוב האָט איצט דערמאָנט אין די אַלטע בילדער פֿון די רוסישע, געהיימע, רעוואָלוציאָנערע פֿאַרזאַמלונגען אין די אַכציקער יאָרן. אויך די יחוסדיקע, יידישע בערדיטשעווער שטוב האָט נאָך, אין איר פֿאַרב און געמיט, געטראָגן עפּעס פֿון יענע צײטן.

פֿאַר אַלעמען האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן די וואַרעמע שוואַרציקייט פֿון האָר און אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעבליצט פֿון אַלע ווינקלען. מאָטיע אַליין, מיט זײנע לאַנגע, שוואַרצע, גלאַנציקע האָר איבער דעם הויכן, קײלעכדיקן שטערן און די גרויסע, שוואַרצע, קינדעריש־רײנע און פֿאַרבענקטע אויגן. פֿאַניע, אַ בלײכע, מיט איר וואַרעמען ערנסטן בליק, האָט אין דער שטוב, ווי אַ זײדענער פֿאָרהאַנג, שטענדיק מיט זיך פֿאַרהוילן עפּעס ווי אַ הייליקייט, וואָס דאַרף זײן פֿאַרדעקט.

ווי שטענדיק, איז אויך הײנט, אין מיטן צימער, אויף אַ ווײכער שטול, געזעסן דער ליבלינג פֿון דעם קרײז, דער יונגער סטודענט באָריס, מיט זײן ברײטן, ווײך פּנים און קרעפֿטיקן וואַלד האָר, וואָס האָט אומרואיק, ווי דינע צווײַגלעך, זיך אַראָפּגעלאָזן איבער זײן ברײטן, ליכטיקן שטערן. ער איז געזעסן פֿאַרלײגט אַ פֿוס איבער אַ פֿוס, אָנגעטאָן אין זײן אײביקער, שוואַרצער, סטודענטישער קורטקע, מיט די מעשענע קנעפּ, וואָס איז פֿון בײדע זײטן אַקסל מיטאַמאָל אײנגעפֿאַלן. זײן קאָפּ איז געווען שטאָלץ פֿאַרריסן און זײנע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ יונגנטלעכער פֿולקײט, וואָס איז געווען פֿאַרשטענדלעך נאָר פֿאַר די מענטשן פֿון דעם קרײז, ווײל באָריס איז געווען דער אומגליקלעכסטער פֿון אַלע.

אָט דער סטודענט באָריס האָט פֿאַרלוירן זײנע הענט אויף אַ שרעקלעכן אופֿן. ער האָט באַגלײט זײן געליבטע צו דער באַן און איר געוואָלט איבערלאָזן אַ בוקעט בלומען, ווען דער צוג האָט שוין געהאַט גערירט. דער

צוג האָט אים אָפּגעשניטן בײדע הענט. אָט דער שײנער און גראַטעגנער באָריס איז געבליבן אָן הענט און ער האָט נישט געוואָלט לעבן.

אויך דעמלט איז דער אומגליק פון אַ פרײנד געוואָרן די לעבנס-אויפגאַבע פאַר מאָטיען און פאַניען, וועלכע האָבן אים מאָראַליש צוריקגעגעבן זײנע הענט. זײ האָבן געשאַפן אַרום אים אַ קולט, ווי פאַר אַ הײליקן, ער איז געווען דער ליבלינג פון אַלע. און קײן שום פאַל האָט אים קײנמאָל נישט געגעבן צו פילן זײן לאַגע.

אויך איצט איז באָריס געווען אַרומגערינגלט פון זײנע פרײנד. און עס איז שוין אזוי פּשוט און נאַטירלעך געווען, ווען פאַניע האָט געהאַלטן נעבן זײנע ליפּן דאָס גלאָז טײ, פון וועלכן באָריס האָט געטרונקען, ווען ווער פון די פרויען האָט אים פאַרריכט די האָר, אָדער ווער פון די חברים האָט אים אַרײנגעלײגט אַ פּאַפּיראָס אין מויל און אים דערלאַנגט פײער. עס איז גענוג געווען צו זײן אין דעם קרײז אַן אָוונט, אז דאָס זעלטזאַמע בילד זאָל ווערן נאַטירלעך, ווען אַלע הענט האָבן געאײלט צו פאַרטרעטן די הענט, וואָס דער יונגער מענטש האָט פאַרלוירן.

באָריס איז געווען דער שטאָלץ און דער מאָראַלישער קוואַל פאַר דער גאַנצער בעסערער ײדישער יוגנט אין דער שטאָט. עס איז אויך געזעסן דער שרײבער הײמאָוויטש, אַרום וועלכן עס איז געלעגן עפּעס אַ סוד, וועגן זײנס אַ ווערק, וואָס ער האָט שוין געהאַט געשריבן דאָס גאַנצע לעבן. אַרום יעדן פון די מענטשן איז געווען אַזעלכעס, וואָס האָט וועגן אים עפּעס געזאָגט און איז פאַרשטומט געוואָרן אין לויף פון דער צײט. עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע מען האָט נאָר געקענט פון זײער פאַרגאַנגענהײט. יעדער פון זײ האָט ערגעץ ווו געזוכט זײן וועג, זיך געריסן אין דער וועלט. טײל זענען שוין צוריקגעקומען אנטוישטע און מידע און צוריק אַרײנגעוואַקסן אין דער קלײנער, געווינטער און אידילישער וועלט פון דער שטאָט.

נאָר מאָטיען און פאַניען האָט נישט געלאקט די ברײטע וועלט, כאָטש מאָטיע איז דורכגעגאַנגען דעם פיבער פון די שטרעבונגען צו וואַנדערן. אויך פאַניע האָט זיך אַ צײט געקליבן אויף קורסן, אָבער איז ערגעץ זענען זײ אזוי נישט נויטיק געווען ווי דאָ, אין דער הײם, ווו יעדער האָט געוווסט זײער ווערט און זײ האָבן אין דער קלײנער מאָס געקאָנט אָפּשאַצן זײערע דערגרײכונגען.

עס האָט זיך אויך פיל געענדערט פאַר די מענטשן פון דעם קרײז אין די לעצטע עטלעכע יאָר. אײדער עס זענען דערגאַנגען צו זײ די טרײמ-

לונגען פֿון דעם גרויסן שטורעם אין די רוסישע הויפּטשטעט, איז פֿאַרביי זייער ערשטע יוגנט. דער אָפּשיין פֿון די געשעענישן איז געקומען צו זיי מיט אַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג.

די אַלטע, אויסגעוואַרעמטע שטובן זענען געשטאַנען ווי פֿעסטונגען, מיט זייער אַלטער, יידישער געפֿרוּוּטקייט און שׂכל, פֿאַר דעם קליינעם, אָרעמען לעבן. די שטובן, פֿולע מיט טראַדיציע און שרעק פֿאַר דער גרויסער וועלט, האָבן לאַנג געהאַלטן די זין און טעכטער אונטער זייערע פֿליגל.

מאָטיע שטעקעלמאַן איז אויך געווען איינער פֿון די פֿאַרשפּעטיקטע. וואָס האָט אַליין נישט פֿילנדיק, מיט גוטע מידות פֿון זיין פֿאָטער און זיידן, געוואָלט פֿאַרריכטן אַלע פֿעלערן פֿון דער וועלט.

אַזוי איז איבערגעלאָפֿן זיין יוגנט, און וועלכער עס האָט זיך אויך אַריינגעפּלאָכטן די יוגנט פֿון זיין חברטע פֿאַניע, וואָס האָט געלעבט בלויז מיט זיין לעבן, און קיינער האָט נישט געקאָנט זאָגן, וואָס זי איז פֿאַר אים, ווי ער אַליין האָט דאָס אַויך אויף קלאָר נישט געוווּסט.

דער היינטיקער אָוונט איז געווען דער ערשטער, נאָך אַ לאַנגן איבעררייס, פֿון פֿאַראַיאָרן ווינטער, ווען אין דעם זעלבן מיטל־צימער, ביי די שטעקעלמאַנס, האָט אָוונט ביי אָוונט געזאָטן דער גרויסער סאַמאָוואַר און די שטולן זענען געדיכט געווען באַזעצט.

אין יענע אָוונטן זענען נאָך געגאַנגען די גרויסע און הייסע דיסקוסיעס וועגן ביכער, וועגן קונסט און טעאַטער. עס האָט זיך לאַנגע חדשים געגרייט דאָס אויספֿירן דעם פּלאַן פֿון איינאָרדענען גרויסע יידישע קולטור־אָוונטן אין שטאָט, אראָפּברענגען יידישע שרייבער פֿון פּוילן און רוסלאַנד און אויסנוצן אויך די אייגענע קולטור־קרעפֿטן. דער פּלאַן איז אויך געווען די אַרבעט פֿון מאָטיען און פֿאַניען. אויך דעמלט זענען אויפֿן טיש, נעבן מאָטיען, געלעגן עטלעכע זייטלעך פּאַפּיר, געשריבענע מיט זיין כּתב, פֿון וועלכע ער האָט אַרויסגעלייענט זיינע, ביזן לעצטן פּונקט, אויסגעאַרבעטע פּלענער.

אויך היינט האָט מאָטיע, מיט זיין ווייכער, וואַרעמער שטים, געמאָלדן מיט פֿייערלעכקייט, אַז עס שטייט פֿאַר אַ גרויסע, ערנסטע אַרבעט, אַז די מלחמה הייבט זיך אָן פּילן אויך אין בערדיטשעוו און ער האָט גערופֿן זיך צונויפֿקומען צוליב דעם, וואָס אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן „ביעזשענצעס“, קרבנות פֿון דער מלחמה, וועלכע מען מוז שוין העלפֿן.

פֿאַניע איז געשטאַנען נעבן אים, איר פּנים האָט געלויכטן מיט אַ גרויסער פֿייערלעכקייט. עס איז געווען שטיל און אין דער שטילקייט האָט מאָטיע געעפֿנט די טיר אין אַ צווייטן צימער. באַלד האָט ער זיך באַוויזן און האָט שטיל געזאָגט:

— איך שטעל אייך פֿאָר די ערשטע צוויי „ביעזשענצעס“, וועלכע איך האָב היינט אין אָוונט באַגעגנט אויף דער גאַס, אינעם רעגן... אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ... אָן אַ נאַכט־לעגער...

אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן און אויף דער שוועל האָבן זיך באַוויזן שמעון מיט אָלגאַן.

17.

אַלע אויגן זענען געווען געווענדעט אויף די צוויי פֿרעמדע. אַ וואַרע־מער שטראָם פֿריינדלעכקייט האָט זיך אַ טראָג געטאָן פֿון זיי, פֿון אַלע אַנוועזנדיקע אין דער שטוב, ווען זיי האָבן געקוקט אויף די צוויי יונגע מענטשן, וואָס זענען אין זייער נאַיווער פֿאַרשטעלונג נאָר וואָס ארויס פֿון דעם מלחמה־פֿייער. כאָטש שמעון און אָלגאַ האָבן נאָך גאָרנישט באַ־וויזן צו דערציילן.

נאָך דער ערשטער מינוט איז געוואָרן אַ לעבהאַפֿטע באַוועגונג אַרום דעם פּאָרל. עס איז באַלד פֿאַר זיי געמאַכט געוואָרן אַן אָרט ביים טיש און פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן אויסרופֿן פֿון גוטסקייט און מיטגעפֿיל.

— קומט אַהער...

— זעצט אייך...

— אפֿשר דאָ... אויף דער ווייכער שטול...

— איר זענט נעבעך מיד... צעבראָכן...

שמעונען האָט מען אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכער שטול אין פֿאַר אָל־גאַן האָט מען געמאַכט אַן אָרט אויף דער סאָפֿע און זי איינגעדעקט מיט אַ וואַרעם טוך. פֿאַר זיי זענען שוין געשטאַנען הייסע גלעזער טיי, כאָטש נאָך פֿריער, ווי נאָר מאָטיע האָט זיי פֿון דער גאַס געברענגט צופֿירן, האָט זיי די אַלטע פֿרוי שטעקעלמאַן, אין איר צימער, מכבד געווען מיט טיי און „וואַרעניע“. די אַלטע פֿרוי האָט זיי אפֿילו נישט געפֿרעגט ווער זיי זענען. פֿאַר איר איז געווען גענוג, אַז איר מאָטיע האָט זיי געברענגט. איצט האָט מאָטיע נאָך אַלץ געקוקט אויף זיי, מיט זיינע ווייכע, גרויסע, קינ־דערישע אויגן.

אויך פאַניע האָט פון דער ערשטער מינוט גענומען אָלגאַן אונטער
איר שוץ, כאָטש זי האָט געפילט, אַז דאָס מיידל איז לויט איר וועזן ווייט
און פרעמד פון איר גזע. פאַניע האָט אויך מיט איר ווייבלעכן אינסטינקט
דערפילט, אַז דאָס איז איינע פון די פאַרבלאָנדזשעטע נפשות, מיט וועל=
כע עס געשען פאַרוואַנדלונגען, אָן זייער ווילן און פאַרשטאַנד. זי אי:
אָבער געווען גערירט פון איר ווילדער שיינקייט. און כאָטש אָלגאַ האָט
געשוויגן און אויפגעלעבט נאָר דעמלט, ווען מען האָט דערמאָנט איר
היים=שטאָט אָדעס, האָט פאַניע שוין אַרויסגעפילט, אַז אָלגאַס צוזאַמענ=
האַנג מיט דעם מאַן, מיט שמעונען, איז נישט קיין געוויינלעכע, אַז דאָ
ליגט עפּעס אַ פּלאָנטער, עפּעס אַ ליבע=אַוואַנטורע, וואָס איז געווען אַזוי
ווייט און ווילד=פרעמד פאַר איר געמיט. פאַניע האָט אַפילו נישט גע=
ווּסט, ווי אַזוי מיט מאָטיען צו רעדן וועגן דעם.

אָט די נישט=קלאָרקייט און פאַרדעכטיקע פאַרבלאָנדזשעטקייט, וואָס
האָט געקלאַפּט פון אָלגאַס וועזן, האָט נאָך מער גערייצט און געמונטערט
פאַניעס האַרץ, וואָס האָט אייביק געזוכט צו טאָן עפּעס גוטס און דער=
הויבנס. זי האָט אין דעם געפונען איר אייגענע, גרויסע ליבע און נאָענט=
קייט צו מאָטיען, וועלכע איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט דעם ווילן צו
טאָן גוטס. אויך אָלגאַ האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן דערפילט ארום
זיך מענטשן פון אַן אַנדערער וועלט, וואָס קוקן אויף איר מיט ריינע בלי=
קן פון אמתער פריינדשאַפט און איר איינגעבוירענע נישט=צוטרוילעכקייט,
וואָס האָט שטענדיק אין איר געוואַקסט ווי אַ שוץ=וואַנט, איז ביסלעכווייז
אָפּגעטרעטן. זי איז געווען ווי דערשיטערט פון די נייע, נאָך קיינמאָל
נישט געאַנטע געפילן, פאַר וועלכע זי האָט נישט געפונען קיין נאָמען. אַ
מידע פון דעם אַלעם, וואָס איז מיט איר געשען, האָט זי זיך געלאָזט שווי=
מען אָן אַן אָפּהאַלט. זי האָט ווי פאַרגעסן און זיך אָפּגעשניטן פון אלעם,
וואָס איז געווען ביז אַהער. עס האָט נאָר געוואַקסט אין איר דער כוח פון
איר יוגנט. דאָס איינציקע, וואָס האָט זי געשראָקן און דאָך געלאָקט, אי:
געווען דער פרעמדער מענטש שמעון, מיט וועלכן זי איז געווען פאַרבונדן,
אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי.

זי האָט נישט געקאָנט קלערן וועגן שמעונען, אַז עס זאָל נישט אויפ=
שטייגן פאַר איר קאָלקאַס בילד. נאָר דעמלט איז פאַר איר קלאָר געוואָרן,
אַז זי איז פאַרבונדן מיט אַ מאַן.ביידע זענען פאַר איר געוואָרן — איי=
נער. און דער איינער איז שטענדיק געווען קאָליא, ניקאָלאַי, דאָס ערשטע
יינגל, וואָס האָט זי געשלאָגן מיט דעם זיסן ווייטיק פון בענקשאַפט. ני=

קאַלאַי, וועלכן זי האָט שוין איצט געזען ערגעץ, אין דעם שטאָלצן שימער פון אַן אָפיציר, אויף אַ פערד, רייטנדיק אין דער מלחמה, ווי ער באַפעלט און הערשט.

און גראָד, ווען זי איז געבליבן מיט שמעונען אַליין, האָט זי ערשט דערפילט, ווי שטאַרק זי בענקט נאָך קאַליאַן. בלויז שמעונס אימפעט און זיין שטענדיקע גרייטקייט צו גיין און וואַנדערן, האָט זי צו אים צוגעבונדן, ווייל טיף ערגעץ, אין זיך, האָט זי געגלויבט, אַז שמעון וועט זי ברענגען צו קאַליאַן.

אַנדערש איז געווען שמעונס געמיט אין דעם אָוונט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך אויף אַ געהיימנישפולן אופן פאַרשטענדיקט מיט עפּעס אַ מיסטישן כוח, וואָס פירט אים צו זיין ציל. ערשט היינט אין אָוונט, ווען ער איז געבליבן מיט אַלגאַן אויף דער גאַס, אין רעגן, האָט עפּעס אין אים געוואַרט, מיט דער זיכערקייט, אַז עס וועט זיך אים עפּע־נען די טיר אַהין, וווהין ער האָט אַזוי געגאַרט צו קומען. ער האָט גע־פילט, מיט עפּעס, ווי אַ צופאַלום פון אַ נייעם כוח, וואָס האָט ווי אויפגע־זונגען אין אים, אַז אין דער קליינער זייטיקער, אַלטער שטאָט איז אָנגע־גרייט פאַר אים אַזויגס, וואָס וועט אים ארויספירן אויף אַ נייעם וועג, צו אַ ניי לעבן.

דערמיט האָט ער דערזען מאַטיען. ער האָט דערזען דעם בליק, זייגע וואַרעמע, גרויסע, גלויביקע אויגן פון אַ ברודער און חבר.

און שמעון האָט אים נאָרן נישט געקאָנט. ער האָט מער נישט גע־קאָנט אַריין אין זיין אויסגעאיבטער בעטלער־ראָל. ער האָט איז דעם מענטש, וואָס האָט זיך צו אים באַוויזן אין דעם רעגנדיקן אָוונט, געפונען אַלץ פון די ביכער, וואָס ער האָט געלייענט, שמעון האָט מער נישט געקאָנט פון זיך ארויסבאַקומען די אַלע אויסגעפּרוווטע, בעטלערישע פאַרטלען, אויף וועלכע ער איז געווען אַזאַ מייסטער. ער האָט דערפילט, אַז ער האָט היינט באַגעגנט דעם ערשטן, לאַנג און הייס־דערוואַרטן מענטש, וואָס ווייסט די וועגן צו אַ נייער וועלט. ער האָט אפילו אין דער מינוט נישט געקלערט וועגן אַלגאַן. שמעון האָט געקענט פרויען, באַזונדערס פרויען פון דער וועלט, אין וועלכער ער האָט די לעצטע יאָרן געלעבט. ער האָט געוווסט, אַז זי איז גלייך צו אַ נישט־צייטיקער פרוכט, אַן אַראָפּגעפאַלע־נער פון בוים, וואָס דאַרף האָבן אַ סך וואַרעמקייט און צייט, אַז עס זאָל אַרויס פון איר די בימערקייט און הארבקייט. ער האָט געוווסט, אַז אויף

דעם בעטלער־וועג וועט ער אויך זי פאַרלירן, ווי ער האָט פאַרלוירן אַנ־דערע, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט אין דער אָפּגעזונדערטער וועלט פון שטיקער געוועזענע מענטשן, צעריסענע און ארויסגעוואָרפענע פונעם לעבן.

* *
*

עס זענען נאָך אַלץ געקומען מענטשן. יונגעלייט און פרויען. יעדער פון די געקומענע האָט זיך צום ערשטן באַגריסט מיט שמעונען און אָל־גאַן, שטיל, מיט אַ ווארעמען בליק פון מיטגעפיל און באַזונדערער הארצי־קייט.

שמעון האָט געקענט מענטשן. ער האָט זיי דורכגעלויכטן מיט זיין שאַרפן און געאיבטן פאַרשטאַנד. ער האָט געזען פאַניען און אים האָט זיך כסדר געוואָלט אָפּוואַשן פון עפּעס, אײדער ער וועט וואָס עס איז נע־מען פון אירע ריינע, וואַרעמע הענט.

ער האָט דערזען באַריסן, וואָס איז אַלץ געזעסן אין דער מיט שטוב, מיט זיין ריינעם, שטאָלצן און ליכטיקן קאָפּ. ער האָט נאָך נישט געוווסט די געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט פאַרלוירן זיינע הענט, אָבער ער איז שוין געווען מיט אים פאַרברודערט, אַזוי ווי מיט מאָטיען און ער האָט אין אים נישט געקאָנט געפינען גאָרנישט דערפון, וואָס עס איז געווען אין די קאַליקעס און אינוואַלידן פון זיין בעטלער־וועלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען קאָן זיין אָן הענט און געבן פון זיך אַזאַ שטראַלנדיקע ליכטי־קייט, וועלכע שלאָגט פון דעם יונגן, אומגליקלעכן מענטש.

אים האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט אויפשטיין און רעדן. לאַנג און אויספירלעך דערציילן. דערציילן פון זיין לעבן, וועגן דעם, אַז ער איז געגאַנגען אַהער נישט ווי אַן אַנטלאָפענער פון דער מלחמה, נישט ווי קיין „ביעזשעניעץ", אַז ער איז אַנטלאָפן פון זיין ביז־איצטיק לעבן, אַז ער דאַרף נישט די הילף פון אַ נאַכטלעגער, נאָר אַן אַנדערע הילף, אַ הילף פאַר זיין נשמה, פאַר זיין נייעם וועג.

דאָ אָבער האָבן אַלע געוואַרט ער זאָל דערציילן פון דער מלחמה, פון די גרוילן און שרעקן, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט.

דערווייל איז אַרום טיש געגאַנגען אַ געשפּרעך. טייל פון די געסט האָ־בן געבראַכט צייטונגען, רוסישע און אויך יידישע פון וואַרשע. אין די

צייטונגען זענען אַלץ געווען דערמאָנט די פּוילישע שטעט, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דעם שונא. ווען יעדער אַזאַ שטאָט האָט מען געפּרעגט שמעונען. ער האָט געקענט די שטעט און האָט דערציילט.

ער האָט פאַרגעסן אין דער מלחמה און האָט דערציילט פון זיין יוגנט, פון זיין שטעטל, פון מענטשן, פון וואַנדערונגען. זיינע אויגן האָבן געשפּילט און זיין ברייט, פאַרביק פּויליש לשון האָט דאָ מיטאַמאָל ארויס־גערופן אַ הייטערקייט. ער האָט נאָר, ווי אַ פעלערהאַפטן אבר, אויסגע־מיטן צו דערציילן וועגן די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. און ווי אַ ווונד האָט ער אין זיין דערציילן נישט באַרירט זיינע צוויי פאַרלאָזענע קינדער.

אָבער דאָ, ביים טיש, האָט זיין דערציילן אריינגעטראָגן אַן אויפגע־הויבנקייט און היימישקייט. שמעון איז מיטאַמאָל באַשאָנקען געוואָרן מיט יענער אויפמערקזאַמקייט, וואָס גיט גלייך אַ זיכערקייט און אַ פרייקייט.

אויך אָלגאַ האָט איצט, מיט איר פאַרטראָגנקייט און ווייטן בליק, געקוקט אויף שמעונען און אויף אַלע, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען און ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד, האָט זי זיך צוגע־טוליעט צו פאַניען. און איידער וואָס, איז זי איינגעשלאָפן מיט איר גע־זונטן, יוגנטלעכן שלאָף.

דעמלט האָט פאַניע מיט איר וואַרעמער שטימע געזאָגט:

— מיר האָבן זיך פאַררעדט... טייערע... מיר האָבן פאַרגעסן... די מענטשן זענען מיד. ווו וועלן מיר זיי לייגן שלאָפן?... אָלעמשקען וועל איך נעמען צו זיך...

מען האָט זיך שטיל איבערגערעדט און עס איז געבליבן, אַז שמעון וועט בלייבן נעכטיקן ביי מאַטיען.

מאָדנע גיך האָט ביי שמעונען געקלאַפּט דאָס האַרץ. אין ער האָט טיף אין זיך געבעטן, ביי עפּעס אַ כוח, ער זאָל מיט גאָרנישט פאַרדאַרבן און צערייסן דאָס וואַרעמע געוועב פון ליבשאַפט און דערהויבנקייט, וואָס ער האָט דערשפּירט אין זיך.

עס איז שוין געווען שפּעט. טייל זענען אַוועק, איבערלאָזנדיק אים אַ שטאַרקן, פריינדלעכן האַנט־דרוק. אַנדערע זענען פאַרבליבן, כדי צו־זאַמען, ווי אַלע מאָל, אָפּצופירן אהיים באָריסן. אויך מאַטיע האָט זיך אָנגעטאָן אָפּצופירן באָריסן אַהיים און ער האָט זיך געווענדט צו שמעו־נען:

— אויב איר ווילט, קאָנט איר בלייבן אין דער היים... איך קום שוין צוריק... עס איז נישט ווייט... אפשר זענט איר מיד?

— ניין — האָט שמעון געזאָגט — איך וועל מיטגיין מיט אייך...

און מיט באָריסן אינדערמיט, האָבן זיך אַלע אַראָפּגעלאָזן פון די עט־לעכע טרעפּ.

עס איז געווען פינצטער, אָבער באַלד ווי מען האָט געעפנט די טיר, האָט זיך צוזאַמען מיט דער פייכטער קעלט אריינגעריסן דאָס בליצנדיקע ליכט פונעם גאַס־לאַמטערן, וואָס האָט עלנט געשימערט, און שמעון האָט דערזען דאָס קליינע, ערגסטע און טונקל־באַלויכטענע, ביינאַכטיקע בערדי־טשעוו.

## .18

כמעט אין זעלבן הויז, וווּ עס האָט געוווינט מאָטיע שטעקעלמאַן, האָט אויך געוווינט פּאַניע. מען האָט באַדאַרפט דורכגיין אַ קליין געדעכל אין הויף, וווּ עס האָט געפירט אַ שטעגל און אַ דאָרפיש פלויטל מיט אַ פורטקע. אין אַ הילצערנעם געבוי, אויפן צווייטן שטאָק, אין אַ שמאָלן קאָרידאָר, זענען געווען צוויי טירן. איין טיר האָט געפירט אין דער דירה פון דער משפּחה קאַלינאַ, פּאַניעס עלטערן, וואָס זענען אויף דער עלטער געבליבן אַליין; און די צווייטע, באַזונדערע טיר, האָט געפירט צו פּאַניעס צימער.

שוין זייט יאָרן, נאָך דעם ווי פּאַניעס יינגערע שוועסטער האָט חתונה געהאַט, און דער עלטערער ברודער האָט זיך אריבערגעקליבן קיין קיעוו, האָט פּאַניע פאַרנומען דאָס אָפּגעזונדערטע צימער, מיט די עלטערן אין שכנות, און געפירט איר אייגענע באַלעבאַטישקייט.

אַזוי אַרום זענען פּאַניע מיט מאָטיען, פון די יונגע יאָרן אָן, אויך געווען שכנים, אין איין הויף, און האָבן זיך קיינמאָל נישט צעשיידט.

דאָס איז געווען אַן אַלטע בערדיטשעווער גאַס, וווּ די הייזער, באַוווינ־טע פון בלויז יידן, האָבן זיך געקייטלט און אריינגעוואָקסן איינס אין דעם צווייטן, אַזוי ווי די איינוווינער. אַלטע, גרויסע משפּחות, פון די ערשטע צייטן, וועלכע קיינער האָט נישט געדענקט זייער אָנהייב, האָבן זיך, ווי די הייזער — פאַרפלאָכטן.

דאָס זענען געווען רעשטן, פאַרבליבענע פון די שחיטות אונטער די פּוילישע, קאָזאַקישע און טאָטערישע סמוטעס און מלחמות.

אין די ווינקעלעך פון די אַלטע גאַסן און הייזער איז נאָך געלעגן די

אימהדיקע טריבקייט פון יענע צייטן, אָבער הונדערטער יאָרן יידיש פאָלקס־לעבן האָבן פאַריאָגט די שאָטנס פון עלנט און אויסגעוואָרעמט ריזיקע גע־שטאַלטן פון גייסט און גבורה. אַ געזונטע און געדיכטע יידישע באַפעלקע־רונג מיט רויט, קרעפטיק בלוט האָט אויסגעטראָגן די לעגענדאַרע גע־שטאַלטן פון צדיקים, די מיסטישע פיגור פון ר׳ לוי יצחק, אַ גאַנצע קייט געשטאַלטן פון פרומקייט און וועלטלעכער קלוגשאַפט, די ערשטע ראָמאַנ־טיק פון אמתן פאָלקס־טעאַטער און אירע שעפער: גאָלדפאַדען, ספיוואַקאָוו־סקי און פישזאָן. אַ פאַרביקער געמיש פון אַלטפראַנקישע פוילישקייט און טערקישן מזרח, וואָס איז פאַרשלעפט געוואָרן מיט די טויזנטער טערקישע געפאַנגענע דורך די רוסישע קאָזאַקן. זענען זיי פאַרבליבן אין דער גע־דיכטקייט פון יידישן לעבן און צוגעגעבן דער טיפער יידישער עקזאָטיק דעם טעם און פיקאַנטקייט פון טערקישן פעפער.

אָט דער געמיש פון עפּעס אַ מזרחדיקן אָנלויף, מיט אַ געדיכטער יידישקייט, צוזאַמען מיט אַ רוסישער געמיטלעכקייט, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך צו אָדעס, האָט אָלגאַן גלייך אַרומגענומען מיט היימישקייט און צוטרוילעכקייט, ווען זי איז אַ דרימלענדיקע, אונטער פאַניעס מוטערלע־כער גוטסקייט געגאַנגען נאָך איר, שפּאַנענדיק דורך דעם טריבן, דרימלענ־דיקן הייפל אין דעם שפּעטן, אָסיענדיקן אָוונט, ווען פאַניע האָט זי געפירט צו זיך אין צימער נעכטיקן.

אָלגאַ האָט נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ שטורעם פון איבערלעבונג דאָס איז געווען פאַר פאַניען אַרייננצופירן דאָס פרעמדע, ווילד־שיינע ווען אין איר צימער, אין דעם פאַרהייליקטן ווינקל, וואָס זי האָט דורך יאָרן אויסגעבויט פאַר איר גרויסער ליבע, פאַר איר און פאַר איר מאָטיען.

צוליב דעם באַזונדערן, אייגענעם צימער האָט זי דורך יאָרן געפירט אַ שטילן און העפטיקן שטרייט מיט אירע עלטערן, די אַלטע, אָנגעזעענע אין שטאָט משפּחה קאַלינאַ, וועלכע האָבן נישט געקאָנט שלום־מאַכן מיט די פאַר זיי נישט פאַרשטענדלעכע באַציונגען צווישן זייער פאַניען און מאָטיען.

אָבער מאָטיע, דער אייביקער סטודענט, האָט אַלץ געגעבן לעקציעס און דערהפון זיך אויסגעהאַלטן מיט זיין מוטער, די אַלטע פרוי שטעקעלמאַן. ער האָט נישט געקלערט וועגן קיין תכלית און פאַניע האָט קיינמאָל וועגן דעם נישט גערעדט מיט אים.

אַזוי זענען געגאַנגען יאָרן, פאַניע האָט געאַרבעט אין דער אַפּטייק, זי האָט געענדיקט פעלדשער־קורסן, זי האָט געגעבן לעקציעס אין אַ יידי־

שער שול, אויך געהאָלפֿן די אַלטע עלטערן. און אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען כדי אויפֿצוהאַלטן דאָס פֿאַרהייליקטע ווינקל, איר צימער מיט דער אויסגעטרוימטער סאָפֿע, וווּ מאַטיע האָט אין שטילע אָוונטן געקאָנט אויסציען זיינע לאַנגע, יינגלשע פֿיס, אַריינגראָבן זיינע לאַנגע, ווייסע איידעלע פֿינגער אין דער געדיכטער מאַסע פֿון זיינע שוואַרצע, גלאַנציקע האָר, ווען פֿאַניע האָט אומגעשטערט געקאָנט זיצן נעבן אים, דערלאַנגען אים די „אייגענע" גלאָז טיי, וואָס זי האָט געקאָכט אויף דער קליינער ספּירט־מאַשינקע.

לאַנגע יאָרן האָט פֿאַניע, ווי אַ שוואַלב, געבויט אָט די קליינע, געמיטלעכע, אָפּגעזונדערטע היים. אַזוי ווי זי האָט מיט מאַטיען געטרוימט אין די יונגסטע שול־יאָרן.

אין דעם צימער האָט זי מיט מאַטיען געלייענט די ערשטע ביכער, וואָס האָבן געשאַפֿן זייער „געמיינזאַמען וועג אין לעבן", און פֿאַניע געדענקט, ווען מאַטיע איז צום ערשטן מאָל געקומען צו איר, אין דעם צימער. זיי זענען צום ערשטן מאָל געבליבן אַליין. זי געדענקט דאָס גרויסע און זיסע האַרץ־קלאַפּן און מאַטיעס ערשטע ווערטער, ווען ער האָט איר געזאָגט: „מיר אַכטן די ליבע צווישן אַ מאַן און אַ פֿרוי, נאָר ווען זי איז פֿאַרבונדן מיט אַ הויכן אידעאַל" און ער איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן פֿאַר איר, אַזוי גרויס און ווייט, אַז זי האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר דעם זיסן קלאַפּן פֿון איר האַרץ.

און נישט נאָר מאַטיע אַליין איז דעמלט געקומען אין איר צימער. זי געדענקט דאָס ערשטע גרויסע בוך, וואָס ער האָט מיט זיך געברענגט, דאָס בוך, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַזאַ גרויסע ענדערונג אין אירע געדאַנקען און געמאַכט פֿון איר אַן אַנדערן מענטש. זי געדענקט, ווי זיי האָבן דעמלט ביידע, ביז פֿאַרטאָג, צוגעשפּאַרט אַ קאָפּ צו אַ קאָפּ, געלייענט דאָס ווערק. „וואָס טוט מען" — איז געווען דער נאָמען פֿונעם בוך, פֿון טשערנישעווסקי. דעמלט האָבן זיי ביידע געשווירן צו גיין מיט דעם וועג פֿון דעם בוך און צום ערשטן מאָל האָבן דעמלט פֿאַניעס פֿינגער געגלעט מאַטיעס זיידענע האָר און צום ערשטן מאָל האָבן זיינע ליפּן באַרירט איר שטערן.

* *

*

איצט, אין דעם שפּעטן האַרבסט־אָוונט, האָט פֿאַניע געעפֿנט די טיר פֿון איר צימער פֿאַר אָלגען. דאָס איז געווען דער ערשטער, פֿרעמדער

מענטש, אַחוץ מאָטיען, וואָס האָט אין דער שפּעטער שעה איבערגעטרעטן איר שוועל.

אָט דאָס מיידל מיט דעם רויטן היטעלע, מיט דער גיטאַרע, וועלכע אָלגאַ האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן אין ערגעץ, האָט דאַכט זיך, געטראָגן מיט זיך אַ נייעם ווינט. פאַניע האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז אָט דאָס יונגע, שטאַרקע לייב מיט די פולע, קרעפטיקע און שיינע גלידער, פון וועלכן עס גייט אַ רויער ריח פון לעבן און קראַפט, טראָגט מיט זיך עפּעס פון אַ נייער צייט, פון נייע טעג און נייע געשעענישן. צוזאַמען דערמיט האָט פאַניע דערפילט אויף זיך עפּעס ווי אַן עול, וואָס זי וואָלט געוואָלט, אַז מאָטיע זאָל וועגן אים נישט וויסן. עס איז איצט געווען איר שטילער און טיף אין איר באַהאַלטענער פאַרלאַנג, אַז אָלגאַ זאָל, אויף ווי ווייט מעגלעך, נישט נוצן און נישט באַרירן אין איר צימער דאָס, וואָס איז פאַרבונדן מיט איר מאָטיען. די זאַכן, וואָס זענען נאָר פאַר אים. זי האָט זיך געשעמט און וואָלט דאָס קיינמאָל פאַר מאָטיען נישט געקאָנט אויסזאָגן. זי האָט זיך ווי אַליין געקניפּט אין געדאַנק פאַר די „קליינבירגערלעכע פאַראורטיילן“, מיט וועלכע מאָטיע האָט אָפט באַצייכנט אירע קאַפּריזן. דאָס איז אָבער געווען אַ נײַ געפיל, וואָס זי האָט איצט אַזוי בולט געשפּירט, עפּעס ווי דער גרויסער און זיסער ציל פון יאָרן, דער באַהאַלטענער ציל פון דעם אָפּגעזונדערטן צימער וואָלט אָפּגעשטאָרבן.

פאַניע האָט אָבער גיך געוואָלט צו הילף מאַקע מאָטיען. זי האָט אים גערופן אין איר געדאַנק, זיך דערמאָנט זיינע טרעפלעכע ווערטער, ווי ער רעדט אויף זיין שטייגער און עס דאַכט זיך איר, אַז יעדעס וואָרט זיינס צינדט אָן, מאַכט ליכטיק און אַלץ ווערט אַזוי קלאָר אין דעם ליכט.

ער וואָלט געזאָגט: „נישט וויכטיק איז דאָס צימער און דאָס „פּערזענלעכע לעבן“ — וויכטיק איז דער ציל“...

אָבער טיילמאָל, ווען זי קומט אַהיים פון דער אַרבעט, אָדער פון די לעקציעס, אַ מידע, אָדער ווען זי געפינט ביים שפּיגל אַן ענדערונג אין איר געזיכט, אין אירע האָר, וואָס ווערן שיטערער, אָדער זי געפינט אַ נייעם קנייטש אויפן שטערן — דאַכט זיך איר, אַז זי דאַרף עפּעס ראַטעווען.

איצט דאַכט זיך איר, אַז אין דעם פרעמדן מיידל, וואָס זי ווייסט נישט פונוואַנען זי קומט און וואָס עס טוט זיך אין איר האַרץ, זעט זי ווי אַ פאַרלייקענונג פון איר אייגן לעבן, וואָס גייט אַזוי גיך אַוועק.

איצט איז די טיר פונעם צימער געעפנט. פאַניע האָט ליכטיק גע=

מאַכט און די פאַרדרימלטע אָלגאַ האָט אויפגעריסן אירע גלאַנציקע, גרוי־סע און שפּילנדיקע אויגן:

— אַך, ווי גוט דאָ איז... — האָט זי אויסגעשריגן — ווי „אָוויוטנאָ"... און זי איז שטיין געבליבן פאַרבליפט.

אַ וואַרעמע פרייידיקייט האָט אַ שטראָם געטאָן ביי פאַניען אין האַרץ.

אָלגאַ איז געשטאַנען, אירע אויגן האָבן זיך געגליטשט איבער די ווענט, וואָס זענען געווען פאַרהאָנגען מיט „אָנזיכטס"־קאַרטן, מיט פאַר־טריקנטע בלומען, מיט פּויערישע קרעלן, אויף די טישלעך מיט ביכער, מיט פאָטאָגראַפיעס, אויפן ווייסן בעט, אויף די קאָלירטע, אוקראַינישע קילימס און רוסישע אויסגעהאָפטענע האַנטוכער, וואָס זענען געווען געשלייפט אין די ווינקלען.

פאַניע האָט איר דערלאַנגט אַ שטול, כדי זי זאָל זיך נישט זעצן אויף דער סאָפע, און אליין — פאַרשעמענדיק זיך פאַר דער קלייגלעכקייט פון איר טאַט — האָט זי אָלגאַן אוועקגעזעצט אויף דער סאָפע, זי אַרומגע־נומען און אויסגעשריגן:

— עס געפעלט אייך ביי מיר, אָלעטשקאַ?... אמת?... דאָס האָב איך אַליין... אַליץ אַליין זיך איינגעאָרדנט... פאַר מיין אייגנס... פאַר מיין אַר־בעט... אָן קיינעמס הילף...

און פאַניע האָט אין זיך אַליין דערשפּירט אַ שוין לאַנג נישט־געפילטן שטראָם פון יוגנטלעכקייט, גלייך ווי אָלגאַ וואָלט זי אין דעם דערמאָנט. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל און אין איר קאָפּ האָבן זיך געהויבן קנוילן געדאַנקען וועגן גרויסע באַרימטע פרויען, וועגן וועלכע מען שרייבט אין די ביכער. פרויען, וואָס האָבן געקאָנט אַזויפיל מקריב זיין. איצט איז אַ מלחמה, דאָס פאָלק ליידט, אָלגאַ איז די ערשטע געליטענע, וואָס באַ־דאַרף איר הילף. זי וועט זי נישט אָפּלאָזן, זי וועט זי אָפּוואַשן, דערוואַ־רעמען, זאַט מאַכן און אפשר וועט זי איר ווייזן אַ וועג אין לעבן. זי איז אַזוי יונג און קאָן נאָך אַזויפיל דערגרייכן. זי דאַרף נאר גוטע הענט. זי וועט דאָס זאָגן מאָטיען. ער וועט דאָס פאַרשטיין.

אָלעטשקאַ... — האָט זי געזאָגט — באַלד וועלן מיר האָבן וואַרעם וואַ־סער... מיר וועלן זיך וואַשן... טייערע, רופט מיך פראָסט פאַניאַ... וואָס האָט איר דאָ, אין דער „קאָרזינקע"?... און די גיטאַרע וועלן מיר דאָ אויפהענגען... אין דער פרי וועט איר מיר עפּעס זינגען... אַ, יאָ?... איקראַ־אינסקע לידער... און קיין יידישע קענט איר נישט?... אָט דאָ וועט איר

זיך ביי אונדז אויסלערנען.. איר זענט דאָך אַ יידישע... ביי אונדז איז דאָ אַ „קרוזשאָק“... „לובימעלעס“... דיין חבר האָט געזאָגט, אַז דו ביסט אַן אַרטיסטקע... דאָס איז גוט... מיר דאַרפן טאַלאַנטן, וואָס זאָלן אונדז העלפן... שאַדט נישט, אַז איך זאָג דיר „דו“?... אָלעטשקאַ...

אָלגאַ האָט אַלץ געקוקט אַרום זיך. זי האָט געקוקט אויף פּאַניען און איר האָט זיך פּלוצלונג געדאַכט, אַז זי איז אין אָדעס און קוקט אַריין דורך אַ פענצטער פון אַ פרעמדער שטוב. זי האָט שטענדיק געוואָלט זיין צווישן פרעמדע, ווייל אין דער היים איז איר געווען שלעכט. איצט נעמען זי פרעמדע מענטשן אַריין אין זייער שטוב, וו ס'איז אַזוי גוט, מען „אוכאַזשעוועט“ זי און מען באַדינט זי. אפשר נאַרט זי עמעצן אָפּ, אפשר וועט מען זי באַלד כאַפּן. אַך, ווען דאָ וואָלט געווען אָדעס...

עפּעס האָט אין איר אַ שפּאַר געטאָן, איר איז געוואָרן ענג און זי האָט זיך פּלוצלונג צעוויינט, מיט אַ רייסנדיק, קינדעריש געוויין.

און זי האָט זיך מיטאַמאָל צערעדט, אויף איר געמישטער, קאָלירטער שפּראַך:

— איך פון אָדעסער „מאָלדאַוואַנקאַ“... אַ יתומה... מיין „באַטקאָ“ אַ „שאַרמאַנשטשיק“... אַ „פּיאַניצע“... איך אין „פּאָלשאַ“ געטאַנצט אויף די הויפן... וואַרשעווער זשוליקעס... שלעכטע מענטשן... דער... סימאָן... אַ פּוילישער... אָבער אַ גוטער... איך מיט אים אַוועק...

ווען אָלגאַ האָט דאָס אָפּגעזאָגט איז זי שטיל געבליבן. זי האָט איינגעגראָבן די הענט אין אירע האָר.

פּאַניע איז געבליבן זיצן נעבן איר און האָט זיך פאַרטראַכט.

## 19.

קיין בעסערע הענט, ווי פּאַניעס, האָט זיך שמעון פאַר אָלגאַן נישט געקאָנט ווונטשן. פאַר אַלע טעג פון זייער וואַנדערן און כסדרדיקן וואַכן איבער איר, האָט ער געפילט, אַז אָלגאַ קאָן אים יעדע מינוט פאַרשווינדן. כאָטש זי איז אים קיין ווייב נישט געווען, האָט ער אין דער נאָענט פון איר געשעפּט עפּעס אַ כוח פון אַ זיסן וואַרטן. ער האָט איצט מיטאַמאָל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון אומזיכערקייט און זיין האַרץ האָט גערוט מיט דער מענערישער געדולדיקייט פון דעם באַוווסטזיין, אַז קיינער פאַרנעמט נישט זיין אָרט.

שמעון האָט דורך זיין אָפּגעגרענעצטער וועלט פון אָרעמקייט, געפאַלנקייט און קראַנקהאַפטער גערייצטקייט, און די יאָרן פון זיין בעטלער־גאַנג, נישט אריינגעשפּינט זיין אייגן לעבן אין דעם האַציקן געוועב פון דער וועלט, ער האָט געקאָנט פון דעם מיסט און אָפּפאַל אַרויספאַנגען פאַר זיך אַנטפּלעקונגען פון דער מענטשלעכער נאַטור.

ער האָט אויך געקענט ווייבער און געוווסט זיין פאַרפירערישן כוח, וואָס האָט זיי מיטגעריסן, פאַר זיי האָט געהאַט א רייץ זיין הפקרדיקע גרייטקייט צו פאַרבינדן זיך מיט יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אין זיך אַ טראָפּן שיכרות.

וואָס עס האָט צו אָלגאַן, האָט ער געוווסט, אַז לאַנג וואָלט ער באַדאַרפט קלאַפּן אין דער פאַרהעמערטקייט פון איר קאַפּריז־מיידלשן דרימל. ער האָט געוווסט, אַז דאָס אויסגעטרוימטע בילד פון אירע מיידלשע בענקשאַפטן איז ווייט נישט ענלעך צו אים. אַז נאָר אַ צופעליקער שטורם קאָן עפענען פאַר אים איר נאָענטקייט.

ער האָט אָבער געפילט, אַז אויף דעם וועג מיט איר וועט ער געפינען די פאַרוואַנדלונג, וועלכע זי האָט געגאַרט. און שוין דאָ, דעם הייַנטיקן אָוונט, זעט ער די סימנים פון דער אַנדערער וועלט, וואָס לאָקט אים שוין אַזוי לאַנג.

די גאַנצע קראַפט פון זיינע אייגנשאַפטן צו געווינען מענטשן, וואָס ער האָט אויסגעפרוווט דורך די בעטלער־יאָרן, האָט ער אָנגעווענדט אויף מאַטיען, מיט וועלכן ער איז איצט געגאַנגען איבער די טריבע, טונקעלע, ביינאַכטיקע געסלעך פון דער פאַר אים אַזוי סודותפולער און פרעמדער שטאָט.

די טריבקייט און די שטילקייט פון דער שפּעטער שעה האָט איבערגעריסן זייער געשפּרעך. איצט זענען זיי שווייגנדיק צוגעקומען צו מאַטיען אין הויז. מאַטיע האָט מיט אַ פּלוצלונגער אומרואיקייט, וואָס האָט זיך אין דער פינצטער איבערגעגעבן שמעונען, אויפגעשלאָסן די טיר און אין דעם מאָמענט, ווען מאַטיע האָט געעפנט די טיר, האָט שמעונען מיטאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אַ משונהדיקער געדאַנק צו פאַרשווינדן. דאָס איז געווען איינער פון שמעונס בליץ־אידעען, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיין וועזן, ווי עפּעס אַ טונקעלן צומיש אין זיין בלוט, וואָס האָט ביי פאַרשידענע אומשטענדן זיך אָנגערופן אין אים.

שמעון האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף אַ מינוט אין דעם פינצטערן פאָדער־הויז. ער האָט זיך פאַרהאַלטן און נאָך אַמאָל אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ צו דער גאַס, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינעמען אין זיך דאָס טריבע

בילד פון דער פרעמדער, בײנאַכטיקער גאַס, און מיט אַ לײַכטן גרױל, װאָס האָט זיך איבערגעגליטשט איבער זײַן רוקן, האָט ער לאַנגזאַם נאָך מאָטיען אַרײַנגעשפּאַנט אין צימער. זײַן מוח האָט גיך געאַרבעט. עס איז אים פּלוצ־לונג אײַנגעפאַלן, אַז אױך אָלגאַ האָט געקאָנט אױף דעם אופן פאַרשװינדן.

מאָטיע איז געװען ערנסט און שװײַגנדיק, ער האָט שמעונען אַרײַנ־געפירט אין אַ צימער, װאָס איז געװען דעם געשטאָרבענעם פאָטערס, דעם אַלטן שטעקעלמאַנס קאַבינעט. יעדעס מאָל, װען מאָטיע האָט אין אָװנט אַריבערגעטרעטן די שװעל פון דעם צימער, האָט ער זיך נישט געקאָנט באַפרײַען פון עפּעס אַ מיסטיש געפיל. ער האָט באַדאַרפט רופן צו הילף פיל דערהפון, װאָס ער האָט געװוסט, אױף צו פאַרטרײַבן די פײַנלעכע אומ־הײמלעכקײט, װי עפּעס נאָך אַ לעבעדיקער אָטעם װאָלט אַרומגעגאַנגען אין דעם צימער. אפשר איז דאָס געװען צוליב דעם, װאָס קײן זאַך אין דעם צימער איז נישט געענדערט געװאָרן נאָך דעם פאָטערס טױט. יעדעס װינקל איז פול געװען מיט דעם נאָענטן מענטש, װאָס האָט אַרײַנגעאָטעמט דאָ דעם אָטעם פון זײַן גאַנץ לעבן. עס האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז עס פילט זיך נאָך דער ריח פון זײַן ציגאַר, און דאָס הענטל פון זײַן פעדער האָט נאָך געהאַט די סימנים פון זײַנע פינגער. אַרום זענען געשטאַנען די עדות פון זײַנע גענג און זײַנע געװױנהײטן. עס זענען דאָ געלעגן זײַנע ביכער און זײַנע יידישע ספרים און די װײַבע, געבעטע פאָטערשטול איז געװען אין דער מיט, אײַנגעפרעסט פון זײַן געזעס. אױף דער טונקעלער װאַנט איז אױך געהאַנגען זײַן בילד אין אַן אַלטער, געשניצטער ראַם פון שװאַרצן האָלץ. און קוקנדיק אױפן בילד, האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָס איז מאָטיע, מיט אַ װײַסער, שמאָלער באָרד און אַ יידישן זײַדענעם קאַפּל אױפן קאָפּ.

װען שמעון האָט אַ קוק געטאָן אױפן בילד, איז פאַר אים אױפן אָרט קלאָר און פאַרשטענדלעך געװאָרן מאָטיע, מיט זײַן מילדן בליק און יענער אײדלקײט, װאָס מאַכט אױך אײדל און שטיל אַלע אַרום זיך.

— דאָס איז מײַן פאָטער... — האָט מאָטיע געזאָגט — דאָס איז געװען זײַן צימער... זײַן קאַבינעט...

— איך האָב מײַן פאָטער כמעט קײנמאָל נישט געקענט... — האָט שמעון געענטפערט און האָט זיך געכאַפּט, אַז ער זאָגט דאָס צום ערשטן מאָל, אַז ער האָט נאָך קײנמאָל נישט געהאַט װעמען דאָס צו זאָגן.

מאָטיע האָט פאַרהאַלטן זײַן בליק אױף שמעונען און בײדע האָבן גע־שװיגן. שמעון איז געשטאַנען אין דער מיט צימער און מאָטיע בײַם פענצ־

מער, קענען דער וואַנט, ווו ס'איז געהאָנגען דעם פאָטערס בילד. מיטאַמאָל האָט זיך מאָטיע אַ כאַפּ געטאָן, ער איז אַריין אין צווייטן, זייטיקן, טונ־קעלן צימער און פון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ הילצערנע שטול. ער האָט אַוועקגעשטעלט די שטול פאַר שמעונען:

— זיצט... זיצט...

און שמעון האָט מיט זיין דורכהדרינגלעכקייט דערפילט, אַז מאָטיע האָט ערשט איצט, אין דער מינוט, אָפּגעטריבן פון זיך עפּעס אַ פּיינלעכן געדאַנק, וואָס האָט אים געהאַלטן דעם גאַנצן וועג. שמעון האָט פאַרשטאַ־נען און עס איז געווען פאַר אים קלאָר, אַז דאָס האָט מאָטיע געקלערט וועגן אים, דעם פרעמדן מענטש, וועגן וועלכן ער האָט כמעט גאָרנישט געוווסט. אַ מענטש מיט אַ וואַנדער־זעקל.

— טוט אוים דעם מאַנטל... זעצט אייך...

שמעון האָט אויסגעטאָן די קורטקע. מאָטיע האָט זי אַ כאַפּ געטאָן, זי אַוועקגעטראָגן אין פאָדער־צימער אַריין. שמעון האָט זיך געזעצט.

ווען מאָטיע איז צוריקגעקומען, האָט ער שוין מיט זיין געוויינלעכער מילדקייט אין טאָן, זיך געווענדעט צו שמעונען:

— מיר וואָלטן באַדאַרפט אַ ביסל צו שמועסן... וועגן... וואָס צו טאָן ווייטער... אָבער איר זענט געווים מיד... איר האָט אַ געלעגער... איך וועל אייך ווייזן ווו דאָס איז... אויבן... דאָס שטיבל איז ביי אונדז געווען פאַר געסט... אָבער דאָרט איז וואַרעם... איר וועט זיך דאָרט קאָנען אויס־רוען...

שמעון האָט געפילט, אַז מאָטיע איז גרייט נאָך לאַנג מיט אים צו רעדן. און אויך ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג נישט אַוועקצוגיין פון דעם הויז און פון דעם מענטש, ווי אַ צופעליקער וואַנדערער, וועלכן מען האָט געגעבן אַ נאַכטלעגער אין אַ האַרבסטיקער נאַכט אין אַ זייטיק, איבעריק צימערל. ער האָט געוווסט, אַז זייער איבערגעריסענער שמועס אויף דער גאַס וועגן דעם, וואָס פאַר אַ פאַספאָרט און פאַפּירן שמעון האָט און צי ער איז נישט מאָביליזירט אין דער מלחמה, איז אפשר דאָס וויכטיקסטע אין דער קליינער, רוסישער שטאָט, ווו מען באַמערקט יעדן נייעם און פרעמדן מענטש, און אַרויסנעמענדיק פון דער אונטערשטער קעשענע אַ פעקל פאַפּירן, ווו עס איז אויך געווען געלט, האָט שמעון אַוועקגע־לייגט דאָס פעקל אויפן ברעג טיש און געזאָגט:

— איך האָב געוואָלט אייך ווייזן... דערווייל בין איך מיט מיינע דאָ־קומענטן אין אָרדענונג... איך געהער דערווייל נישט צום „זאַפּאַס“... עס

דאַרף נאָך געדויערן, ביז מען וועט רופן מיין קאַמעגאָריע... איך האָב אייך נאָך געוואָלט זאָגן...

שמעון האָט איבערגעריסן, עס האָבן אים פאַרפעלט די פּשוטע ווער־טער אויף צו געווינען דעם צוטרוי פון דעם מענטש, פון וועלכן עס איז געגאַנגען אַזאַ מילדע גאָענטקייט.

— דאָס איז גוט... — האָט מאָטיע פּשוט געזאָגט — דאָס איז גוט, וואָס איר זענט פריי פון מיליטער... אָבער...

אויך מאָטיע האָט, זעט אויס, נישט געפונען די ווערטער צו פרעגן דאָס, וואָס איז געווען נויטיק צו וויסן.

שמעון האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ פאַרלאַנג גאָרנישט צו פאַרהוילן פאַר דעם מענטש. און אים האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק פאַר אַלעם אים צו זאָגן, אַז ער האָט געלט. צוליב דעם האָט ער פון פעקל פאַפּירן אַרויסגענומען אַ פּאָר געלט־אַסיגנאַציעס. און מיט אַ לייכטקייט אין טאָן, ווי מען רעדט צו אַ גלייכן מענטש, אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב געלט... איך האָב דערווייל פון וואָס צו לעבן... איך דאַרף נישט...

מאָטיע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם געלט, זיינע איידל־אויסגעשני־טענע ליפּן אונטער די דינע, ווי זיידענע פעדעם פון זיינע וואָנסן האָבן זיך אַ דריי געטאָן אין אַ לייכטן שמייכל:

— דאָס איז אויך גוט... אָבער... געלט, ליבער פריינד... איז נישט אַליץ... מען דאַרף זיך שאַפן אַ לעבן... איך וויים נישט... צי איך האָב רעכט אייך אויסצופרעגן...

שמעון האָט געהאַלטן דאָס געלט אין דער האַנט, מאָטיע איז אויפ־געשטאַנען פון דעם פאַטערס ווייכער שטול, אויף וועלכער ער איז געזעסן, און האָט, אַריינלאָזנדיק זיינע שמאָלע, ווייסע פינגער אין זיינע טונקעלע, גלאַנציקע האָר, זיך געלאָזן גיין איבער דעם צימער.

— וואָס ווילט איר טאָן?... צי רעכנט איר דאָ צו בלייבן?... און דער עיקר... מיט וואָס קאָן איך אייך העלפן?...

— איר קאָנט מיר העלפן... — האָט שמעון געזאָגט.

מאָטיע האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיינע גרויסע, וואַרעמע אויגן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף שמעונען:

— מיט וואָס?...

שמעון איז אויפגעשטאַנען, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ בוך, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און מיט לויכטנדיקע אויגן אויסגערופן:

— מיט דעם...

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ שענקל מיט ביכער, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער זײַט וואַנט, און, אַרויפֿלייגנדיק די האַנט אויף די רוקנס פֿון די ביכער, נאָך אַמאָל, שטאַרקער איבערגעחזרט:

— מיט דעם...

מאָטיע האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זײַן אָרט און לאַנג נאָכגעדענקט. אויך שמעון האָט זיך געזעצט. ער איז איצט געזעסן מיט דער גאַנצער וואָג פֿון אַ באַרעכטיקטן מענטש, ווײַל ער האָט געפֿילט, אַז צווישן אים און מאָטיען איז אײַנגעפֿאַלן אַ וואַנט, אַז איצט געשעט עפּעס, אויף וואָס ער האָט געוואַרט לאַנג און היים. מאָטיע האָט גענומען דאָס בוך פֿונעם טיש, ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר פֿון זייער געשפּרעך, און האָט שטיל און וואַרעם אַ פֿרעג געטאָן:

— און... און אײַער פֿרוי?...

.20

עס איז שוין געווען נישט ווײַט צו טאָג, ווען מאָטיע האָט געפֿירט שמעונען צו דעם שטיבל, וווּ ער האָט באַדאַרפֿט געכטיקן. זיי זענען דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן קאָרידאָר, וווּ עס האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ שוואַכע ליכט פֿון דעם הויכן דאַך־פֿענצטער. אין דעם מוטנעם ליכט האָט שמעון אויפֿגענומען די ריחות פֿון דעם אַלטן קאָרידאָר, און עס איז בײַ אים געבליבן אַזאַ געפֿיל, ווי ער וואָלט געזען די נשמה פֿון דעם אַלטן הויז. דער קאָרידאָר איז געווען אָנגעפֿילט פֿון לעבעדיקע ריחות, וואָס האָבן ארויסגעשלאָגן פֿון זיי. פֿאַר אַלעם איז דער קאָרידאָר אויסגעלייגט געווען מיט האָלץ צום הייצן. דאָס האָלץ איז געלעגן אין סקערודעם אָנגעשניטענע קלאַפּטערן און געאָטעמט מיט אַן איידעלן ריח פֿון וואַלד און זשיוויצע. דאָ זענען אַרומגעגאַנגען ריחות פֿון אַ לאַנג און זאַט לעבן. די ריחות פֿון געזייערטע אוגערקעס און עפּל זענען געווען געמישט מיט נאָך ריחות פֿון יום־טובֿים, פֿון אַלטער ייִדישקייט און רחבֿות.

שמעון איז געגאַנגען ווי שיכור פֿון זיך אַליין, פֿון די געפֿילן, וואָס האָבן געבראַוזט אין אים. נאָך דער נאַכט, וואָס ער איז אָפּגעזעסן מיט מאָטיען, נאָך זייער לאַנגן שמועס. און שמעון האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז איצט וועט ער אויף זײַן וועג באַגעגענען בלויז גוטס, דאָס בעסטע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט איצט פֿאַר מאָטיען נישט געהאַט מער קיין סודות און ער

האָט געקאָנט פרײַ און אָפן קוקן אין מאַמיעס קלאָרע, מילדע, ברידערלעכע אויגן. די זעלבע לעבעדיקע ריחות פון אַן אַלטער, אויסגעוואַרעמטער, מענטשלעכער שטוב האָט שמעון אויך דערפילט אין דעם קליינעם דאָר־שטיבל, עטלעכע טרעפּלעך העכער פונעם קאָרידאָר, וווהין מאַמיע האָט אים אַרויפגעפירט. דאָס איז געווען אַ קליין שטיבל, וואָס האָט זיכער אין דעם געוועזענעם גרויסן הויז געדינט פאַר אורחים און צופעליקע געסט. דאָ איז געווען וואַרעם פון אַ גרויסן אויוון, וואָס איז געהייצט געוואָרן פון יענער זייט וואַנט. עס זענען געשטאַנען אַ הילצערן בעט און אַ טישל. אויף אַ באַנק איז געשטאַנען אַ שיסל וואַסער צום וואַשן זיך. און זעט אויס, צוליבן הײַנ־טיקן גאַסט, זענען אויפן טיש אין אַ טעלער, פאַרדעקט מיט אַ האַנטוכל, געווען אָנגעגרייט עטלעכע גרויסע שטיקער ברויט, אָנגעשמירט מיט פּוטער, באַלייגט מיט ווייסן קעז.

מאַמיע האָט אים שטיל אויסגעמישלט ווי אַזוי צו געפינען די טיר אין קיך אַרײַן, ווען ער וועט עפּעס באַדאַרפן. ער איז אַ מינוט געשטאַנען אין דעם האַלבן טונקל פון דער שטוב. ער איז געווען הויך און שמאָל און זײַנע לאַנגע, ווייסע פינגער האָבן כסדר געקעמט זײַנע האָר. מיטאַמאָל איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צו שמעונען, ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, פון געריריטקייט, אים שטיל געזאָגט:

— דאָס אַליין, וואָס איר האָט מיר דערציילט פון אײַער לעבן, איז פאַר מיר א מתנה... אין אָפן מענטשלעך הארץ איז דאָס טייערסטע פאַר אונדז... אַ סך גרויסע מענטשן, מיט וועלכע מיר שטאָלצירן, זענען געקומען פונעם סאַמע אָפּגרונט... אַזעלכע מענטשן זענען פאַר אונדז אַ גרויסע טרייסט... דער שענסטער מוסטער איז אונדזער מאַקסים גאָרקי... אפשר זענט איר אויך איינער פון די, וואָס וועט דערציילן דער וועלט דעם אמת...

און ער איז גיך אַראָפּגעגאַנגען צו זיך אין צימער.

שמעון איז געבליבן פאַרהערט אין איין קלאַנג, וואָס איז געבליבן הענ־גען אין דער לופט, דאָס איז געווען דער קלאַנג „גאָרקי". „אפשר זענט איר איינער פון די"... אַזוי האָט מאַמיע געזאָגט וועגן אים און אים פאַרגליכן מיט גאָרקי... אים איז איצט עפּעס קלאָר געוואָרן, אפשר טראָגט ער אין זיך אַ בוך, אַך, וויפל ער וואָלט געקאָנט דערציילן, און צענדליקער ביל־דער פון זײַן לעבן, אויסטערלישע באַגעגענישן, מענטשן און געשעענישן האָבן אָנגעהויבן לויפן פאַר זײַן זינען.

גלייך דערנאָך האָט אַ בלאַסע גרויקייט זיך אַרײַנגעריסן דורכן פענצ־טער. עס האָט געגומען טאָגן. שמעון איז נאָך לאַנג געזעסן אויפן בעט און

געקלערט. ער האָט פאַרלאָשן דאָס קליינע לעמפּל, וואָס האָט זיך געשאָ־
פערט מיט דעם גרויען ליכט פונעם פאַרטאָג, וואָס איז כסדר געוואָרן אַלץ
העלער. ער האָט א בליק געטאָן דורכן פענצטער און דערזען אינעם געפּל
איינגעהילט די פאַרדרימלטע וועלט, קליינע, פייכטע, שלאָפנדיקע הייזער
און פייכטע, אומעטיקע רעכער. אָבער שמעון האָט געוווסט, אַז אין די
דרימלענדיקע הייזער לעבן מענטשן און דאָס איז געווען גענוג, אַז זיין האַרץ
זאָל קלאַפּן פון אַ זיסן נייגער.

ער איז אַראָפּ פונעם בעט און, געפינענדיק ביי דער טיר אַ ריגל, האָט
ער פאַרריגלט די טיר. אים האָט אַרומגענומען אַ לאַנג נישט געפילטע
פרייד דערפון, וואָס ער איז אַליין אין די פיר ווענט, אַליין מיט זיין לעבן,
מיט זיין כוח, וואָס ער פילט אין זיך. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט אין דער־
וואַרטונג פון נייע אַנטפּלעקונגען אויף דעם וועג. ער האָט איצט געהאַט דעם
פאַרלאַנג צונויפצונעמען אַלץ, וואָס ער טראָגט אין זיין ווען, און עס אי־
בערציילן, ווי מען ציילט אַ פאַרמעגן. דאָ, אין דעם פאַרמאַכטן צימער, אין
דער שעה, אין דער פרעמדער שטאָט, וווּ קיינער קאָן אים גאָרנישט צונע־
מען. אים איז געוואָרן גוט און רואיק. ער האָט מיד פאַרמאַכט די אויגן,
פול מיט דערוואַרטונג אויף דעם נייעם טאָג.

מאָטיע ווייסט שוין פון אַלץ. קיין שום פלעקן זענען מער נישטאָ אויף
זייער פריינדשאַפט. נישט וייט פון אים, אין גוטע הענט, געפינט זיך אָלגאַ,
וואָס וואַקסט ווי אַ פרוכט פאַר אים. ער ווייס אַלץ טאָן צו געווינען איר צו־
טרוי, איר יונג און ווילד האַרץ, איר ערשטע דערוואַכטע ליבע.

ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער, זיך אויסגעצויגן אויפן
בעט, און די מידקייט האָט געשטראָמט דורך זיינע גלידער. ווען אָלגאַ זאָל
נאָך דאָ זיין, נעבן אים, ער זאָל פילן די קילקייט און גלאַטקייט פון אירע
האָר. צי האָט זי אַלץ געזאָגט פאַניען אַזוי, ווי ער האָט אַלץ געזאָגט
מאָטיען?...

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געפונען עפּעס אַן אוצר און ער
קאָן זיך באַנוצן מיט דעם פאַרמעגן ווען ער וויל. דאָס איז געווען זיין
ערשטע פרייד מיט דעם אמת, די פרייד, וואָס ער האָט געפינען ווענען
דעם אמת אָנצוטרויען.

שוין לאַנג האָט ער געגאַרט מענטשן. דאָס איז געווען זיין וועג, זיין
דערהאָלג, זיין ברויט. מאָטיע האָט ווי אַראָפּגענומען פון אים די פרעמדע
הויט און ער האָט דערפילט, אַז ער געהער צו זיך און צו זיין גורל. ער
האָט מער נישט מורא געהאַט פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג, נאָכדעם ווי די

נאכט האט אים פארבונדן מיט מאטיען אין א גרויסער נאנטקייט. ער האט זיך איבערגעגעבן אין זיינע ווייסע הענט. ווען מאטיע האט אים געפרעגט וועגן אלגאן, האט ער אפילו קיין קלער נישט געטאן און געענטפערט:

—ניין... דאס איז נישט מיין פרוי... דאס איז א פרעמדע...

און ער האט אים דערציילט פון זיין לעבן, פון אלעם, פון אלע יארן.

שמעונען האט זיך געוואלט, אז נאך לאנג זאל דויערן די נאכט. אבער דאס בלייבע, גרויע ליכט האט זיך געריסן אין פענצטער אריין. ער האט זיך איינגעגראבן טיפער אינעם בעטגעוואנט, פילנדיק ווי א ווארעמער שטראם פארגיסט זיין מוח און דער שלאף לייגט זיך אויף אים שווער. מיטאמאל האבן זיך דערטראגן קלאנגען, ווי עפעס שווערס,מגושמדיקס וואלט זיך לאנגזאם דערנעענטערט. אזעלכע קלאנגען האט שמעון שוין ווו געהערט, ווי עפעס א פיינלעכער גאנג פון א סך טריט. דאס איז געווען ענלעך צו דעם משונהדיקן קלימפערן אויף דעם לובלינער שאסיי אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה.

עפעס א גרויסער אומרו און געשפאנטקייט האבן זיך אנגעטראגן פון די קלאנגען. שמעון האט געוואלט זיך ארויסרייסן פון דעם פיינלעכן רעש, אבער זיינע פיס האבן זיך נישט געקאנט באוועגן.

עס איז געווען עפעס א גרויסע טונקעלע שטוב, ווי א קאמער. שמעון האט געזוכט א טיר און נישט געפונען. ער האט געדענקט, אז מאטיע האט אים געוויזן דעם וועג צו דער קיך־טיר ארויסצוגיין פון עטלעכע טרעפלעך. אבער ער האט נישט געקאנט געפינען דעם וועג. עס איז אלץ טונקעלער און שווערער געווארן און מיטאמאל האט ער דערהערט א שטיל געוויין. דאס געוויין איז געגאנגען פון א טיפן, פינצטערן ווינקל. און פלוצלונג האט ער דערזען זיינע צוויי קינדער. דאס איז געווען זייער געוויין. זיי האבן געקלאפט און געשטרעקט צו אים זייערע הענטלעך, אבער ער איז געווען געליימט און האט נישט געקאנט צוגיין צו זיי. די קינדער האבן זיך געצויגן צו אים, אבער עמעצער האט זיי געהאלטן און געשלעפט צו זיך. מיטאמאל האט זיך באוויזן מאטיע. ער האט געכאפט ביידע קינדער אויף די הענט און איז פארשוואונדן. דעמלט האט שמעון דערזען, אז ארום ברענט, א שטיל, גליענדיק פייער קריכט פונעם סופיט, סיקעט און פילט אן מיט רויך דאס גאנצע שטיבל.

מיטאַמאָל איז אַלץ פאַרשוואונדן און פון אַ טיפן ווינקל האָט זיך באַוויזן אָלגאַ. זי איז געווען נאַקעט און ווי איינגעהילט אין בלוילעכן נעפל. זי האָט לאַנגזאַם געשוועבט, און איר קוועלנדיק לייב האָט זיך אַרויסגעריסן אין אַ טאַנץ, ווי זי וואָלט געווען געטראָגן פון אַ ווינט. זי האָט מיט אַ נאַקעטער האַנט געשפּילט אויף דער גיטאַרע און די קלאַנגען זענען ענלעך געווען צו דעם רעש פון דעם לובלינער שאָסיי. זי האָט טאַנצנדיק עמעצן גערופן פון דעם טיפן, פינצטערן ווינקל. און אָט האָט זיך באַוויזן אַ יונגער, רוסישער אָפיציר. ער איז געווען יונג און שיין... „אָט דאָס איז קאָליאַ... מיין קאָליאַ“... — האָט אָלגאַ געשריגן און זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיינע פיס.

פון דעם אָפיציר איז מיטאַמאָל געוואָרן מאָטיע. ער האָט אַרומגענומען אָלגאַן, זי צוגעדריקט צו זיך און לאַנגזאַם גענומען מיט איר טאַנצן.

— „מאָטיע“ — האָט שמעון געשריגן, אָבער דאָס געשריי איז נישט אַרויס פון זיין קעל.

*     *
*

מאָטיע איז געשטאַנען איבער שמעונען, ער האָט אים געדריקט פאַרן אָרעם.

שמעון האָט זיך ווילד אַרומגעקוקט. דאָס שטיבל איז געווען פול פון טאָג־ליכט. מאָטיע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרויען שלאָף־ראָק, מיט אַ האַנטוך אויפן האַלדז.

— כ’האָב אייך אויפגעוועקט... פריינד... איר ווילט נאָך שלאָפן... כ’האָב געוואָלט מיט אייך טרונקען טיי...

שמעון האָט ווילד געקוקט אויף אים. ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסרייסן פונעם חלום. ער האָט זיך אויפגעזעצט און מיט אַ צעמישטן בליק געקוקט אויף מאָטיען.

— עס האָט זיך אייך עפּעס געחלומט... — האָט מאָטיע מילד געזאָגט און שמעונען האָט זיך געדאַכט, אַז מאָטיע ווייסט עפּעס, אַז ער ווייסט אַלץ און מען קאָן פון אים גאָרנישט באַהאַלטן.

—חלומות קומען, ווען עס איז דאָ אַן איבערלאָדונג פון פּסיכישער ענערגיע... אַזוי ווי אַ קורצשלוס... ביי אַ שלעכטער פאַראייניקונג פון עלעקטרישע דראָטן... ווען אַ מענטש אַרבעט ריכטיק.. לאָדט אויס זיין כוח ביי וויכטיקע אַרבעט... זענען נישטאָ קיין חלומות...

— איך האָב געהאַט אַ שווערן חלום — האָט שמעון געזאָגט.

— דער עיקר איז... די וואַר... — האָט מאָטיע אַ שמייכל געטאָן — דערפאַר וועט די וואַר זיין אַ גוטע... איר וועט געפינען אַרבעט, איר וועט לערנען... לייענען... רוען... און ביינאַכט וועלן אייך קיין חלומות נישט מאַטערן...

— איך קום שוין אַראָפּ... — האָט שמעון געזאָגט. ער האָט זיך צוליב עפּעס נישט געוואָלט אָנטאָן אין מאָטיעס קעגנוואַרט. און ווי נאָר מאָטיע איז אַראָפּ פון די טרעפּלעך, איז שמעון אַראָפּ פונעם בעט.

דער טאָג איז היינט געווען אַ העלערער, דער רעגן האָט אויפגעהערט. עס האָט זיך אויסגעלייטערט, און איבער די פייכטע דעכער האָבן זיך געזען דורכן פענצטער בלייכע, נעפּלדיקע, בלאָנדזשענדיקע שטראַלן פון דער פאַרהוילענער, האַרבסטיקער זון.

## .21

אָלגאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי נאָך דער ערשטער, אויסגעשלאָפענער נאַכט אויף אַ ווייך און וואַרעם געלעגער.

זי האָט געעפנט די אויגן און נישט געוווסט ווו זי געפינט זיך, כאָטש זי האָט ביז שפּעט אין דער נאַכט נאָך געהערט פאַניעס שטים. זי האָט געהערט ווערטער, וואָס זענען איר ווינציק באַקאַנט געווען. פאַניע האָט זי גערופן: „אָלעטשקאַ“ און „טייערינקע“. אָבער די איינגעבוירענע נישט־צוטרוילעכקייט צו פרעמדע מענטשן האָט אַלץ געוואַכט אין אָלגאַן. איר האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז אַלץ, וואָס טוט זיך מיט איר, איז עפּעס איינע פון די „קונצן“, וואָס שמעון דער „פּראָפעסאָר“ מאַכט. ווייל זי האָט אין שמועגען פון אָנהייב אָן געזען עפּעס אַ קונצנמאַכער, וואָס קאָן אַלץ באַשאַפן, דאָס וואָס האָט זי אַמיינסטן געלאָקט צו גיין מיט אים.

איצט, ווען אַ נעפּלדיקער שטראַל פון דער האַרבסט־זון האָט אויפגעצאַפּלט אויף דער ראָזער וואַנט פון פאַניעס צימער און אַ שפּיל געטאָן אויף די זויבערע זאַכן פון דער שטוב, ווען זי האָט דערפילט, אַז זי איז אָפּגעוואַשן און אָנגעטון אין פאַניעס אַ ריין העמד, האָט זי זיך אין אַלעם דערמאָנט: אין פאַניען, אין דעם אָוונט און אין די אַלע שמייכלענדיקע גוטע מענטשן, וואָס זי האָט נעכטן געפונען. דאָס ערשטע האָט זי אַ זוך געטאָן מיט די אויגן איר גיטאַרע. און אָט האָט זי געפונען די גיטאַרע. זי איז געהאָנגען אויף אַ בלוי־זיידענעם שנור, פונקט קעגנאיבער איר. קוקנדיק

אויף דעם זײַדענעם שנור בײַ דער גיטאַרע, װעלכע פֿאַניע האָט אָנגעבונדן מיט אַזאַ שײנעם שלײף בײַ דעם גריף, האָט זיך אָלגאַן מיטאַמאָל געדאַכט, אַז אַ קינדערישער מלאך פֿון גליק האָט דורכגעפֿלאַטערט פֿאַרבײַ דער שטוב.

זי האָט דערזען פֿאַניען, װאָס האָט זיך דערנעענטערט צו איר אַ שמײכלדיקע, אָנגעטאָן אין אַ ראָזן מאָרגן־ראָק, האָט זי געטראָגן אַ טעצעלע מיט קיכלעך און אַ גלאָז מילך.

אָלגאַ האָט גיך פֿאַרמאַכט די אױגן, אױס מורא, אַז דאָס אַלץ זאָל נישט פֿאַרשװינדן, װי אין אַ חלום. מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ און מיט אַ געפֿיל, אַז זי האָט זיך מיט עפּעס פֿאַרשולדיקט, האָט זי דערהערט פֿאַניעס װאַרעמע שטים:

— אָלעטשקע... גוט מאָרגן... װי איז זיך דיר געשלאָפֿן...

אָלגאַ האָט געקוקט אויף איר מיט שרעק. קײנער האָט זיך נאָך קײנמאָל נישט געפֿרעגט, צי זי איז גוט געשלאָפֿן.

און זי האָט זיך מיטאַמאָל אויפֿגעזעצט.

— טרינק, אָלעטשקע... אַ ביסל מילך... אַ קיכעלע... ביסט דאָך גאָר אַ קינד... — האָט פֿאַניע געשמײכלט.

אַ שטראַל פֿון דער זון האָט זיך אַ װיקל געטאָן און זיך געזעצט אויף דעם ראַנד פֿון גלאָז מילך און אָלגאַ האָט דערפֿילט אַ מאָדנעם יום־טובֿדיקן ריח פֿון דער מילך מיט דעם געבעקס. דער ריח האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם גאָלדיקן ליכט — מיט דער װײַכקײט פֿון דעם בעטגעװאַנט. אָלגאַ האָט זיך װי פֿאַרשעמט. זי האָט זיך דערמאָנט אין די פֿרימאָרגנס אין דער הײם, אין אָדעס אויף דער „מאָלדאַװאַנקאַ“. די אינדערפֿריען נאָך די שיכורע נעכט פֿון דעם באַטקאָס „שאַרמאַנשטשיקעס“, װען זי האָט געמוזט דערלאַנגען די ברידער די געפּוצטע שטיװל אויף זײערע צעדרײטע געלעגערס. זי האָט זיך דערמאָנט אין דער אָרעמער גאַס מיט די בײזע שכנים און די נידעריקע, שיכורע, דראָענדיקע שטים פֿון פֿאָטער.

דאָרט איז אָלגאַ געװען אין איר אײגענער װעלט און זי האָט אַלץ געװוּסט. דאָ װײסט זי נישט, צי זי זאָל אויסציִען איר האַנט צו דער שמעקנדיקער מילך און װאָס זי האָרף זאָגן דער פֿרעמדער און — אַזוי נאָענטער פֿאַניען.

איר האָט זיך געדאַכט, אַז אויך די גיטאַרע, אַ באַצירטע מיט דעם הימלבלויען באַנד, איז געװאָרן אַ קינד און האָט זיך אָנגעטרונקען מיט דער שמעקנדיקער מילך.

פון דעם אַלעם האָט אָלגאַ דערפילט אַ פאַרלאַנג זיך אויפצוהייבן פונעם געלעגער, צו שטיין אויף אירע שטאַרקע פיס, ווי זי וואָלט געוואָלט זיין גרייט ערגעץ צו גיין.

זי האָט זיך איצט דערמאָנט אַלץ, וואָס זי האָט ביינאַכט דערציילט פאַניען. וועגן איר היים, וועגן שמעונען, וועגן איר אַנטלויפן פון וואַרשע מיט אים, ווי מיד זי איז געווען ווען זי איז איינגעשלאָפן און ווי פאַניע האָט געקוקט אויף איר מיט אַזעלכע גרויסע, פאַרוווּנדערטע, ווי דערשראָקענע אויגן.

איצט האָט זי געהאַט אַ געפיל, אַז זי דאַרף איר שוין מיט עפּעס אָפּדינען, אָדער באַלד אַוועקגיין פונדאַנען. איר איז געוואָרן אומעטיק און שווער.

פאַניע האָט געקוקט אויף איר מיט אַ שמייכל:

— נו, אָלעטשקאַ... טרינק די מילך... זיי נישט אומעטיק... קוק נישט אַזוי...

— איך וויל אויפשטיין... — האָט אָלגאַ געזאָגט. — באַמיט זיך נישט... איך בין נישט אַזאַ „באַריניאַ“... מען זאָל מיר אין בעט אריין דערלאַנגען...

און זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— ביי אונדז זענען זענען נישטאָ קיין „באַריניעס“... אָלעטשקאַ... ביי אונדז זענען דאָך דאָ גוטע פריינד... חברים... און איינער העלפט דעם אַנדערן... ווען דו וועסט דיך איינאָרדענען... „אוסטראָיען“... וועסטו העלפן אַז אַנדערן אין אַ נויט... דו ביסט יונג... ביסט אַ שיינע און שטאַרקע... און אפשר האָסטו טאַלאַנט... וועסט זיין אַן ארטיסטקע... מענטשן וועלן דיך ליב האָבן... וועסט זיי דערפרייען מיט דיין געזאַנג... מיט דיין שפילן... האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז דו וועסט מיר עפּעס זינגען און שפּילן אויף דער גיטאַרע... זעסט... אָלעטשקאַ... כ'האָב דיין גיטאַרע אָנגעטאָן אַ באַנד...

אָלגאַ האָט ווילד אַ לאַך געטאָן. זי האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר ליכטיקע, קוועלנדיקע אויגן אויף פאַניען. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און איידער זי האָט געוווּסט וואָס, האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן, ווי עמעצער וואָלט דאָס געזאָגט פאַר איר:

— „דאָראָגאַיאַ“... טייערע...

פאַניע האָט לאַנג אויף איר געקוקט. אָלגאַס וואָרט האָט ביי איר אַרויסגערופן עפּעס אַ מאָדנעם ציטער פון אומדערוואַרטקייט. פאַניע האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אַ פאַל צו טאָן אויף איר און צודריקן איר קאָפּ צו זיך

זי האָט זיך אָבער ווי אין עפּעס דערמאָנט און האָט נאָך אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף אָלגאַס קאָפּ. זי האָט געפילט די יונגע, פרישע גלאַטקייט פון אירע האָר. פּאַניע האָט אַראָפּגעשלונגען אַ וואַרעמע כוואַליע פון גערירטקייט און געזאָגט מיט אַ שפּילנדיקער שטרענגקייט:

נו, אויב אַזוי... הויב זיך אויף... מאַרש... מיר וועלן ביידע צוזאַמען אויפראַמען די שטוב... דערנאָך וועסטו מיר עפּעס זינגען... נאָכמיטאָג וועלן מיר גיין זען דיין פריינד...

אין איין מינוט איז אָלגאַ אַראָפּ פונעם געלעגער. זי איז שטיין געבליבן באָרוועס, ווי אַ ריזיק, פאַרבלאָנדזשעט קינד. פּאַניע האָט געזען, אַז אָלגאַ געפינט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט, אַז זי קוקט זיך אַרום, נישט געפינענדיק קיין אופן ווי אַזוי צו האַנדלען, מיטאַמאָל אָבער האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, וווּ זי האָט נעכטן אין אָוונט אַוועקגעשטעלט איר האַנטקוישל מיט אירע זאַכן. זי האָט עס נישט געפונען. דערנאָך האָט זי געזוכט איר קליידל, וואָס זי האָט ביינאַכט אויסגעטאָן און נישט געפינענדיק עס, האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן.

— מיין קליידל...

דעמלט האָט פּאַניע זיך צעלאַכט. איר פּנים האָט געשטראַלט פון פרייליכן געלעכטער:

— אָלעטשקאַ... דיינע זאַכן זענען נישטאָ... מען האָט זיי צוגעגנבעט... — און זי האָט מיט קינדערישער פרייד זי אָנגעהויבן באַוואָרפן מיט זאַכן. —

— טו אָן, אָלעטשקאַ... דיינע זאַכן זענען שוין נישט גוט פאַר דיר... זיי זענען אָפּגעטראָגן... מעסט אָן די...

נאָך עטלעכע מינוט איז אָלגאַ געווען אָנגעטאָן אין אַ נײַ קליידל, מיט נײַע זאָקן, נאָר די שיך האָבן פאַר איר נישט געפּאַסט און זי איז געבליבן אין אירע הויכע, געקנעפּלטע שטיוועלעך.

אָלגאַ איז געשטאַנען פאַר שפּיגל. דאָס קליידל איז געווען פאַר איר פונקט ווי געמאָסטן און די טונקל-גרינע קאָליר האָט אויפגעשפּילט ביי איר העל פּנים און טונקעלע האָר. די זאָקן זענען געווען אָפּגעצויגן אויף אירע שלאַנקע פיס. אָלגאַ האָט זיך אַליין נישט דערקענט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט:

— איז אייך נישט קיין שאָד?...

— ניין... טייערע... איך בין זייער גליקלעך...

דערמלט האָט אָלגאַ אַ כאַפּ געטאָן פֿון דער וואַנט די גיטאַרע, זיך אַוועקגעזעצט און אַ קלאַפּ געטאָן אַ ברייטן אַקאָרד. זי האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ און צום ערשטן מאָל האָט פֿאַניע דערהערט איר טונקעלע שטים, פֿול פֿון געדעמפּטן מעטאַל, וואָס איז באַלד צוגעדרונגען צום האַרץ.

אָלגאַס גרויסע, קינדערישע הענט האָבן געבלאָנדזשעט איבער די סטרונעס און זי האָט לאַנגזאַם און שטיל, מיט עפּעס מאָדנע רוסישע ווערטער, וואָס זענען געמישט געווען מיט נאָך עפּעס אַ לשון, געזונגען אַן אַלט ליד, וואָס פֿאַניע האָט געהערט נאָך אין די קינדער־יאָרן.

פֿאַניע האָט אויף קלאָר נישט פֿאַרשטאַנען די ווערטער פֿונעם ליד, אָבער די שטוב איז מיטאַמאָל פֿול געוואָרן פֿון עפּעס אַ געמיט, וואָס האָט געהאַלטן געשפּאַנט דאָס האַרץ מיט אַ זיסער קוועל און עס האָט זיך געוואָלט, אַז דאָס געמיט זאָל דויערן אַלץ לענגער.

— גוט... — האָט פֿאַניע געזאָגט. — גוט... דו ביסט אַן אמתע ציגיינערין... אָלעטשקאַ... דו ביסט פֿול מיט האַרץ...

— איך נישט קיין ציגאַנקאַ... — האָט אָלגאַ געענטפֿערט מיט דערשראָקענע אויגן — איך... אַ רוסישע... אַ יידישע...

זי האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די האָר און מיטאַמאָל אַ לויף געטאָן מיט די פֿינגער איבער די סטרונעס פֿון דער גיטאַרע. די טענער האָבן ווי געקאָכט און געזאָטן אויף די סטרונעס. עס איז נאָך געווען גאַנץ פֿרי. פֿאַניע האָט נאָך באַדאַרפֿט אַראָפּגיין אין גאַס אייַנקויפֿן צו מיטאָג. זי האָט באַשטימט דעם הייַנטיקן ערשטן טאָג אוועקצוגעבן אָלגאַן.

זי האָט זיך לאַנג געאַמפּערט מיט דער דעה, צי זי זאָל איבערלאָזן דאָס פֿרעמדע, ציגייַנערישע מיידל אַליין אין איר צימער. זי האָט נישט געהאַט קיין צווייפֿל, אַז אָלגאַ איז נישט פֿעיק אויף קיין שלעכטס, כאָטש דאָס וואָס זי האָט געוווּסט פֿון איר לעבן און איר היים, איז שווער און פֿרעמד געווען פֿאַר פֿאַניען, אָבער פֿאַניע האָט קיינמאָל — קיינעם אין איר צימער נישט איבערגעלאָזן. זי האָט געהאַט צענדליקער זאַכן אין איר ווינקל, וואָס זי וואָלט נישט געוואָלט עמעצנס אויג זאָל זיי זען. דער עיקר מאָטיעס בריוו און אירע אייגענע זאַכן, וואָס זענען געווען עדות צווישן איר און איר מאָטיען... צום סוף האָט זי געזאָגט:

— נו, אָלעטשקאַ... מיר מוזן זיין באַלעבאָסטעס... מיר וועלן אַראָפּגיין עפּעס קויפֿן צום מיטאָג... וועסט דערווייל אָנקוקן אונדזער מאַרק... מאָמער וועסטו דאָ זיין פֿאַר זיך אַ באַלעבאָסטע... זי האָט איר אָנגעטאָן

אַ קאָלירט טיכל אויפֿן קאָפּ. דאָס טיכל האָט אַלגאַן זייער געפּאַסט און זיי זענען ביידע אַראָפּ אין גאַס.

מיט אַ גאַס, באַרג־אַראָפּ, זענען זיי צוגעקומען צו אַ רווישנדיקן פּלאַץ, ווו עס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביידלעך. אויף דער ערד זענען גע־זעסן אוקראַיִנישע פּויערטעס אויף אויסגעלייגטע זעק מיט גרינס און מיל־כיקס. ביי די יאַטקעס האָבן אַרויסגעהאַנגען רויטע שטיקער פֿלייש. יידן און ווייבער האָבן גערוישט און געשריגן. אומעטום, ווו פֿאַניע איז צוגע־גאַנגען, איז געוואָרן שטיל, און יעדער פֿון די צעשריגענע מענטשן האָט פֿאַניען באַגעגנט מיט שמייכל.

אַלגאַ איז געגאַנגען נאָך איר. זי האָט געפֿילט אויף זיך די בליקן פֿון די מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויף איר ווילד און פֿרעמד.

די זון האָט שוין איצט געשײַנט. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ ליכ־טיקער, און אַלגאַ האָט נאָך אַלץ געפֿילט די יום־טובדיקייט, וואָס האָט גע־רוט אין איר האַרץ.

## .22

עס זענען געלאָפֿן די קורצע ווינטער־טעג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַ חודש נאָך אַ חודש. פֿאַר שמעונען איז שוין איצט די שטאָט נישט געווען קיין פֿרעמדע. מיט יעדן טאָג האָט זיך פֿון איר אָפּגעטאָן דער שלייער פֿון פֿאַרהוילנקייט דאָס וואָס האָט פֿאַר אים אין אָנהייב אויסגעזען צופֿעליק און כאַאָטיש, האָט שוין אָנגענומען אַן אײַנגעשטעלטע אָרדענונג פֿון אַ מענטשלעכער געסט מיט טאָג־טעגלעכע אינטערעסן און אַמפּערנישן.

עס זענען פֿאַר אים אויסגעלאָשן געוואָרן אַ סך קאָלירן, וואָס האָבן אין אָנהייב פֿאַר אים געשפּילט און אים געלאָקט. איצט האָט שוין די איי־ביקע צייט געלייגט די טעג אַזוי ווי ציגל. און יעדער אָוועקגעגאַנגענער טאָג האָט אַלץ מער פֿאַרגעווייגלעכט דאָס לעבן.

שמעון האָט שוין געהאַט אַ סך נייע מענטשן אַרום זיך. ער האָט גיך די מענטשן אויף זיין שטייגער דערקענט. ער האָט געוווסט וואָס יעדער פֿון זיי קאָן פֿאַר אים זיין, אַזוי ווי מען זיצט אויף אַ טעאַטער־שטיק, וואָס מען קען פֿון פֿריער, און מען ווייסט אַלץ, וואָס עס וועט ווייטער קומען.

דאָך האָט זיך אַזויפֿיל אָפּגעטאָן און געענדערט פֿאַר דער צייט. ער האָט געהאַט אַרום זיך מענטשן, און יעדער פֿון די מענטשן האָט באַדאַרפֿט

זיין אַ שטאַפּל, וואָס זאָל אים זיך העלפן אויפהויבן פון דעם אָפּגרונט, פון וועלכן ער איז אַרויס.

ער האָט געוואונען די פריינדשאַפט פון מאָטיען, וואָס האָט כסדר פאַר אים געזאָרגט און האָט באַלד, אין די ערשטע טעג, נישט געקוקט אויף די פיל געשפּרעכן דורך די אָוונטן, וואָס זענען פאַר שמעונען געווען אַ קוואַל פון נייע באַגריפן, גענומען זוכן פאַר אים אַרבעט. שמעון האָט געפילט, אַז מאָטיע האָט אין דעם באַשעפטיקן שמעונען געזען אייגע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען. און נישט וועלנדיק אָנווערן מאָטיעס צוטרויען, האָט ער אונטערגעהאַלטן זיין מיינונג. כאָטש ער האָט אין דעם ערשטן אָוונט געוויזן, אַז ער האָט נאָך געלט, האָט מאָטיע ווי נישט געוואָלט וויסן דערפון. ער האָט מער נישט דערמאָנט וועגן דעם און האָט אויך מער מיט שמעונען נישט גערעדט וועגן אַלגאַן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אים מאָטיע מיט גרויס צופרידנקייט אָנגעזאָגט, אַז ער האָט באַקומען פאַר אים אַרבעט, פון וועלכער ער וועט קאָנען לעבן און אין די אָוונטן וועט אים גאָרנישט שטערן צו לייענען און זיך לערנען.

צו דער אַרבעט האָט אים מאָטיע אַליין אַוועקגעפירט. דאָס איז געווען ביי מאָטיעס אַ קרוב, וואָס האָט באַקומען אַ „פּאָדריאַד" פון זעלנערישע פּעלצלעך פאַר דעם מיליטער. דער באַלעבאָס האָט געהייסן ר' אבא, אַ הויכער, איידעלער ייד, וואָס האָט קוים מיט זיינע דינע איידעלע הענט זיך צוגערירט צו די גראָבע, רויע, סאָלדאַטישע פּעלצלעך. די פּעלצלעך זענען באַשטאַנען פון אַ שטיק האַלב־רויע, שאָפּענע פעל, באַדעקט מיט גרינעם, האַריקן, זעלנערישן שינעלן־קאָרט. די פּעלצלעך האָבן געהאַט אַ שווערן ריח פון רויע פעל און האָבן געהאַט אין זיך די אָרעמקייט און משונהדיקן שניט פון תכריכים פאַר טויטע. די פּעלצלעך האָט מען געאַרבעט אין די טויזנטער. און צו דער אַרבעט האָט זיך גענומען אַ האַלבע שטאָט, ווייבער, מענער, און יונגט. די אַרבעט איז געווען און אייליקע און בהלהדיקע. מען האָט גערעדט, אַז ר' אבא ווערט רייך פון דעם „פּאָדריאַד" אין אַ האַלבע שטאָט ברודימשעווו, איידעלע יידן, יוחדים, וואָס האָבן זיך יאָרן אַרומגעדרייט און געזוכט פרנסה, האָבן צוגעלייגט זייערע אויסגעאיידלטע הענט צו די רויע גראָבע שטיקער פעל.

מען האָט געאַרבעט אין אַ לאַנגער קאַלטער הילצערנער שאָפּע, יידן מיט בערד האָבן געשניטן מיט בלאַנקענדיקע מעסערס, עטלעכע מאַשינען האָבן גערוישט, ביי די מאַשינען זענען געזעסן בלייכע ווייבער, נייטאָרינס,

אלמנות, מיידלעך. אַ שווערער, שטיק־דיקער ריח פון די פעל האָט געדיכט געמאַכט די לופט, און ר׳ אבא מיט אַ גאַנצן שטאַט משפּחה האָבן אָנגע־פירט מיט דער אַרבעט, געיאָגט און געהיט.

שמעונס אַרבעט איז באַשטאַנען אין פּאַקן די גרויסע זעק און קאַסטנס און פירן צו דער באַן.

די אַרבעט האָט ביי אים צוגענומען דעם גאַנצן טאָג ביז אין שפּעטן אָוונט. ווען ער איז אַ מידער געקומען אויף דער לעקציע פון דער רוסישער שפּראַך, וואָס מאָטיע האָט אים געגעבן, זענען זיינע אויגן צוגעפאַלן פון מידקייט . עס האָט אויך אויסגעזען, אַז מאָטיען איז נישט לייכט אָנגעקו־מען פאַר אים די אַרבעט צו שאַפן, ווייל ווי שמעון האָט געהערט, האָבן זיך צו דער אַרבעט געריסן אַ סך יונגעלייט פון די באַלעבאַטישע שטובן, דען די אַרבעט פאַר דער אַרמיי האָט צייטווייליק באַפרייט פון מיליטער־דינסט. דערפאַר האָט ר׳ אבא ווייניק געצאָלט און שמעון, ווי אַ פרעמדער, האָט באַדאַרפט שווערער און מער אַרבעטן. שמעון האָט געוווסט, אַ באַ־קלאָגן זיך פאַר מאָטיען אויף דער אַרבעט וואָלט אריינגעבראַכט צווישן זיי אַ שאָטן, ווייל מאָטיע האָט, ווי יעדער איינציגער אויף דער וועלט, ממש אַן אייגענעם זיין שניט צו יענער צייט געוואָלט זען אין יעדן פאָלקס־מענטש די צוויי בעסטע שות־פים: אַרבעט און בילדונג.

מאָטיע האָט אויך געזוכט פאַר שמעונען אַ „סטאַנציע" וווּ צו וווי־נען. דערווייל איז ער געשלאָפן אויבן, אין שטיבל ביי מאָטיען, וווּ מען האָט נישט געהייצט, און ער האָט געליטן פון קעלט.

אין די אָוונטן זענען, ווי אַלעמאָל, צו מאָטיען געקומען זיינע חברים און חברטעס. עס זענען געקומען די, וואָס שמעון האָט געקענט פון די ערש־טע אָוונטן, און אויך — נייע. דאָרט זענען, ביי דעם סאַמאָוואַר, געגאַנגען רעשיקע געשפּרעכן וועגן ביכער, וועגן פּאָליטיק. אָבער שמעון איז ביסלעכ־ווייז אָפּגערוקט געוואָרן פון דעם קרייז, צוליב זיין אַרבעט אין די שפּעטע אָוונטן. דער איידעלער ייד, ר׳ אבא, האָט אין שמעונען דערפילט אַ פלינקן און ביליקן אַרבעטער און ער האָט אויף אים אַרויפגעלייגט וואָס מער פליכטן. טיילמאָל איז ער פאַרהאַלטן ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

ווען שמעון איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט אים מאָטיע באַגעגנט מיט טריומף און זיינע גוטע און ריינע אויגן האָבן געשטראַלט פון אַנט־ציקונג.

— נו, ווי גייט די אַרבעט?...

און ער האָט אים אַלץ געגעבן צו פאַרשטיין, ווי גוט דאָס איז, וואָס ער האָט די אַרבעט באַקומען. מאָטיע האָט נישט געזען די מידקייט אויף שמעונס פּנים. די געשפּרעכן זייערע זענען געוואָרן אַלץ זאַכלעכער. מאָטיע האָט אים אַלץ גערעדט וועגן דער סטאַנציע, וואָס ער האָפט צו געפינען פאַר אים, ווי ער וועט זיין זעלבשטענדיק און לעבן פון זיין אַרבעט. דערנאָך, ווען מען האָט זיך גענומען צום לערן-בוך, איז שוין שמעון געווען מיד. ער האָט געמוזט אויפשטיין זייער פרי און די לעקציעס האָבן אים אַלץ ווייניקער געגעבן.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט מאָטיע קיין איין מאָל מיט שמעונען נישט גערעדט וועגן אָלגאַן און שמעון האָט, אין די שפּעטע נעכט, אַ מידער פון דער אַרבעט, אין דעם קאַלטן אויבערשטן צימערל, שוין געבענקט נאָך די טעג, ווען ער האָט זיך מיט אָלגאַן געשלעפּט איבער די וועגן. שמעון האָט איצט אָלגאַן זעלטן ווען געקאָנט זען. ער האָט זי טיילמאָל, אין די אָוונטן, געזען מיט פּאַניען, ווען זי איז מיט איר געגאַנגען אַהיים און ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אויך אָלגאַן האָט מען פאַרזאָרגט אַן אָרט ווי צו אַרבעטן. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין באַדינען די צוויי אַלטע לייט, די קאַליקעס, פּאַניעס עלטערן, וואָס האָבן געוווינט אין דער אָפּגעזונדערטער דירה מיט פּאַניען אין הויז. דערביי האָט אָלגאַ אויך געפירט די באַלעבאַטישקייט ביי פּאַניען און נאָך אין די אָוונטן האָט זי פּאַניע מיטגענומען צו מאָטיען אָדער ערגעץ אַנדערש, צו וועמען פון דעם קרייז, ווו אַ ל ע האָבן זיך אַנטציקט מיט איר זינגען און שפּילן אויף דער גיטאַרע.

ער האָט אָלגאַן קיינמאָל נישט געקאָנט זען אַליין, ווייל זי איז שטענדיק געווען מיט פּאַניען, און שמעון האָט מיט פאַרצווייפלונג געפילט ווי עס טרעט אַריין צווישן אים און אָלגאַן אַ פרעמדקייט און אַ שטח, וועלכן ער וועט קיינמאָל שוין נישט דעריאָגן.

שמעון האָט געבויט פּלענער וועגן פאַרשווונדן מיט אָלגאַן. ער האָט צוגעטראַכט ווערטער פאַר איר, ווערטער, וואָס זאָלן רייצן איר הפקרע נאַטור, אויפשפּילן פאַר איר מיט זיין גרייטקייט צו וואַנדערן, וואָס האָט זי אַזוי געכישופט. ער האָט געקענט איר ווילדע נאַטור און אירע פאַרדרימלטע בענקשאַפטן, צו וועלכע ער האָט נישט געפונען קיין צוטריט און קיין שפּראַך. ער האָט אויך געפּלאַנט צו רעדן מיט מאָטיען, זאָגן אים, אַז ער, מאָטיע, האָט אים נישט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַן אַנדערער און זיין וועג איז אַן אַנדערער. אַז ער פילט אין זיך אַ כוח עפּעס צו זיין. אַז ער איז געלאָפן פון זיין פריערדיק לעבן צוליב עפּעס אַנדערש, אַז ער האָט בענק-

שאַפּטן, אַז ער האָט ליב אַלגאַן און קאָן נישט זיין מיט איר צעשיידט, אַז ער האָט געוואָלט פֿון אַלגאַן מאַכן אַן אַרטיסטקע... א טאַלאַנט...

שמעון איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ שטורעם אין האַרץ. ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט, אַז ער איז אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל.

די צייטונגען זענען געווען פֿול מיט באַשרייבונגען פֿון דער מלחמה, ווי די דייטשן האָבן פֿאַרנומען אַלץ מער פּוילישע שטעט און שטייען הינטער וואַרשע און שמעון האָט געזען, אַז ער האָט נישט קיין צוריקגאַנג. אויך דאָ, אין דער שטאָט, איז דאָס לעבן געוואָרן אָנגעשטרענגטער און שווערער. עס איז געוואָרן געפֿערלעך צו וואַנדערן איבער שטעט און וועגן אָן ריכטיקע פּאַפּירן. און דער איידעלער ייד ר׳ אבא, האָט אים באַלייגט מיט אַרבעט. שמעונען האָט אַלץ אָפֿטער א קלאַפּ געטאָן דער ריח פֿון פֿרייהייט, פֿון וועגן, פֿון וואַנדערן, אָבער דער ווינטער האָט זיך אַלץ שווערער געלייגט און פֿאַרקאָוועט די קליינע שטאָט אין קעלט, נאָר פֿון די גבירישע הייזער האָט אַרויסגעקוקט דער הויך פֿון אויסגעוואַרעמטער רואיקייט און זאַטקייט.

שמעון האָט אַלץ געזוכט און צונויפֿגעשטעלט ווערטער פֿאַר אַ גרויסן געשפּרעך מיט מאַטיען. ער האָט געגלייבט אין מאַטיעס ריינקייט און גוטסקייט, אָבער נישט אַלץ, וואָס שמעון האָט אים צו זאָגן, וועט דערגיין צו אים, מאַטיע האָט נישט געקענט און נישט פֿאַרשטאַנען דאָס לעבן, ווי עס האָט עס געקענט — שמעון. און פֿון זינט איינעם אַ אָוונט, ווען שמעון איז שפּעט אַהיימגעקומען פֿון דער אַרבעט און געזען אַלגאַן, ביי מאַטיען, ווי זי איז געזעסן ביים טיש, אַ דערוואַרעמטע, אַ זינגענדיקע און שפּילנדיקע, און אַרום — יונגעלייט און פֿרויען, און לעבן אַלגאַן א יונגער סטודענט מיט שוואַרצע, גלאַנציקע האָר, וואָס האָט מיט דערוואַרעמטע בליקן געקוקט אויף איר, האָט ער דערפֿילט, אַז אַלע זענען דאָ שטאַרקער פֿאַר אים און קאָנען ביי אים אַלגאַן צונעמען.

ער איז אין דער נאַכט, אויף דעם פּרעמידן געלעגער, לאַנג געלעגן אָן שלאָף. ער האָט אין זיין צעשטורעמט געמיט געשריבן אַ בוך. עפּעס האָט אויפֿגעזונגען אין אים, און עס האָבן זיך אָנגעצונדן בילדער פֿון אויסגעבענקטע וועגן, נייע ווערטער, ווי לידער, האָבן זיך צעקלונגען אין זיין געמיט. אַ נייער כוח האָט זיך ווי אַריינגעגאָסן אין זיין בלוט פֿאַר איר, פֿאַר אַלגאַן.

ער האָט צונויפֿגעקליבן אין זיין געדאַנק איר יעדעס וואָרט און איר יעדן בליק. ער האָט זיך נאָכאַמאָל פֿאַרליבט אין איר. ער וועט נאָכאַמאָל

אָנצינדן אין איר דעם באַגער צו גיין מיט אים, ווי דאָרט, אין דער וואַרשע־
ווער בעטלער־נעסט. ער וועט גיין מיט איר, ווייט פון אַלע מענטשן, און זיין
פאַר איר דער איינציקער באַשיצער.

23.

ווי אַ ווינט, וואָס דערטראָגט זיך פאַר אַ שטורעם און טראָגט אַריין
אַ גערודער, האָט זיך דאָ מיט יעדן טאָג דאָס לעבן אויפגעטרייסלט און
אַרויס פון זיינע אַלטע, פאַרשטאַרטע געוווינטקייטן. יעדן אינדערפרי האָט
געבראַכט עפּעס אַ ניי געשעעניש. מיט אַ פיבערדיקער שנעלקייט האָבן זיך
אַ טראָג געטאָן ענדערונגען, און די אַלטע יידישלעכע פאַרבן פון דער יידי־
שער שטאָט האָבן זיך געביטן מיט נייע קאָלירן און נייע קלאַנגען.

עפּעס אַ שטרענגקייט האָט אַריינגעדרונגען פונעם לאַנד, ווו די מלחמה
האָט זיך איינגעביסן מיט אייזערנע ציין און אויפגעפרעסן דאָס פריערדי־
קע לעבן.

עס האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן מיליטער־לייט. אין די שפּעטע
נעכט האָט מען געהערט דאָס קלינגענדיקע מאַרשירן פון זעלנער, עפּעס
האָט מען ערגעץ אַרום דער שטאָט געבויט, געפירט אייזן און געהילץ; און
נייע מענטשן, גרויסשטאָטישע, האָבן באַזעצט די עטלעכע בעסערע הייזער.
עס האָבן זיך געעפנט צוגעפּוצטע רעסטאָראַנען, קאַפעען מיט קלינגענדיקע
נעמען. עס זענען פאַרדונגען געוואָרן צימערן און סטאַנציעס. און אין די
פאַרנאַכטן האָט מען אָנגעהויבן זען זין און טעכטער פון אַלטע יידישע
בעררימשעווער הייזער שפּאַצירן אויפן בולוואַר מיט פרעמדע, האַלב־ און
גאַנץ־מיליטעריש־געקליידטע. די יידישע דאָקטוירים פון שטאָט האָבן זיך
באַוויזן אין מיליטערישע מונדירן. עס זענען אויך אָנגעפאָרן א סך „ביע־
זשעגצעס“ פון פוילן און פון וואָלינער קאַנט, וואָס זענען אַריין אין דער
מלחמה. און די אַלטע, רואיקע גאַסן האָבן אויפגעקלונגען מיט שפּאָרן און
פריצישע ברימשקעס, וואָס די אָפיצירן האָבן גענומען אין די אַרומיקע,
פריצישע הייף.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען ידיעות וועגן געהרגעטע, אומגעקומענע
אויף דער מלחמה, זין און מענער פון ווייבער. צוזאַמען דערמיט האָבן זיך
געלאָזט הערן מעשיות פון אומטרייע ווייבער, וואָס פירן זיך שלעכט אויף,
האָבן אַנדערע מענער. מיידלעך פון גוטע, יידישע שטובן האָבן זיך אָנגע־
הויבן באַווייזן אויפן בולוואַר, געשמינקטע און געמאָלטע. מיט ווייסע טיכ־

לער, „קאָסינקעס“ און רויטע קרייצן אויף די קעפּ, ווי באַרמהאַרציקע שוועסטער. בײַנאַכט האָט מען געהערט געשרייען, געלעכטער און געזאַנג פֿון וועטשערינקעס מיט אָפֿיצירן, און די אַלטע יידישע שטאָט האָט באַקומען אַ נייעם און פֿרעמדן גייסט.

דער ווינטער האָט זיך אויך אַוועקגעשטעלט מיט ווייסע, פּראָסטיקע טעג און אַ שטייפֿן, סקריפּענדיקן שניי אונטער די פֿיס. אין די אָוונטן האָט נאָר איין טייל פֿון דער שטאָט געלעבט. דאָרט, ווו עס האָבן געלויכטן די עטלעכע נייע קאַפֿעען און עס האָבן געברענט לאַמטערן, האָט מען געקאָנט זען שפּאַצירן די באַקאַנטע איז שטאָט יוגנט מיט נייע, געקומענע צוליב דער מלחמה. עס האָבן געקלונגען גלעקלעך פֿון שליטלעך. דאָרט האָט מען געהערט געלעכטער פֿון פֿרויען און יונגעלייט. ניי־געקומענע, מיליטערישע און האַלב־מיליטערישע האָבן געווימלט אין געפּאַסטע שטיוועלעך און פֿוטערנע פּעלצלעך; און נישט צו ווייסן פֿון וואַנען, זענען געשלאָסן געוואָרן באַקאַנטשאַפֿטן מיט די אויסגעהיטענע באַלעבאַטישע „באַרישניעס“ פֿון די אָנגעזעענע יידישע שטובן.

אין די אָוונטן האָט שוין שמעון געוווינט אויף דער „סטאַנציע“, וואָס מאָטיע האָט פֿאַר אים געפֿונען, ביי אַן אלמנה מיט אַ זון און אַ טאָכ־טער ראָזעטשקע. ראָזעטשקע האָט אויך געאַרבעט ביי אַ „פּאָדריאַד“, ווי זי האָט געניט וואַטענע הויזן פֿאַר די רוסישע זעלנער.

די סטאַנציע איז געווען ווייט, כמעט הינטערן שטאָט. אין אַן אַלט און אויסגעקילט, הילצערן הויז האָט שמעון זיך געהאַט זיין קעמערל, ווו עס איז אויך געשלאָפֿן דער אלמנהס זון היים. ער איז אַלט געווען איין און צוואַנציק יאָר און האָט באַדאַרפֿט גיין דינען אין מיליטער. צוליב דעם איז ער נישט געשלאָפֿן דורך די נעכט, זיך „געצערט“ און אויסגעזען ווי אַ מת. פֿון זיין געל, איינגעשרומפּן פּנים האָט מען געזען נאָר דעם שווערן, אָנגעווייטיקטן בליק פֿון זיינע שרעקלעך־שוואַרצע, פֿיבערדיקע אויגן. דאָס יינגל האָט געהוסט און געשפּיגן. און די אלמנה האָט אַלץ מורא געהאַט, אַז ער זעט צו גוט אויס און מע וועט אים נעמען אויף דער מלחמה.

איצט, אין די שפּעטע און קאַלטע אָוונטן, ווען שמעון איז געלאָפֿן פֿון דער אַרבעט, האָט ער שוין נישט געהאַט ווען אָפּצוטרעטן ביי מאָטיען. די לעקציעס האָבן זיך איבערגעריסן און די עטלעכע ביכער, וואָס מאָטיע האָט אים געגעבן צו זיך אויף דער סטאַנציע, האָט ער נישט געהאַט ווען צו לייענען.

מ'האָט אויך אָנגעהויבן רעדן, אַז גיך וועט מען אָנהייבן פֿרעגן אויף דאָקומענטן. און שמעון האָט נאָך אַמאָל דערפֿילט, אַז ער איז אַריין אין אַ ווינקל, פֿון וועלכן ער מוז צוריק אַרויס.

* *
*

פֿאַר דער גאַנצער צייט האָט שמעון נאָר איין מאָל געזען אָלגאַן. ווען ער האָט געפֿירט צו דער באַן אַ וואָגן מיט אָנגעפּילטע זעק פּאַרטיקע פּעלצ־לער, האָט ער זי דערזען, זי האָט געטראָגן די גיטאַרע און אַ בוך אונטערן אָרעם. שמעון האָט זי אינעם ערשטן אויגנבליק נישט דערקענט. ער האָט דערפֿילט עפּעס אַ באַקאַנטן אומרו, ווי צום ערשטן מאָל, ווען ער האָט זי דערזען. זי איז געוואָרן אַ סך שענער און דיקער ווי זי איז געווען. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פֿאַרוווּנדערטן בליק, ווען ער איז איר פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, ווי זי וואָלט אים נישט דערקענט. אָבער באַלד האָט זי מיט איר קינדערישער פּשוטקייט אַרויסגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און געזאָגט:

— אָ, סימאָן... ווי שלעכט דו זעסט אויס...

און זי האָט גענומען דערציילן, אַז פֿאַניע האָט זי געשיקט צו אַ לע־רער, וואָס לערנט מיט איר זינגען און דעקלאַמירן לידער פֿון דעם בוך.

שמעון האָט גענומען דאָס בוך. דאָס איז געווען אַ דיק בוך פֿון לידער און דעקלאַמאַציעס. דאָרט זענען אויך געווען בילדער פֿון רוסישע שריי־בער און אַרטיסטינס. אָבער פֿון דעם אַלעם האָט שמעון נאָר געזען דעם סטודענט, צו וועלכן אָלגאַ גייט. און אַ דינער שטאָך האָט זיך דורכגע־גליטשט דורך זיין האַרץ.

זי האָט דערציילט, אַז דער סטודענט לערנט זי זיין אַן אַרטיסטקע; אַז ער איז אַ גוטער, אַז ער זינגט און האָט אַ שיינע שטימע; אַז זי האָט נישט קיין צייט, אַז זי מוז וואַשן וועש; אַז פֿאַניע זאָגט, אַז אַ מענטש מוז אַרבעטן, אָבער זי וויל פֿאָרן קיין אָדעס. כאָטש פֿאַניע איז אַ גוטע, האָט איר געגעבן קליידלעך און לערנט זי זינגען יידישע לידער; אַז דער סטודענט איז אַ בריילעכער, ווי אַ ציגיינער.

דער וואָגן מיט די זעלנערישע פּעלצלעך איז געשטאַנען און געוואַרט אין מיטן דער גאַס, און שמעון האָט נישט געקאָנט מיט איר רעדן. ער האָט געוואָלט אַ סך איר זאָגן, זי דערמאָנען ווי זיי האָבן ביידע געוואַנ־

דערט. זי האָט אויפגעהויבן אירע גרויסע, שפּילנדיקע אויגן און מיט דער פריערדיקער זיסער קינדערישער הייזעריקייט, פאַרקלערט געזאָגט:

— יאָ... ס'איז געווען גוט... ער, „משודאַק"... וואָס זשע ווילסטו?..

— איך וויל מיט דיר רעדן, אָלגאַ... איך וויל דיר זאָגן עפּעס... זייער וויכטיקס... איך וויל מיט דיר אַוועקפאָרן... עס וועט דיר זיין ווי אַמאָל... איך וויל זיין מיט דיר...

זי האָט געקוקט אויף אים. זי איז געווען אומעטיק:

—איך מוז שוין גיין...

שמעון איז געשטאַנען נעבן איר און אַריינגעאָטעמט דעם קאַלטן, פראָסטיקן אָטעם פון איר פריש מויל. ער איז געווען גרייט אַלץ לאָזן און שוין אַוועק מיט איר איבער אַלע וועגן. אַ קנויל פון ווייטיק און בענקשאַפט האָט זיך אויפגעהויבן אין אים און ער האָט גערעדט גיך, אָן אַ זין:

— אָלגאַ... ס'איז אַ מלחמה... מיר וועלן זיך פאַרלירן... זעסט, איך אַרבעט שווער... פריער בין איך געווען אַ פרייער פויגל... דו אויך... איצט וועסטו זיין אַ דינסט... אָלגאַ... מיר וועלן אַוועק פון דאַנען, פאָרן איבער אַנדערע שטעט... געדענקסט, ווען מיר האָבן געלייענט דאָס בוך?... גאָרקי...

זי האָט געקוקט אויף אים. זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ...

— וווּ ווינסטו?... — האָט זי פלוצלונג געפרעגט.

— איך ווין אויף אַ סטאַנציע... ס'איז נישט גוט, אָלגאַ... איך האָב געוואָלט זיין מיט דיר...

זי האָט אים פאַרשעמט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ גלעט:

— קום צו אונדז אויפן הויף... דאָרט, ביי די אַלטע קאַלינעס... ווו איך ווין... איך וועל דיך זען דורכן פענצטער... איך וועל אַראָפּגיין צו דיר...

דער באַלעגאָלע פונעם וואָגן האָט געשריגן צו אים. דער וואָגן האָט גערירט פונעם אָרט. אָלגאַ האָט אַ שפּאַן געטאָן. שמעון האָט געקוקט אויף אירע הויכע, שטאַרקע און געשניצטע פיס, אויף אירע הויכע שטיוועלעך, וואָס ער האָט איר געקויפט. די שטיוועלעך זענען געווען נאַס און פאַרקלעפּט מיט שניי. זי האָט זיך דערהווייטערט. ער האָט אַ קוק געטאָן אַרום, אויף דער אומעטיקער גאַס, וואָס איז געלעגן אין דער גרויער קעלט. און עפּעס האָט אים אַזאַ קלעם געטאָן, אַז זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן פון בענקשאַפט. ער האָט אַ לויף געטאָן נאָך איר. זי האָט זיך דערשראָקן און ווידער אים ווי נישט דערקענט:

— אָלגאַ... — האָט ער אויסגעשריגן — צו דעם לערער... דעם סטו־דענט... זאָלסטו נישט גיין....

אָבער נישט דאָס האָט ער געוואָלט איר זאָגן. ער האָט איר געוואָלט אָנזאָגן, אַז ער איז דער זעלבער, וואָס ער איז געווען, אַז ער וועט איבער־לאָזן דעם וואָגן, די אַרבעט, די סטאַנציע, אַז ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא, אַז ער וועט גיין מיט איר. זי האָט געקוקט אויף אים מיט קינדעריש־צעשראָקענע אויגן.

— אָלגאַ... גיי נישט צום סטודענט...

זי האָט מיטאַמאָל א שמייכל געטאָן. זי האָט מיטאמאָל פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— „וואָס טשוהאַק"... — זי האָט א קוק געטאָן אויף אים מיט עפּעס א נייעם אויסדרוק אין בליק, וואָס ער האָט ביי איר קיינמאָל נישט געזען. עפּעס א להכעיס און אַ רייץ איז געווען אין איר שפּילנדיקן בליק.

— אָלגאַ... איך וועל קומען צו דיר אויפן הויף... מאָרגן... וואַרט אויף מיר...

— „כּאַראַשאָ"... — האָט זי געשריגן אויף רוסיש — „כּאַראַשאָ"...

און זי האָט זיך פּלוצלונג קלינגענדיק צעלאַכט.

דער פּורמאַן מיט דער בייטש איז אים שוין געלאָפן אַנטקעגן און געשריגן אויף דעם מונקעלן, בערידטשעווער לשון:

— מען וועט פאַרשפּעטיקן דעם באַן... „שאָלטיק"...

מיט איין שפּרונג איז שמעון געווען אויפן וואָגן. ער האָט איצט גע־קאָנט אַרבעטן פאַר אַלע. ער האָט געקאָנט איבערקערן וועלטן. די גרויע קעלט האָט זיך אָנגעצונדן מיט אָלגאַס שמייכל:

— וויאָ...

## .24

דאָס מאָל, ווען שמעון איז מיט דעם וואָגן סאָלדאַטסקע פּעלצלעך פאַרפאָרן צום וואָקזאַל, איז ער געווען ווי אָנגעטרונקען מיט אַ שטאַרקן וויין. די באַגעגעניש מיט אָלגאַן האָט אים אויפגעהייטערט און אויפגע־וועקט זיין לוסט צו גיין מיט איר אָן אַ ציל און אָן אַ גרענעץ. ער האָט נאָך אָלגאַן קיינמאָל נישט געזען אַזוי שיין ווי הייגט. ער האָט ווי אַלעמאָל געדענקט יעדע אירע באַוועגונג און יעדעס וואָרט אירס, וואָס ער האָט

אויסגעטייטשט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים. אין זיין פֿאַרליבטקייט האָט שמעון, פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון זיין צוזאַמען וואַנדערן מיט אָלגאַן, פֿאַר אַלע טעג און נעכט, אין דעם געמיש פֿון איר ווייבלעכקייט און קינדערישקייט, נישט געקאָנט אָפּמעסטן די מאָס פֿון איר געפֿיל צו אים. ער האָט געוווּסט, אַז נאָר אין דער שטענדיקער גרייטקייט צו וואַנדערן קאָן ער שטעניק געפֿינען אַן ענטפֿער אין איר נאָענטקייט, מיט אַ גלעט אָדער אַ שמייכל, וואָס האָט אים אַזויפֿיל צוגעזאָגט און געכישופֿט.

אויך די היינטיקע באַגעגעניש האָט איבערגעלאָזן אין אים אַזאַ שיכּרות. ווי אַ זיסער וויין וואָלט זיך אַריינגעגאָסן אין זיין בלוט, האָט ער זיך איצט געטראָגן צווישן דעם רעש פֿון די בערדיטשעווער צעשפּילטע טרעגער און באַלעגאָלעס, וואָס האָבן געזעצט מיט פֿאַרע אויפֿן פּראָסט, פֿאַרבאַבלטע אין אָפּגעריסענע בורקעס און צעדרייטע וואָלאָקעס. שמעון האָט געשלעפּט די זעק אויף דער פּלייצע, געשיט מיט ווערטלעך אויפֿן וואַרשעווער לשון, וואָס האָט אַריינגעברענגט אַ באַזונדערע פֿריילעכקייט אין דער חברה. ער האָט געפֿונען אין זיך די פֿריערדיקע לוסטיקייט, ווען ער איז געווען אַ „פּראָפֿעסאָר“ צווישן די פּוילישע בעטלער. שמעון האָט געוווּסט, אַז דאָס זענען די לעצטע טעג, און ביים געדאַנק, אַז ער וועט ווידער זיך לאָזן אויף די אומבאַקאַנטע וועגן, פֿילנדיק נעבן זיך אָלגאַן, האָט זיך אויפֿגעהויבן אין זיין האַרץ אַ פֿרייִדיקע פֿאַליע, ווי ער וואָלט זיך אויפֿגעהויבן און געפֿלויגן.

ער וועט פֿאַרלאָזן די שטאָט מיט די גרויע, אָרעמע גאַסן, ר׳ אַבאַז מיט די זעלנערישע פֿעלצלעך. ער וועט בענקען נאָך דעם גוטן, איידעלן מאַטיען, וואָס האָט אים נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס גלויבט, אַז אַרבעטן ביי ר׳ אבאס פֿאָדריאַד איז פֿאַר שמעונען גענוג. אָבער שמעון האָט געבענקט נאָך עפּעס אַנדערש. ער האָט אַצינד קלאָר געזען זיין וועג, אַלץ ווייטער און ווייטער, און נעבן אים, די איינציקע, אַזוי ווייטע און אַזוי נאָענטע אָלגאַ.

אָפּגעוואָרפֿן די זעק מיט די פֿעלצלעך און אָפּגעווערטלט זיך מיט די בערדיטשעווער וואָקזאַל־יונגען, האָט שמעון נאָך לאַנג אַרומגעוואַנדלט אַרום וואָקזאַל. פֿון ערגעץ איז אָנגעקומען אַ צוג. איינגעהילט אין פּראָסטיקן נעפּל, האָט ער מיטגעבראַכט אַ רויכיקן זאָטעם פֿון דער ווייט, וואָס האָט אויפֿגעברויזט שמעונס געמיט. ער איז געשטאַנען הינטער דער וואָקזאַל־געביידע און געקוקט אין דער ווייט, ווו די וועגן האָבן זיך פֿאַרטראָגן אין דער בלויקייט פֿון דער פּראָסטיקער לופֿט און ווי שטענדיק איז זיין פֿרייִדיקייט איבערגעגאַנגען אין אַ ברענענדיקן אומעט. די אָפּענע וועלט האָט

אויף אים אַן אָטעם געטאָן מיט שטח. ער האָט זיך אָפּגעאָטעמט און איז מיט דעם פֿאַרדריקטן אומעט אַוועק צוריק אין שטוב אַריין.

ער איז געגאַנגען מיט די שמאָלע אויסערשטאָטישע געסלעך און הייזלעך, וואָס זענען געלעגן פֿאַרקאָוועטע אין דער קעלט, באַצויגן מיט אַ בראָסטיקער פֿאַרשטאַרטקייט.

אָרעמע יידן און ווייבער, אָנגעפּעלצטע אין שמאַטעס, האָבן געקלאַפּט מיט די פיס, האָבן געקלאַפּט מיט די פיס פון קעלט. פון די חריבע שוואַרצלעכע הייזער האָט זיך געטראָגן אַ שטיקנדיקער רויך און אַן אַלטע, טריבע און עלנטע יידישקייט האָט געקוקט פון די פֿאַרפרוירענע פענצטער.

נאָך וואַרשע, ווו שמעון האָט געלעבט כמעט אַלע זיינע יאָרן, האָט זיך אים איצט געדאַכט, אַז די גאַנצע שטאָט האָבן קינדער אויסגעקלעפּט פון גרויען ליים און די מענטשעלער זענען צונויפגעשטעלט פון שמאַטעס. ער האָט אין אַ פֿאַרהויכט פענצטער פון אַ קרומער, הילצערנער שטוב געזען אַרויסקוקן אַ פּאָר טריבע אויגן פ׳ן אַ קראַנק קינד. דער בלייכער פּלעק פון דעם קינדערישן פּנימל איז געווען גרינלעך־גרוי און אים איז דורכגעלאָפן אַ שטאָך פון דער דערמאָנונג אין זיינע אייגענע קינדער, דאָרט אין שטעטל. און מיטאַמאָל האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן זיין הפקרע פרייקייט. זיין בליק איז געלאָפן איבער די טריבע יידישע פענצטער, פֿאַרשטעקטע מיט שמאַטעס פאַר דער קעלט. ווייבער זענען געזעסן אויסגעזעצטע אין די געוועלבלעך, פֿאַרבאַבלטע אין צעריסענע שאַלן, האָבן זיך געוואַרעמט ביי פייער־טעפּ. אַ משוגענער, מיט לאַנגע פּאַטלעס האָר, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו אַ וואַנט. ער האָט געקלאַפּט מיט די ציין און געוואָיעט אויף אַ קול צו זיך אַליין:

— ס׳איז מיר קאַלט... יידן... ס׳איז מיר קאַלט...

זיין באָרד איז געווען באַדעקט מיט פראָסט. זיין פּנים איז געווען בלוי און די נאָז רויט ווי אַ וווּנד. קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיין געוואָי, און שמעון האָט א קלער געטאָן וועגן די הונדערטער פּעלצער ביי ר׳ אבאן.

אַן אַלטע יידענע האָט געטראָגן אַ טאָפּ, פון וועלכן עס האָט געזעצט אַ פּאַרע. זי האָט געמישט מיט אַ הילצערנעם לעפל און געשריגן:

— הייסע עפּל... יידן... הייסע עפּל...

שמעון האָט געקויפט אַ פּאָר עפּל. די עפּל האָבן געבריט. ער האָט זיי צוגעטראָגן דעם משוגענעם:

— נאַ...

און ער האָט אים אַריינגעלייגט די עפּל אין די בלויע הענט.

דער משוגענער האָט אַ כאַפּ געטאָן די עפּל און זיך נאָך העכער צעוואָיעט. ער האָט אַריינגעוואָרפן די עפּל אין זיין צעפּליקטער קאַפּאָטע, זיי צוגעטוליעט צום האַרץ און אָנגעהויבן העשען פון הנאה. דערנאָך האָט ער אַן עפּל צוגעלייגט צו דער נאָז, צום מויל, צו די אויערן און זיך צעלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער צוזאַמען מיט משונהדיקע, וואָיענדיקע ווערטער:

— אַ שׂרפה אויף זיי... אויף די גבירים... זיי איז וואַרעם... האַ...

מענטשן האָבן זיך אַרומגעשטעלט. באַלד איז געוואָרן אַ רעדל אַרום שמעונען. אַ יידענע, אַ שוואַרצע, מיט גרויסע, אָנגעווייטיקטע אויגן, האָט געפרעגט:

— ווער איז דער יונגערמאַן?... האַ?... אַ פּריץ?...

— אַ פרעמדער... פון די אָנגעפאָרענע...

— אַ גוט האַרץ... אַ יידיש האַרץ...

— אפשר וועט ער עפּעס געבן פאַר אַ קראַנקן?...

דאָס ערשטע מאָל האָט שמעון זיך דערזען אַרומגערינגלט פון בעטלער און אים איז מיטאַמאָל באַפאַלן אַ חשק זיך אויסצומישן מיט דער אָרעמער גאַס, אָנצינדן די אַלע פאַרחושכטע מענטשן מיט אַ בעטלערישער הפקרער פרייִלעכקייט, שיטן מיט הייסע עפּל, מיט געלט און ווערטער, אויפרודערן די אָרעמע געסלעך, זאָגן זיי עפּעס אַ שפּרוך און אויפהייבן אַ טאַנץ, אַ ווילדן, זיך לאָזן אַרויף צו דער שטאָט, ווו עס וווינען די רייכע, דערשרעקן ר' אבאן, ווערן צוריק דער „פּראָפעסאָר" פון די פּוילישע בעטלער.

ער האָט געוואָלט אַרויסנעמען זיין געלט, וואָס ער האָט געהאַט באַהאַלטן אין דער טיפער קעשענע פון זיין בורקע, אַוועקגעבן עס דעם קראַנקן קינד מיט דעם גרינעם פּנים, אַוועקלויפן צו מאַטיען און אים זאָגן, אַז ער וויל נישט אַרבעטן פאַר ר' אבאן, אַז ער וויל וואַנדערן, אַז ער וויל זיין מיט אָלגאַן, גיין מיט איר, זינגען, ליב האָבן זי און פילן איר שמעקנדיקן אָטעם.

אָבער ער איז שוין איצט ווייט געווען פון די שוואַרצלעכע געסלעך. ער איז שוין געגאַנגען אַרויף מיטן בולוואַר, צו דער הויפּט-„ביעלאָפּאָלער" גאַס, ווו פון די פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אַ וואַרעמער גלאַנץ, און די קוימענס האָבן געאָטעמט מיט אַ רואיקן רויך פון זאַטקייט. ער האָט מער נישט געוואָלט גיין צו ר' אבאן. ער האָט געוואָלט אַזוי גיין צום לעצטן מאָל,

אריינגקוקן אין די ווינקלען פון די שטילע, פארדרימלטע הויפלעך. אפשר זאָל ער גיין צו מאָטיען, אין דעם שטילן, וואַרעמען קאַבינעט מיטן בילד פון זיין שיינעם טאַטן. אַ קוק טאָן אויף מאָטיעס איידל פּנים מיט די שיינע אויגן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ, ווען שמעון רעדט מיט אים וועגן אָלגאַן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט שוין לאַנג נישט געגעסן. ער האָט נישט געוואָלט גיין אויף דער סטאַנציע, ווו די אַלמנה האָט פון די שוואַרצע, אָרעמע טעפּ ארויסגעקראַצט פאַר אים דאָס ביסל עסן. ער האָט זיך אריינגעלאָזן אין איינע פון די גאַסן, ווו מענטשן האָבן געאיילט און באַלד האָט ער דערזען אַ טיר, אויף אַ פּאָר טרעפּלעך, ווו ס'איז געהאָנגען א שילדל מיט אַ רוסישן אויפשריפט „אָביעדי". דאָס איז געווען אַ גאָרקיך און ער האָט געעפנט די טיר. א הויכער, שוואַרצער יונגערמאַן אין א שפּיציק, פוטערן היטל און א שוואַרץ-חנעוודיק ווייבל, האָבן אים באַגעגנט מיט גלאַנציקע בליקן, פול מיט חשד:

— וואָס ווילט איר?... יונגערמאַן... — האָט דאָס ווייבל ווינקעדיק געפרעגט.

— איך וויל עפּעס עסן...

ביי אַ קיילעכדיקן טיש זענען געזעסן עטלעכע פאַרדאַגהטע יונגעלייט מיט פאַרוואָקסענע פּנימער, ווי אבלים. זיי האָבן געקוקט אויף שמעונען מיט ווילדן בייגיר.

שמעון האָט זיך געזעצט צום טיש. פון דעם געלבלעכן טישטוך האָט זיך געפילט א ריח פון נאַפט. ער האָט אויסגעטרונקען א גלעזל וואַרעמען בראָנפן, וואָס דער יונגערמאַן האָט אָנגעגאָסן פון אַ פלעשל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער הויזן-קעשענע, און דאָס ווייבל האָט אים דערלאַנגט אַ „זשארקאָיע" פון פלייש מיט קאַרטאָפל. שמעון האָט געגעסן דאָס געשמאַקע, בערדיטשעווער מאכל און פילנדיק, אַז ער האָט מיט זיך אריינגעבראַכט א שטילשווייגן, האָט ער הויך און פּשוט א פרעג געטאָן אויף זיין שטייגער:

— וואָס זשע הערט זיך, יידן?...

— ס'איז ביטער...

— פאַר וואָס איז ביטער?...

— מען נעמט...

— וועמען נעמט מען?...

— מען נעמט אונדזער יאָר...

און אין איין מינוט האָט מען אים אַרומגערינגלט, ווי מען וואָלט נאָר געוואַרט אויף אים. זיי האָבן גערעדט יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען.

דאָס זענען אַלץ געווען די יונגעלייט, וואָס האָבן באַדאַרפט גענומען ווערן צום מיליטער אין דער מלחמה.

— פון וואָס פאַר אַ יאָר זענט איר, יונגערמאַן?... — האָבן זיי געפרעגט.

און ווען שמעון האָט זיי אָנגערופן דאָס יאָר, צו וועלכן ער געהערט, לויט זיינע פאַפירן, האָבן זיי אַלע ווי איין כאָר אויסגעזונגען:

— זענען מיר דאָך אַלע אין „פעסל"... וואָס זשע שווייגט איר?... גייט איר דאָך מיט אונדז צוזאַמען...

שמעונען האָט זיך אַלץ אַ דריי געטאָן פאַר די אויגן, ווי ער וואָלט עפּעס ארויסגעלאָזט פון די הענט און עס וואָלט צעבראָכן געוואָרן. ער האָט באַצאָלט פאַרן עסן און איז אַרויס פון דער גאָרקיך. אים האָט זיך שוין געדאַכט, אַז עמעצער יאָגט זיך נאָך אים. ער האָט נישט געפילט, נישט קיין שרעק און נישט קיין געפאַר, נאָר עפּעס אַ פּרעס, וואָס וואָלט געלעגן אויף יעדער זיינער באַוועגונג. עס האָט זיך אים געדאכט, אַז די גאַסן זענען ענגער געוואָרן און עמעצער קוקט אויף אים אין ציילט זיינע טריט. ער איז אַוועק מיט דער ערשטער גאַס. דערנאָך איז ער געגאַנגען צוריק. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט גיין ארויף צום צענטער, וו עס איז געווען געדיכט פון מענטשן. דאָ האָט ער ביי אַ ווייסן מויער דערזען אַ רעדל מענטשן, וואָס האָבן זיך געהויבן איינע איבער די אַנדערע. זיי האָבן עפּעס געזוכט אויף דער ווייסער וואַנט. שמעון האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויף דער וואַנט האָט געקלעפּט אַ ווייס צעטל און דאָ האָט ער שוואַרץ אויף ווייס איבערגעלייענט, אַז: „די און די, געבוירענע אין די יאָרן"... דאָס יאָר פון זיין געבוירן האָט אַ צאַפּל געטאָן און פאַרשוונדן, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט פאַר אים באַהאַלטן און ער האָט עס יעדעס מאָל געפונען.

אַלע וועגן זענען מיטאַמאָל פאַרשוונדן פאַר אים און נאָר אָלגאַ, אַ ווייטע, נישט־דערגרייכבאַרע, איז געבליבן שטיין פאַר אים, ווי אַ צייכן פון אַ גייעם, שווערן וועג.

25.

נאָך אַ לאַנגן ארומגיין איבער די גאַסן, איז שמעון אַוועק צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס ר' אַבא האָט שוין געוואַרט אויף אים מיט אַ טענה פאַרן לאַנגן זוימען זיך ביי דער באַן. ר' אבא האָט זיך גאָרנישט געקאָנט באַגיין אָן שמעונען. שמעון האָט רואיק דערציילט וועגן דעם, אַז ער דאַרף

שוין די טעג אַוועקגיין אין מיליטער. ר׳ אבא האָט ווי גישט פאַרשטאַנען. ענדלעך איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער מוז אָנווערן אַזאַ גוטן און ביליקן אַרבעטער און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער באָרד. ר׳ אבא האָט נישט באַהאַלטן זיין באַדויערן:

— אַזוי... אזוי, אַ שאָד...

עס וועט זיין שווער צו קריגן אַזאַ מענטש. ער איז געווען זייער פאַר־זאָרגט. ער האָט אים אָנגעקוקט ווי צום ערשטן מאָל און האָט צום סוף געפרעגט:

— נו, ווען איר טאַקע גיין?...

— נישטאָ קיין ברירה... ר׳ אבא...

— נו, און קיין פעלער האָט איר נישט?

— וואָס פאַר אַ פעלער?... — האָט שמעון געפרעגט.

— ווי פאַרלאָזט זיך עס אַ ייד... אָן אַ שטיקל פעלער?...

ר׳ אבא איז געווען אויפגעבראַכט, גלייך שמעון וואָלט אים אָפּגעטאָן עפּעס אַ שלעכטע זאַך. ער האָט אָנגעהויבן זוכן פאַר אים אַרבעט, וואָס זאָל זיין וואָס שווערער, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָפּנעמען דערפאַר, וואָס שמעון וועט מוזן אַוועקגיין. און כאָטש שמעון איז שוין געווען פול מיט פיבער פון די גרויסע ענדערונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט אריינטרעטן אין זיין לעבן, האָט ער זיך מיט זיין געוויינלעכער גיבקייט און לעבהאַפטיקייט גענומען צו דער אַרבעט. אָבער זיין געדאַנק איז געווען ווייט דערפון, וואָס ער האָט געטאָן. ער האָט געטראָגן און געשלעפּט פעק און זעק, פילנדיק אויף זיינע הענט די אויגן פון ר. אַבאַס גאַנצער משפחה, וואָס האָט זיך אריינגעפלאָכטן אין דעם בהלהדיקן מלחמה־געשעפט און זיך געהאלטן ווי שותּפים. אזוי איז געלאָפן דער טאָג.

צושטעלן זיך צום מיליטער־פּונקט האָט שמעון באַדאַרפט אין צוויי טעג אַרום. און ער האָט געוווסט, אַז דאָ, אין דער קליינער שטאָט, וועט ער נאָך די צוויי טעג אין ערגעץ זיך נישט קאָנען באַהאַלטן און ער האָט שוין אויף זיך געפילט דעם עול פון אַ פאַרשפּאַרטן מענטש, וואָס האָט נישט איבער זיך צו זאָגן.

ער האָט אַרבעטנדיק איבערגעזיפט אין זיין געדאַנק אַלין, וואָס מיט אים האָט זיך אָפּגעטאָן. ער האָט אַ מינוט דערפילט ווי עפּעס אַ שווערער אומעט האָט אַ קלעם געטאָן זיין האַרץ דערפון, וואָס עס פאַרמאַכט זיך פאַר אים דער וועג צוריק קיין פוילן, ווו עס בלייבן זיינע קינדער און אַ שטיק לעבן, וואָס רייסט זיך אָפּ פון אים.

אין די טעג זענען שוין וואַרשע און אַ שטיק פּוילן לאַנג געווען כּמעט ווי אָפּגעשניטן און באַזעצט דורך די דייטשן. וועגן דעם לאַנד האָט מען שוין דאָ ווייניק געהערט.

שמעון האָט געוווּסט, אַז ווי נאָר ער ווערט גענומען צום מיליטער וועט זיך פאַר אים פאַרמאַכן די וועלט און קיינער וועט אים נישט וועלן האַלטן ביי זיך ווי א דעזערטיר. אים האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז מען וועט אים אַוועקשיקן אויפן פראָנט און ער וועט אומקומען ערגעץ, נישט צו וויסן ווו זיין געביין וועט אַהינקומען.

ער האָט באַשטימט אין אָוונט זיך צו זען מיט אָלגאַן. כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז אָלגאַ וועט נישט באַנעמען וואָס עס געשעט, ווייל זי האָט אין מיליטער געזען נאָר אַ מונדיר, ווי אַ סך רוסישע פאָלקס־מיידלעך. דעמאָלט ווען ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט אים באַדאַרפט איינוויקלען אין אַ זאַק.

ער האָט געפילט, אַז קיינער וועט דאָ נישט זען די געפאַר, וואָס עס דראָט אים, ר' אבא וועט בלויז באַדויערן, וואָס ער האָט אָנגעווירן אַ גוטן אַרבעטס־כּוח, מען וועט פאַרגעסן אין אים נאָך איין טאָג. אָלגאַ וועט בלייבן א דינסט, אָדער עס וועט זי באַקומען עפּעס אַ שיינער סטודענט.

ער האָט אַלע מאָל איבערגעריסן די אַרבעט און זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פאַרשפּעטיקט מיט יעדער מינוט דאָס וויכטיקסטע אין לעבן, וואָס ער וועט שוין נישט קאָנען ראַטעווען.

ווען ער וואָלט געקאָנט שוין געמען אָלגאַן און זיך דורכרייסן קיין פּוילן, דאָרט וואָלט זי געבליבן נאָר מיט אים אַליין.

דער איינציקער מענטש, מיט וועלכן ער האָט איצט געוואָלט רעדן, איז געווען מאָטיע. אפשר וועט מאָטיע אים קאָנען מיט עפּעס העלפן. אָבער מאָטיע איז לעצטנס געווען מיט אים נישט ווי פריער. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען פאַרזאָרגט מיט עפּעס. וואָס איז שמועגען נישט באַוווּסט געווען. אָבער אין שמעונס פּשוט הארץ איז אַלץ נאָך געווען אַ ברייט און וואַרעם אָרט פאַר מאָטיען. ער האָט געהאַט צו אים דאָס געפיל פון אומדערגרייכלעכקייט, גלייך ווי מאָטיע וואָלט געווען אַ באַשעפעניש פון עפּעס אַן אַנדערער, שענערער וועלט. מאָטיעס בילד האָט זיך פאַר אים געטראָגן אין אַ וווּנדערלעך ליכט פון אַ דערהויבענעם גייסט. און נאָר אים וואָלט שמעון געוואָלט פאַרטרויען אַלע זיינע געדאַנקען און אַפילו זיינע געדאַנקען וועגן אָלגאַן וואָלט ער אים אָנגעטרויט.

אָבער גראָד ווען אָלגאַן, ווען דעם ווײַז, צוליב וועלכן שמעון איז געווען גרייט אויף יעדער שווערן וועג, האָט מאָטיע נישט געוואָלט מיט אים רעדן. יעדעם מאָל, ווען שמעון האָט זיך דערנענטערט צו דעם געשפּרעך, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס איז מאָטיען נישט צום האַרץ. און שמעון האָט נישט געפֿונען קיין מוט אים אַלץ צו זאָגן. ער האָט געקוקט אין מאָטיעס ריינע אויגן און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט נישט קיין רעכט אים אַרײַנצומישן אין דער משונהדיקער ליבע פֿון די צוויי וואַנדערער, כמעט בעטלער.

אויך אָלגאַ האָט דאָך קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן איר נאָענטקייט צו אים, און ער איז זיכער פֿאַר מאָטיען אַ העלד פֿון אַ פֿאַרדעכטיקער געשיכטע מיט אַ יונג, ווילד מיידל, אַ פֿאַרפֿירטע קעגן איר ווילן.

שוין שפּעט נאָך האַלבן טאָג, וואָס האָט זיך גענומען לעשן מיט אַ קאַלטער גרויקייט, האָט שמעון מער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט אויפֿגעזוכט ר' אבאַן, כדי מיט אים צו פֿאַרענדיקן די חשבונות און געזעגענען זיך מיט דער אַרבעט. ר' אבא האָט אַלץ נישט געקאָנט געפֿינען קיין צייט דערויף, ער האָט אַלץ געפֿונען אַרבעט פֿאַר שמעונען. ענדלעך האָט ער זיך מיט אים צערעכנט און שמעון האָט אפֿילו נישט באַמערקט ווי דער רעכענונג האָט אויסגעזען. ער האָט גענומען געלט און נישט געוווּסט וויפֿל. ר' אבא האָט זיך מיט אים געזעגנט אויפֿן ייִדישן שטייגער, אים געוווּנטשן ער זאָל באַפֿרייט ווערן פֿון „גוייִשע הענט" און טאָמער וועט גאָט העלפֿן, קאָן ער קומען צוריק צו דער אַרבעט, ער האָט צו אים הלילה נאָרנישט.

שמעון איז אַרויס פֿון דער פֿאַבריק־שאָפּ. עס איז געשטאַנען אַ פּראָסטיקע לופֿט, און אויף דער גאַס איז געווען אַ פֿאַרנאַכטיקער אומעט.

ער האָט זיך ווידער געלאָזט לויפֿן איבער די גאַסן. און אַליין נישט וויסנדיק וווּהין ער גייט, איז ער געקומען צו דער גאַס, וווּ מאָטיע האָט געוווינט. ער איז עטלעכע מאָל אַרומגעגאַנגען אַרום דעם הויז, ער האָט אַרײַנגעקוקט אין די פֿענצטער. עס איז געווען טונקל און שטיל. ער האָט זיך איצט געכאַפּט, אַז ער ווייסט נישט וועלכער פֿענצטער עס געהערן צו פֿאַניען און צו די אַלטע קאַלינעס, ווו אָלגאַ האָט געוווינט. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז עס איז איצט אין דעם טונקל פֿונעם אָוונט נישט מעגלעך, אַז אָלגאַ זאָל אים קאָנען דורכן פֿאַרפֿרוירענעם פֿענצטער דערזען.

עס איז געווען פֿינצטער אין אַלע פֿענצטער און דאָס האָט אים נאָך מער געגעבן צו פֿילן זיין עלנט. ער האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק פֿאַרבענקט נאָך אָלגאַן. עפּעס האָט זיך איצט אין אים אָפּגערופֿן אַ געפֿיל פֿון באַליי־

דיקונג, וואָס ער האָט לעצטנס אָפּט איבערגעטראָגן. עס איז אים איצט קלאָר געוואָרן, אַז נאָר בעטלער און הפקר־מענטשן זענען באַפרייט פון דער פּיין פון שעמען זיך. פאַרוואָס דאַרף ער דאָ שטיין און בעטלען די רעכט צו זען אָלגאַן, וועלכע ער האָט געפירט דורך אַלע וועגן. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט גיכע טריט און מיט אַן אויפגעשטורעמט האַרץ אַ קלונג געטאָן ביים גלעקל פון מאָטיעס טיר.

עס האָט געדויערט. ער איז זיכער געווען, אַז מאָטיע איז איצט אין דער היים נישטאָ, אָדער אפשר דרימלט ער אין זיין טונקעלן צימער, קעגנאיבער דעם טאַטנס בילד. און ווידער האָט זיך אים אויף אַ רגע געדאַכט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט איבערצורייסן די ווערטפולע רו פון דעם אויסגעצערטלטן, איידעלן מאָטיען. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט שלעפּעדיקע, ווייכע טריט. ער האָט דערקענט די טריט פון דער דינסט:

— ווער איז?... — האָט זי געפרעגט.

— דאָס בין איך... צו מאָטיען... אַן אייגענער...

— צום „פּאַניטש“?... — האָט זי איבערגעפרעגט און געעפנט די טיר. עס איז געווען זייער טונקל. זי האָט א קוק געטאָן אויף שמעונען און כאָטש זי האָט אים געקענט, האָט זי דערשראָקן אויסגעשריגן:

— וואָס ווילט איר?...

און זי איז אַנטלאָפן אינעם טונקעלן קאָרידאָר אַריין.

שמעון האָט א שפּאַן געטאָן ווייטער. ער האָט באַדאַרפט דורכגיין אַ לאַנגן קאָרידאָר, כדי צו קומען צו מאָטיעס צימער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן דעם וועג אין דעם טיפן טונקל. ער האָט באַדאַרפט אַרויפגיין אַ פּאָר טרעפּ, און ער האָט געהערט ווי די גויעשע דינסט האָט דערשראָקן געשריגן: „פּאַניטש מאָטיאַ“. אין איר שטים איז געווען אַ פּויערישע שרעק און חוזק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

און דאָ האָט שמעון, אין דעם טיפן טונקל, דערהערט פון מאָטיעס טיר שטילע, ווי דרימלדיקע טענער פון אַ גיטאַרע. שמעון האָט גאָרנישט געקלערט, ער האָט נאָר געפילט, ווי עס געשעט עפּעס, וואָס וויל בשום אופן נישט אַריין אין זיין קאָפּ אַריין.

ער איז געשטאַנען הינטער מאָטיעס טיר, ער האָט אויסגעצויגן די האַנט אָנצוקלאַפּן אין איר, אָבער די האַנט האָט זיך נישט געוואָלט באַוועגן. פון יענער זייט טיר האָט ער געהערט שטיל עפּעס זינגען און די גיטאַרע האָט נאָכגעשיקט שטילע, פאַרטראַכטע טענער. די שטימע איז געווען אַ קינדערישע, אַ ביסל אַ הייזעריקע. דאָס איז געווען אָלגאַס שטימע.

שמעון האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. ער האָט געהערט טריט, אומ־רואיקע טריט. עמעצער האָט געפרעגט, עמעצער האָט געעפנט די טיר:

— ווער איז דאָ?...

— איך... — האָט שמעון געענטפערט און געבליבן צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט.

דאָס איבערגעשראָקענע פלאַפּלען פון דער נאַרישער דינסט האָט זיך נאָך אַלץ געטראָגן פון אַ ווייטן, טונקעלן ווינקל. זי האָט דערציילט אויף איר האַלב־אוקראַינישן און האַלב־יידישן לשון, ווי זי האָט געעפנט די טיר, זי האָט נישט געוווסט, אַז דער „באַרין" מיט דער „באַרישניע" זענען דאָרט, און דאָ האָט זי דערזען דעם „דיאַדקאָ", אַזאַ שוואַרצער, ווי אַ „טשאָרט"... „באָזשענקאַ"... זי האָט געמיינט, אַז זי וועט שטאַרבן פון שרעק...

מאָטיע האָט נישט אָנגעצונדן די ליכט און אַזוי אין דער פינצטער געשטאַנען נעבן שמעונען. דאָס האָט געדויערט אַ לענגערע ווײַלע. שמעון איז אַלץ געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. זײַנע אויערן זענען געווען אָנגעשפּיצט צו יענער זייט צימער, ווו ער וואָלט מיטן געהער געוואָלט דער־זען אַלגאַן, וואָס איז דאָרטן שפּיל געבליבן.

שמעון האָט געפילט מאָטיעס אָטעם, ער האָט געפילט זיין וואַרעמע אויסגערוטקייט, ווייל שמעון איז געווען אָנגעפילט מיט קעלט און אומרו פון לאַנגן אַרומגיין אויף דער גאַס. ער האָט געפילט ווי ווייט און פרעמד אים איז איצט מאָטיע. ער האָט נאָך אַלץ נישט געקלערט וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן מאָטיען און אַלגאַן אין דעם טונקעלן צימער. שמעונס אייפערזוכט איז נאָך אַלץ געווען געווענדעט צו דעם נישט־באַ־קאַנטן, שוואַרצן סטודענט, וועגן וועלכן אַלגאַ האָט דערציילט, צו דעם סטודענט, צו וועלכן זי גייט זיך לערנען זינגען.

ערשט איצט, ווען פון מאָטיעס געשטאַלט האָט אַ שטראָם געטאָן די אויסגערוטע וואַרעמקייט און ס'האָט אַ קלונג געטאָן די געדעמפּטע טענער פון דער גיטאַרע און אַלגאַס שפּילע זינגען, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהערט פון הינטער דער טיר, האָט אים אַ ברי געטאָן פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטער קוועל און אַ דינער שטאָך האָט זיך אָנגערופן אין זיין האַרץ.

מיטאַמאָל האָט מאָטיע אַ שפּאַן געטאָן.

— וואָס איז עפּעס פינצטער?... — האָט ער אויסגערופן — פראָ־סיא... האָט ער אַ רוף געטאָן צו דער דינסט — פאַרוואָס איז פינצטער?...

פראָסיע האָט זיך באַוויזן מיט אַ לאָמפּ. אַ רויטלעכע שיין האָט גע־שפּאָלטן די טונקלקייט. די רינסט האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף שמעונען מיט אַ שמייכל פון נאַרישעוואַטער צעשראָקנקייט צוזאַמען מיט עפּעס אַ כּימרען וווּנק און צוגעשאָקלט מיטן שפּיץ פון איר גראָבן טוך, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ.

מאָטיע איז צוליב עפּעס צו צו דער טיר. דערנאָך, ווי ער וואָלט ערשט איצט דערזען שמעונען, האָט ער ווי שטענדיק זיך צו אים געווענדעט מיט אַ פּראָטעקטאָרישער פריינדלעכקייט:

— נו, וואָס מאַכט איר?... וואָס איז היינט ביי אייך?... שוין נאָך דער אַרבעט?... אזוי פרי?... קומט אַריין... אייער חברטע... אָלגאַ, איז טאַקע ביי מיר... זי זינגט זייער שיין... מען וואָלט באַדאַרפט זי בילדן... זי איז אַ טאַלאַנט... זי איז מוזיקאַליש... אַ שאָד...

מאָטיע האָט גערעדט, פאַרמאַכנדיק די אויגן, ווי פאַר דעם פּלוצלונגן ליכט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין די טונקעלע ווינקלען פונעם קאָרי־דאָר. ער האָט געעפנט די טיר פון זיין צימער און מיט אַ נייער, צו־הויכער שטימע, אַ רוף געטאָן:

— קומט אַריין... דאָ איז וואַרעם....

שמעון האָט אַריבערגעשפּאַנט די שוועל. אין מאָטיעס צימער האָט זיך די טונקלקייט נאָך געאַמפּערט מיט דער נאַר־וואָס אָנגעצונדענער לאָמפּ אין דער דרימלענדיקער רו פון דעם שטוב. שמעון האָט געקוקט מיט אַלע חו־שים פון זיין אָנגעווייטיקט געמיט. ער האָט געוואָלט מיט זיין בליק דורכ־שטעכן, ארומנעמען אַלץ, וואָס דאָ האָט געקאָנט פאָרקומען פריער. מאָטיע איז שוין איצט געזעסן אויף זיין אָרט, ביים אַלטן גרויסן שרייבטיש, אויף דעם פאָטערס ווייכער שטול. קעגנאיבער, אויף דער שוואַרצער, צעראַטע־נער סאָפע, איז געזעסן אָלגאַ. זי האָט, זעט אויס, גאָרנישט געענדערט אין איר פּאָזע. ווייל זי איז האַלב־געלעגן, די פיס איינגעוויקלט אין אַ פּלעד. נעבן איר איז געלעגן די גיטאַרע. זי האָט זיך אַפילו אויף איר אופן דער־פרייט מיט שמעונען. און מיט א קינדערישער פשוטקייט אַ פרעג געטאָן:

— אָ, סימאָן... האָסט געוווּסט, אַז איך בין דאָ?... דאָ איז אזוי וואַ־רעם...

און מיט דער זעלבער פשוטקייט האָט זי צוגעגעבן:

— איך דאַרף שוין גיין... איך דאַרף מאַכן דעם סאַמאָוואַר... באַלד וועט קומען פאַניעטשקע...

און זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער סאָפע. זי האָט זיך אויסגע־צויגן מיט די הענט אין דער הויך, פון וואָס איר קליידל האָט זיך פאַרהויבן און עס האָט זיך ארויסגעשניטן די פולע קרעפּטיקע און רונדע־פיינקיים פון אירע פיס.ביידע מענער האָבן אונטערגעכאַפּט אָלגאַס באַוועגונג, ווען ביי אירע אויפגעהויבענע הענט האָט אַ שפּיל געטאָן די געטאַקטקייט פון איר האַלדז און ברוסט. און ווען שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף מאָטיען, האָט יענער אויפגעהויבן זיין בליק אין דער הויך און שטיל געפרעגט:

— נו, ווי גייט עס אייך ביי דער אַרבעט?...

— איך אַרבעט נישט... — האָט שמעון שטיל געענטפערט.

— פאַרוואָס?... — האָט מאָטיע געפרעגט און זיין איידל פּנים האָט אויסגעדריקט אַ קוועל.

שמעון האָט אָפּגעשוויגן. אים האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז וועגן דעם וואָס מען רופט אים צום מיליטער, דאַרף ער אויסבאַהאַלטן פאַר מאָ־טיען. כאָטש צוליב דעם איז ער אהערגעקומען.

מאָטיע האָט אומגעדולדיק געפרעגט:

— איר האָט עפּעס בעסערס... געפונען?...

— ניין... נאָר... איך מוז אַוועקפאָרן...

— וווהין ווילט איר פאָרן?...

אין דער מינוט איז אָלגאַ צוגעקומען צום טיש. זי איז שוין געווען אין איר מאַנטל און האָט אָנגעטאָן דאָס הימעלע אויף אירע שווערע, טונקעלע האָר. זי האָט דערכאַפּט שמעונס לעצטע ווערטער וועגן אַוועקפאָרן. און ער האָט נאָך א לאַנגער צייט ווידער דערזען איר פרישן, גלאַנציקן בליק.

— יאָ... — האָט ער געזאָגט — איך מוז אַוועקפאָרן...

ער האָט אליין צוליב עפּעס נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער דאַרף גיין צום מיליטער שוין אין צוויי טעג אַרום.

מאָטיע האָט א מינוט געשוויגן און געפרעגט:

— וו פאָרט איר?...

— איך ווייס נאָך נישט... איך וועל פאָרן ווייטער... אפשר קיין קיעוו...

שמעון האָט נישט געוואָלט זאָגן: „אָדעס“.

מאָטיע האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט:

— נו, און אָלגאַ?...

דאָס וואָרט „אָלגאַ“ האָט מאָדנע אַ קלונג געטאָן אין מאָטיעס מויל. אין שמעונען האָט עפּעס אַ צאַפּל געטאָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז איצט וואָלט ער באַדאַרפט זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס און וואָגיקס.

אין דער מינוט האָט זיך געהערט, ווי די טיר האָט זיך געעפנט אין פאָדערהויז און באַלד איז אין צימער אַריין פאַניע, זי איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל און אויסגעשריגן:

— אָ, מאַטיאַ, דו ביסט נישט אַליין?... דו האָסט געסט... אַך אָלעטשקאַ...

זי האָט זיך באַגריסט מיט שמעונען און אַלץ גערעדט צו אָלגאַן:

—אָלעטשקאַ... וואָס טוסטו דאָ?... איך האָב דיך געזוכט... נישט געוווסט, אַז ביסט גאָר דאָ...

דערנאָך האָט זי געזאָגט צו שמעונען און צו אָלגאַן:

— איר זענט שוין פון לאַנג דאָ?... איך בין פאַרבייגעגאַנגען פריער, איז געווען פינצטער...

— איך בין ערשט געקומען... — האָט שמעון שטיל געענטפערט און ס'איז געוואָרן שטיל.

שמעון האָט וואָס גיכער געוואָלט ארויס פון דאַנען מיט אָלגאַן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— אָלגאַ... איך וועל דיך צופירן... איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן...

— אָלעטשקאַ... דו ווערסט דאָך באַלד קומען?... מען דאַרף שטעלן דעם סאַמאָוואַר... עס איז שפּעט...

זי האָט פאַרריכט אָלגאַן דאָס היטעלע אויפן קאָפּ. און דאָ האָט פאַניע געזען ווי אָלגאַ נעמט אַראָפּ פונעם טישל אַ טעוועלע שאָקאָלאַד. אָלגאַ האָט פלינק אַריינגעלייגט דאָס טעוועלע שאָקאָלאַד אין קעשענע.

— אָ, איך זע, אַז איר האָט דאָ אָן מיר גענאַשט...

— יאָ... — האָט מאַטיע געזאָגט... — איך האָב אָלגאַן מכבד געווען...

שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף פאַניען. אירע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, אַ פאַרב האָט פאַרגאָסן איר פּנים. זי האָט אויפסניי באַקוקט אָלגאַן, ווי זי וואָלט זי ערשט איצט דערזען, דערנאָך האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מאַטיען. זי האָט זיך אַ גלעט געטאָן איבערן פּנים, אַ שפּאַן געטאָן איבערן צימער. זי איז צו צו דער שוואַרצער סאָפע. עס איז געווען מאָדנע שטיל און אַלע האָבן געקוקט אויף פאַניען. פּלוצלונג האָט פאַניע אויסגעשטרעקט ביידע הענט און ווי נישט מיט איר קול האָט זי אַ שלוכץ געטאָן:

— גייט... גייט... אָלעטשקע...

זי האָט אַ פאַל געטאָן מיטן פּנים אויף דער סאָפע און טרייסלענדיק זיך צעוויינט.

מאַטיע איז צוגעלאָפן צו איר, זיך געבויגן איבער איר:

— ס'איז גאָרנישט... נאַרישקייטן... — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין.

שמעון האָט לאַנגזאַם אַרונטערגערוקט זיין האַנט אָלגאַן אונטערן אָרעם, ווו זי האָט געהאַלטן די גיטאַרע. ער האָט זי אַ נעם געטאָן פונעם אָרט:

— קום, אָלגאַ... — האָט ער שטיל און קרעפטיק אַ זאָג געטאָן און זי אַרויסגעפירט פונעם צימער. זי איז שפרינגענדיק ווי אַ קינד, געגאַנגען נאָך אים, זיך געריסן אויף צוריק, צום סוף האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון זיין אָרעם און אויסגעשריגן:

— לאָז אָפּ... ס'טוט ווי...

— קום, אָלגאַ... דו דאַרפסט גיין מיט מיר...

שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט איר האַנט. זיי האָבן געשפּאַנט איבערן הויפל, איבער די בערגלעך פאַרפרוירע־נעם שניי. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם פלויטל, וואָס האָט געפירט צום צווייטן הויז. ווו פאַניע האָט געוווינט.

— אָלגאַ... — האָט שמעון געפרעגט — דו ווייסט וואָס דו האָסט געטאָן? דו האָסט געזען... פאַניע איז אייפערזיכטיק... זי האָט געוויינט... צו וואָס דאַרפסטו דאָס?...

— איך ווייס... זי איז אייפערזיכטיק... אַלע זענען אַזוי... און מיך אַרט ניט... זי האָט ניט געוווּסט, אַז איך קום צו אים... ער האָט גע־וואָלט, אַז זי זאָל נישט וויסן... מיר איז אַלץ איינס. ער איז אַ גוטער, מאָטיע... וואָס בין איך שולדיק?... ער הייסט מיר קומען... שוין אַ סך מאָל ביי אים געווען... ער בעט מיך... ער זאָגט...

שמעון האָט טונקל געזאָגט:

— נו, און דו, אָלגאַ... וואָס זאָגסטו?...

— איך זאָג... ווען איך וויל... האָב איך ליב...

און זי האָט זיך אַ דריי געטאָן אויף איין פוס, אַ טאַנץ געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן איבער די סטרונעס פון דער גיטאַרע.

— איך בין אַ „ווערדנע“... איך האָב נישט ליב... קיינעם...

שמעון האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט:

— נו, און מיך?...

ער האָט זי מיט אַלע כוחות אַרומגעכאַפּט:

— נו, און מיך האָסטו נישט ליב?...

— דיך...

און זי האָט זיך מיטאַמאָל צעלאַכט. איר מויל האָט געאָטעמט מיט שאָקאָלאַד. זי האָט ברייט צעשטעלט די פּיס און איז פּלוצלונג געוואָרן גרויס, אירע האָר האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון אונטערן היטעלע:

— דיך...

זי האָט אים אַ ראַציקן גלעט געטאָן איבערן פּנים און דער גלעט האָט מאָדנע וויי געטאָן. שמעון האָט שווער געאָטעמט און זי האָט אַלץ געלאַכט.

מיטאַמאָל איז זי שטיל און אומעטיק געוואָרן. זי האָט אים גענומען אונטער דער האַנט און מיט אַ צעפּיעשטשעט קול אָנגעהויבן רעדן:

— אַך, וואָס וועט זיין?... פּאַנימשקע... זי איז אייפערזיכטיק... אָבער איך בין נישט שולדיק... ער האָט מיך אַזוי געבעטן... איך וועל זאָגן... ער האָט מיך אַזוי געבעטן: קום אַריין צו מיר... וועסט מיר עפּעס זינגען... ער איז אַ „משעסנער“... אַ ווילער... מאַטיאַ... אַן איידעלער ווי אַן „אוּ־משיטיעל“... דו ביסט אַן אַנדערער... אַך... דו ביסט אַ זשוליק... אַ פּוי־לישער...

און זי האָט געלאַכט מיט אַ יונג, ווילד און הפקר געלעכטער, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דער אומעטיקער, קאַלטער, פּראָסטיקער, מונ־קעלער גאַס.

## .27

עס איז נאָך געווען טונקל אין דרויסן, ווען שמעון איז אַרויס פון זיין „סטאַנציע“, וווּ ער איז כמעט די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ער איז געלעגן אויף זיין בעטל אין דער דושנער, רויכערדיקער לופט פון עפּעס קליי־נעם שטיבל און געהערט די לאַנגע, שווערע קרעכצן פון דער באַלעבאָסטע, דער אַלמנה, וואָס האָט גאַנצע נעכט געפירט אײמהדיקע שמועסן מיט אירע קרובים פון יענער וועלט, אַז זיי זאָלן „לויפן זיך מיען, אַז איר ייִנגל, דער פּרנסה־געבער, וואָס האָט באַדאַרפט גיין צום „פּריזיוו“, זאָל באַפּרייט ווערן פון גויאישע הענט“...

אַ גרויע, שווערע און פייכטע לופט האָט זיך אויף אים אַ לייג געטאָן, ווי נאָר ער איז אַרויס אינעם טונקעלן, פאַרטאָגיקן געסל, וואָס האָט זיך ערשט גענומען וועקן — דאָס שמאָלע געסל מיט די שוואַרצלעכע, ברודיקע בערגלעך שניי און די פאַרוויכערטע פענצטער, פאַרקאַוועטע אין קעלט, ווי די גאַנצע לופט וואָלט זיך געשטיקט אין אַ קראַנקן, רייסנדיקן הוסט.

מיט אַ פאַרדומפּענעם רעש האָבן געקרייט הענער. עס האָבן געקלאַפּט

לאָדן, און איינציקע, געהויקערטע, ווי צעטראָטענע מענטשן האָבן זיך איי־ ליק, ווי ווערים געטראָגן פון אַלע זייטן.

די לעצטע צוויי נעכט, זינט שמעון האָט זיך באַגעגנט מיט אָלגאָן, האָט ער שוין קיין רו נישט געהאַט. מאָרגן אין דער צייט באַדאַרף ער זיך צושטעלן צו דעם מיליטער־פּונקט; און אַלץ, וואָס קאָן מיט אים ווייטער געשען, איז פאַר אים געשטאַנען ווי אַ געדיכטער נעפּל. ער האָט נישט געהאַט קיין שום האָפענונג, אַז מען זאָל אים פון מיליטער באַפרייען, ווייל די גאַנצע שטאָט איז געווען דורכגענומען מיט דער שרעק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם אָרט, וווּ מען האָט גענומען צום מיליטער די גערופענע. אַמיינסטן פאַרצווייפלט איז געווען די אָרעמקייט, צוליב דער שטרענגקייט, מיט וועלכער מען האָט גענומען יונג און אַלט. פון טאָג צו טאָג זענען אַוועקגענומען געוואָרן הונדערטער מענטשן פון די אָרעמע שטובן. און אויב עס זענען געווען מיטלען זיך אויסצוקויפן, איז עס, ווי שטענדיק, געווען נאָר פאַר די רייכע, וואָס האָבן געקאָנט און געוווּסט דורך וועלכע וועגן צוצוקומען צו דער „נאַטשאַלסטוואָ“.

דערפאַר האָט שמעון נאָך דער גאַנצער נאַכט קלערן זיך געלאָזן איצט מיט אַ גאַנצן קנויפּ הינטערשטאָטישע פלעצער אַראָפּ־צו, צו די געלע, „קאַ־ זיאָננע“ הייזער, וווּ עס איז געזעסן די קאָמיסיע. ער האָט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי דאָס זעט אויס. ער האָט געזוכט עפּעס, וואָס וואָלט געקאָנט גילטן זיך צו באַפרייען, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, כאָטש אויף אַ פּאָר חדשים.

דערפאַר איז ער געגאַנגען מיט שטיקער צעדרויבלטע געסלעך פון האַלב־דאָרף און האַלב־שטאָט, וווּ אין דעם גרויצן שניי האָבן, ווי אַלטע, קראַנקע ציין, געשטעקט שטיקער חורבות, פלויטן. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער בית־עולם, אַן אויסגעשטאָרבענע וועלט. שמעונען האָט זיך גע־ דאַכט, אַז ער לייענט אַן אַלט בוך מיט אויסגעריסענע בלעטער, שמות, וואָס דערציילן וועגן געשטאָרבענע, וואָס האָבן דאָ אַמאָל אַרומגעוואַנדלט איבער די חורבות.

גראָד היינט האָט ער געפילט, אַז ער איז יונג און געזונט. ער האָט געטראָטן איבער דעם שטייפן שניי, וואָס איז געווען נעקרעפטיקט פונעם הינטערשטאָטישן, פרייען ווינט. ער האָט געטראָגן נייע, גאַנצע און שטאַר־ קע שטיוול און אַ קורץ, פוטערן פעלצל, וואָס ער האָט דאָ ביי זיין אַרבעט פאַראיבעריקט; און אויך זיין האַרץ איז געווען פול פון אַן איינגעברויזט געפיל צו אָלגאָן. ערשט איצט האָט זיך אָלגאַ פאַר אים אַנטפּלעקט ווי אַ פרוי.

ער האָט אין די נעכט אָן שלאָף געקלערט וועגן דער לעצטער באַגעגעניש, ווען ער האָט זיך געפונען ביי מאָטיען אינעם טונקעלן צימער און קיין שאָטן פון וועלכן עס איז שלעכט געפיל, אָדער אייפערזוכט האָט ער אין זיך צו מאָטיען נישט געפונען. שמעון האָט זיך גאָרנישט געוווּנדערט, וואָס מאָטיע, דער איידעלער, קינדערישער מאָטיע, האָט זיך פאַרליבט אין איר. ערגעץ אין דער טיף איז ער אפילו געווען צופרידן, וואָס דאָס איז שוין געשען, זייענדיק זיכער, אַז צווישן אָלגאַן און מאָטיען איז גאָרנישט פאָרגעקומען.

שמעון האָט געקענט דאָס לעבן מיט א פרוי און ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין זיין וועג מיט אָלגאַן, דער האַלבער ציגיינערין פון דער אָדעסער מאָלדאַוואַנקאַ, וועט ער נישט אָנטרעפן אויף יונגע מענטשן, וואָס וועלן זיך אין איר פאַרליבן. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז קיינער א חוץ אים, וועט אין איר נישט אויפוועקן אירע הפקרע גרייטקייטן צו וואַנדערן אָן אַ ציל.

ער האָט געוווּסט, אַז אָלגאַ האָט איצט אַריינגעטראָגן א טיפע צעררודערונג צווישן מאָטיען מיט פאַניען. ער האָט אויך געהאַט די זיכערקייט, אַז אָלגאַ איז ווייט זיך צו דערנעענטערן ווי אַ פרוי צו מאָטיען, אָדער צו עמעצן אַנדערש פון דעם קרייז, וואָס זיי האָבן דאָ אָנגעטראָפן.

קיינמאָל, פון דער צייט, ווען ער איז מיט איר אַוועק פון וואַרשע און איז מיט איר געווען דורך טעג און נעכט, האָט זי נאָך אַזוי זיס און נאָענט מיט אים נישט געשפּילט, ווי אין דעם אָוונט, נאָכדעם ווי ער איז מיט איר אַוועק פון מאָטיעס צימער, ווען זיי האָבן איבערגעלאָזט פאַניען אַ וויינענדיקע.

גייענדיק אַנטקעגן דעם פרישן, פרימאָרגנדיקן ווינט, האָט שמעון געפילט, אַז איצט וועט ער אָלגאַן נאָר דאַרפן אַ רוף טאָן און זי וועט גיין מיט אים אַלץ ווייטער און ווייטער.

וואָס נעענטער צו די „סטראָיעזעס“, ווו מ'האָט געררופן די געגנט, אַלץ אָפטער האָט שמעון אָנגעטראָפן מענער און פרויען, יונגעלייט און עלטערע, באַגלייט פון מאַמעס און ווייבער און קינדער; „פריזיוווניקעס“ און „זאַפּאַסנע“, האַלב־שלאָפנדיקע, פאַרוואַקסענע, אויסגעמאַטערטע, וואָס האָבן זיך חדשים לאַנג געמאָרעט, כדי באַפרייט צו ווערן פון מיליטער, פון דער מלחמה.

שמעון האָט געוווּסט, אַז מאָרגן וועט ער גיין אַהער און אפשר צום לעצטן מאָל. אַז באַלד פון דאַנען קאָן מען אים אַוועקשיקן. עס איז אָבער

אַלץ נאָך דאָ אַ טאָג, אַ נאַכט, און דאָס איז גענוג צו אַנטלויפֿן מיט אָלגאַן. אפשר וועט זי מאָרגן, אַזוי ווי אַנדערע פֿריִער, גיין מיט אים אַהער, ווי אַ נאָענטע, איין און איינציקע, אפשר וועט זי אים איצט ווייזן איר נאָענטקייט, איר טרייִשאַפֿט.

אַ וואַרעמע פֿאַליע האָט זיך צעגאָסן איבער זיין האַרץ, און אים איז מיטאַמאָל געוואָרן גוט.

*　　*
*

אַ לאַנג, נידעריק, געל הויז מיט אַ גרינעם דאַך, מיט אַ לאַנגן, געלן פּלויט אַרומגעצוימט, אַ וואַך=בודקע באַמאָלט מיט רויט=שוואַרץ און ווייס, נעבן וועלכער עס איז געשטאַנען אַן אַלטפּרענקישער רוסישער סאָלדאַט מיט אַ באָרד און אַן אַלטמאָדישער ביקס — דאָס איז געווען די „פּריסוטסטוויע“, וווּ עס איז געזעסן די פּריזיוו=קאָמיסיע, וואָס האָט צוגענומען צום מיליטער.

אַן אָנגעפּעלצטער „גאַראָדאָוואָי“, אין ברייטע, בלויע הויזן, אין אַ קייזלעכיק באַראַשקן היטל, מיט אַ מעשענער בלעך, איז געלאָפֿן אויף זיינע צעדרייטע וואָילאָקעס, געיאָגט, געטריבן, אויסגערופֿן און אַלע מאָל געמאָלדן עפּעס אַ נייעס.

אויף דעם פּאַרשנייטן, אויסגעטרעטענעם הויף האָבן אַרומגעפּינטלט ייִדן, ווייבער און יונגעלייט. אַלעמאָל האָט אַ ייִדענע אָדער אַ מאַמע געחלשט; איז געוואָרן אַ געלויף, מען האָט געהאַטעוועט מיט חלשות=טראָפּן און פֿלעשלעך טיי, וואָס מען האָט מיטגענומען פֿאַר די שוואַכע. בײַ יעדן וואָס האָט זיך באַהאַרפּט „שטעלן“, איז געשטאַנען אַ רעדל מענטשן, מען האָט געגעבן עצות, געווונטשן און מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ געלויף און אַ געקלאָג. ווי אויף אַ בית=עולם. פֿון אַלע עקן זענען אָנגעקומען געפֿרוירענע, צעשראָקענע און צעטומלטע ייִדן און ווייבער, מען האָט געפֿרעגט איינער בײַם אַנדערן:

— וואָס הערט זיך?... ייִדן?...

— מען שעכט...

— מען שנײַדט...

— ס'איז אַ שׂרפֿה...

אָפּגעזונדערט אין אַ זייט, זענען געזעסן אויף זייערע קעסטלעך אַ רעדל פויערים און פויערטעס אין זייערע ווייסע, שעפּסענע פּעלצן. נעבן זיי איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי וועגענער מיט קליינע פויערישע פערדלעך. דאָ האָט מען געטרונקען בראָנפן, געשפּילט אויף אַ האַרמאָשקע און נאָך איידער מען האָט זיי צוגענומען צו די זעלנער, האָט מען שוין פון דער ווייטן געפילט פון זיי דעם שווערן, געדיכטן ריח פון „דזשעגעטש“.

כאָטש ס'איז נאָך געווען אַזוי פרי, איז שוין דאָ אויף דעם פּלאַץ געווען געדיכט פון מענטשן. מען איז געקומען מיט פורן, אויסגעזעצט מיט גאַנצע משפּחות. אַ גרויסע ראָד מענטשן האָבן אַרומגערינגלט אַ „באַפרייטן“. דער באַפרייטער איז געגאַנגען אין דער מיט און מען האָט אים קוים אַרויסגעזען. ער איז געווען קליין ווי אַ קינד, ער איז געלאָפן אויף קורצע, קינדערישע דינע פיסלעך און זיין קליין, פאַרריסן קעפּעלע, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון צוויי שוואַרצע, אָנגעווייטיקטע אויגן און אַ קליין דאַר בערדעלע, האָט זיך געשאָקלט צווישן זיינע ביידע הויקערס פון הינטן און פון פאָרנט. אַ גרויסע יידענע אין אַ גרויען טוך איבערן קאָפּ האָט אים געפירט פאַר אַ האַנט. זי האָט געכליפּעט פון פרייד און אַלע האָבן איר געוווּנטשן מזל־טוב. אַ חברה געזונטע, באַשטיוולטע יונגען, „פּריזיוואָניקעס“, האָבן הוזק געמאַכט, האָבן געשריגן צו דער יידענע:

— אַזאַ „גוואַרדיאַן“ האָט מען באַפרייט... און אונדז נעבעך, „שוואַכע ייִנגלעך“, וועט מען נעמען... זאָל ער שטעלן בראָנפן. אַז נישט... וועלן מיר אים מסרן...

דער עולם האָט געלאַכט:

— ווי באַפרייט מען דאָס אַזאַ „גערויִ“?... „פּאָניע“ וועט פאַרשפּילן די מלחמה אָן אים...

די „צוגענומענע“ יידן האָבן, אַזוי ווי די גויים, געטרונקען בראָנפן, געזונגען אַלטע יידישע לידער וועגן „פּאָניען דינען“, אַרומגעכאַפּט פרעמדע מיידן, באַפאַלן גבירישע יונגעלייט, זיי זאָלן געבן געלט אויף בראָנפן. עס האָבן זיך געשיט פרייִלעכע ווערטלעך, צוזאַמען מיט געוויינען פון מאַמעס און ווייבער.

שמעון האָט זיך שוין דאָ באַקענט מיט אַ גאַנצער חברה, וואָס האָט געפירט דאָס רעדל. מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף לאַנגע בענק נעבן דעם געלן הויז און מען האָט גערעדט וועגן דעם, וווּהין מען שיקט די צוגענומענע צום מיליטער, וועגן שלעכטע און גוטע דאָקטוירים און „נאַטשאַלניקעס“. דערביי האָט זיך שמעון דערוווּסט, אַז מאָרגן דאַרף זיצן דער „שלעכטער

דאָקטאָר“, דער משומד, וואָס איז ערגער פון אַלע גויים, וואָס „שעכט“ און נעמט צו אפילו קאַליקעס.

דער „גאָראָדאָוואָי“ איז אַלע מאָל אַרויסגעקומען מיט אַ צעטל. ער האָט געעפנט אַ גרויס מויל מיט בלויע ציין און, צוזאַמען מיט אַ געדיכטער פאַרע, אויסגעשריגן די נעמען, ווו ס'האָט זיך אַמיינסטן געהערט דער נאָמען „מאָשקאָ“. ביי יעדן נאָמען איז געוואָרן אַ גערודער און אַ לויפעריי.

מיטאַמאָל איז שמעונען עפּעס קלאָר געוואָרן, ווי עמעצער וואָלט אין אים אַריינגעלייגט אַ נייעם, לעבעדיקן אָדער. עס האָט אין אים אַ קלאַפּ געטאָן אַ ווילן, וואָס איז גלייך איבערגעגאַנגען אין אַ פּיבערהאַפטן דראַנג אויסצופירן. ער האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דעם טויער צו דעם „גאָראָדאָוואָי“ און אים פאַרהאַלטן פאַר אַן אַרבל:

— גאָספּאָדין „גאָראָדאָוואָי“... איך דאַרף מיך שטעלן צום פּריזיוו... אָבער איך וויל נישט וואַרטן... איך וויל וואָס גיכער זיין אַ סאָלדאַט...

דער „גאָראָדאָוואָי“ האָט געקוקט אויף אים מיט זיינע קיילעכדיקע, גרויע אויגן, ביז וואַנען ער האָט דערזען אַ זילבערנעם רובל אין שמעונס האַנט, וואָס איז קונציק אַריינגעפאַלן אין דעם „גאָראָדאָוואָיס“ בריטן, גראָבן אַרבל.

— אַהאַ... — האָט דער „גאָראָדאָוואָי“ אַ זאָג געטאָן — דו ווילסט היינט... „כאַראַשאָ“... „מאָזשנאָ“... איך וועל דיך אַריינציען אין „ספּיסאָק“... עס פעלט טאַקע אַ „זשידאָק“... קום אין קאַנצעלאַריע... גיב דיינע פּאַפּירן...

און דער „גאָראָדאָוואָי“ האָט אים אַ פיר געטאָן פאַר זיך, אויף די פּייכטע, שוואַרצלעכע טרעפּ פון דעם אַלטן, געלן הויז.

.28

לאַנג און שלעפעריק האָט זיך געדרוקט דער קורצער, פּראָסטיקער ווינטער־טאָג, וואָס האָט זיך פאַר שמעונען אָנגעהויבן נאָך אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט אין דעם לויף פון דער צייט, אָדער נאָר פון זיין צייט, פון וועלכער ער איז ווי אַרויסגעפאַלן. די צייט איז ווי מיט קאַלטע, פאַרגליווערטע שעהן געקראָכן אַרום דעם געלן „קאַזיאָננעם“ הויז פון דער מיליטערישער „פּריסוסטוויע“.

די מענטשן זענען אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דער שלעפּעריקער פוילקייט און זענען נאָך די ערשטע פּאָר שעה געוואָרן ווי איין דערשלאָגענע משפּחה און האָבן שוין אָנגעהויבן לעבן אינעם זכות פון די עטלעכע נאַטשאַלניקעס און דאָקטוירים, וואָס זענען געזעסן אויבן, אויפן ערשטן שטאָק, אין די גרויסע, אָנגעהייצטע צימערן, און יעדער זייער ריר האָט אַרויסגערופן אַ גערודער ביי די מענטשן, וואָס האָבן באַלייגט דעם ליידיקן פּלאַץ, געזעסן אויף די פּלויטן, אויף די פּורן, אָדער געטופּעט מיט די פיס פון קעלט און געדרימלט צוגעשפּאַרטע צו די אַלטע, געלע ווענט פון די פרעמדע, אומהיימלעכע מויערן.

דער „גאָראָדאָוואָי" איז אַלעמאָל אַראָפּגעקומען מיט אַ געאייל, ווי ער וואָלט געטראָגן איבערראַשנדיקע בשורות. ער האָט זיך געלאָזט אַרומרינגלען פון די געפרוירענע און פאַרשטאַרטע מענטשן, געהייסן זיי זיך אויסשטעלן רעכטס אָדער לינקס אין רייען, ווי זעלנער, געהאַלטן מיט ערפורכט אין זיינע קורצע, גראָבע פינגער אַ קאַנצעלאַריע־בוך און צום סוף פייערלעך געמאָלדן, אַז „זייערע בלאַגאָראָדיעס" וועלן איצט טרינקען טיי. דערנאָך האָט ער לאַנג געפינטלט מיט די אויגן אין בוך, געאַרבעט מיט די גראָבע ליפּן אונטער די פאַרדרייטע וואָנסן און מיטאַמאָל אויסגעשריגן עפּעס אַ צעדרייטן קלאַנג פון אַ פאַרגרייזטן ייִדישן פאַמיליען־נאָמען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער „גאָראָדאָוואָי" פאַלט איבער דעם נאָמען, ווי איבער אַ קלאָץ און ער איז קוים אַרויסגעקראָכן מיט אַ געשריי „מאָרדקאָ".

די ייִדן האָבן געלאַכט, געמאַכט פון אים חוזק אויפן בערדיטשעווער אופן און אויף יעדן ייִדישן נאָמען, וואָס האָט זיך נישט אָנגערופן, האָבן זיי אים געענטפערט אין כאָר:

— „אַמעריקאַ"...

דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז יענער געפינט זיך אין אַמעריקע. דער „גאָראָדאָוואָי" האָט שוין נישט געוווסט וואָס ווייטער צו טאָן. איז ער מיטאַמאָל געוואָרן שטרענג און אַ געשריי געטאָן:

— שטיל זאָל זיין... סמירנאַ... נישט טומלען... זייער „וויסאָקאָראָדיע" טרינקען טיי...

און אַזוי האָבן זיך געצויגן די שעהן און מענטשן האָבן ווי פאַרגעסן, אַז פון דאַנען, פון דעם פּוסטן, אומעטיקן הויז, הייבט זיך פּאַר אַנדערע אָן דער וועג פון פּיין און טויט; אַז דאָ דרייט זיך די לאַנגזאַמע ראָד פון גורל, וואָס הענגט אָפּ פון אַ וואָרט, פון אַ שטיקל פּאַפּיר, אונטער וועלכן עס שטייט אַ לעבן פון אַ מענטש; אַז מאָרגן וועט שוין דער מענטש זיין

אַרומגעשטעלט פון אַ פרעמדן, בייזן ווילן, וואָס וועט אים אַריינפירן אין פייער פון דער מלחמה. שוין דאָ איז די צייט געווען קיינעמס נישט און די מענטשן זענען שוין געווען וויט פון זייער אייגן לעבן. און שוין איז געלעגן אויף זיי די פאַרבלאָזיקייט פון אַ סטאַדע, וואָס טוליען זיך צו צו דעם אָרט, צו וועלכן מען טרייבט זיי אַלע צוזאַמען מיט איין טריט און איין וועג, ווי דער אייניציקער אָנווייזער איז שוין דער ברייטער „גאָראָדאָוואָי" מיט די בלויע הויזן און צעווירענע, נאַסע און געשוואָלענע ווייליקעס.

דאָס אַלץ איז אויך פאַר די עטלעכע שעה קלאָר געוואָרן שמעונען, וואָס איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון אַלע, צוגעשפאַרט צו דער וואַנט. אַ שווערע מאַסע האָט געדריקט אויף אים. ער האָט שוין עטלעכע מאָל, פון זיינע ערשטע, גרויע קאַזאַרמע־שעהן געוואָלט אַנטלויפן אין דער וועלט אַריין. ער האָט שוין צוויימאָל באַהייערט, וואָס ער האָט אָנגעגעבן זיין נאָמען און זיינע פאַפּירן אין דער קאַנצעלאַריע. ער האָט אָבער ווי אין אַזעלכע פאַלן געוווסט, אַז דאָס אַלץ וואָלט זיך באַדאַרפט איבערחזרן מאָרגן און ער האָט שוין בעסער געוואָלט נאָך היינט דורכגיין די שווערע פּרוווו. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, אַז דווקא היינט איז זיין טאָג, ווידער האָט ער געוואָלט אויסמיידן דעם מאָרגנדיקן „שלעכטן" דאָקטאָר. און פון מינוט צו מינוט האָט זיך ביי אים געהויבן און געפאַלן דאָס געמיט.

עס זענען אויך אַרויס מענטשן מיט צעטלען פון באַפרייונג, אָדער פון צייטווייליקער באַפרייונג, אויף אַ האַלב, אָדער אויף אַ גאַנץ יאָר. יעדן אַזעלכן האָט דער עולם חושד געווען, אַז ער האָט זיך אויסגעקויפט פאַר געלט, וואָס ער האָט געגעבן „כאַבאַר", אָדער דורך באַמיונגען פון „מאַ־כערס". די באַפרייטע זענען גלייך פאַרשווונדן, באַגלייטע פון קנאה. זיי האָבן זיך נישט אומגעקוקט אויף די, וואָס זענען פאַרבליבן. די פאַרבליבע־נע ווידער האָבן זיך איינגעלעבט אין די אינטערעסן פון דעם שטיק קאַלטן פעלד און דעם געלן, גורלדיקן הויז, גלייך פאַר זיי וואָלט קיין אַנדער אָרט אויף דער וועלט נישט געווען.

כל־זמן די מענטשן, געבונדענע פון איין גורל, האָבן געדעשט, האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז זיי זענען זאָרגלאָז. האָט מען זיך אָבער מיט וועמען פון די מענטשן צערעדט, האָט זיך דערפילט די שווערע זאָרג און פאַר־צווייפלונג, וואָס יעדער באַזונדער האָט געטראָגן, נאָך דער קרעכץ פון יעדן באַזונדער האָט זיך פאַרמישט אין דעם רעש און נישט דערהערט געוואָרן.

אינעם פאַרלויף פון דעם משונהדיקן טאָג האָט שוין שמעון געוווסט עטלעכע געשיכטעס פון די, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט שטעלן צום מיליטער. זיי זענען געקומען מיט ווייבער, מיט כלות, אפילו מיט דערוואַקסענע קינ־דער, מיט עלטערן און גוטע פריינד. יעדער האָט דאָ וועמען געהאַט. שמעון איז געווען דער איינציקער, וואָס איז געקומען אַליין. ער איז דאָ געווען דער פרעמדער און מען האָט אים גערופן „דער פוילישער". ווייבער האָבן שוין אַרויסגעלאָזן אַ פּאָר טרערן אויף זיין באַזונדערן גורל און געפרוווט אים מכבד זיין פון די קלימיקלעך און ווייסע זעקלעך און ציבלעך, ווו זיי האָבן געהאַלטן די געבאַקענע „קאַרזשעס" און קיכלעך, וואָס זיי האָבן מיטגענומען פאַר זייערע נאָענטע.

עפּעס אַ ייד מיט אַ שטיקל ווי אָפּגעריסענע באָרד האָט שמעונען אָוועקגערופן אין אַ זייט און האָט אים גערעדט אַ שידוך, אַ גאָלד־גרוב, מיט אַ כלה אַ שיינהייט, מיט אַן אייגענער קלייט. ער האָט אפילו מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז טאָמער וועט מען אים „אַסוואָבאָדיען", איז דאָך אוודאי גוט. און טאָמער נישט, וועט מען אפשר קאָנען אים אַרויסנעמען...

דער ייד האָט אויף אים געקוקט מיט אַ פּאָר אויף טויט־פאַרזאָרגטע אויגן און האָט אפילו געוואָלט לויפן שוין ברענגען די „באַרישניע".

* *
*

שוין שפּעט, נאָכן האַלבן טאָג, האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ בלייכע ליכט, דער גרויער, קאַלטער פאַרהאַנג אויפן הימל האָט זיך געעפנט און מיט־אַמאָל האָט אַ שמייכל געטאָן די זון. די ווייסקייט אויף די פאַרשנייטע פעלדער האָט אַ שפּיל געטאָן מיט אַ בלוי ליכט, געמישט מיט גאָלדיקע פלעקן, און די קעלט איז געוואָרן ווייכער און צאַרטער.

עטלעכע שטראַלן האָבן זיך אַ וויקל געטאָן איבער די געזימסן פון דעם געלן הויז און עס האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אומגעדולדיקייט.

באַלד האָט די זון גענומען זיך זעצן און אַ ראָזיקייט האָט זיך צע־גאָסן אַרום. אַ באַנגלעכער טרויער האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון די גרינע, ווייטע דעכער. דאָס געמיט איז געוואָרן ענגלעך ביי די יידן צו אַ יום־טובדיקן פאַרנאַכט, ווען יעדער וואַרט אויף זיין גורל.

די אויפגעברויזטע אייליקייט איז, זעט אויס, געקומען פון אויבן, פון דער „נאַטשאַלסטוואָ“, דען דער „גאָראָדאָוואָי“ איז מיטאַמאָל געוואָרן פייערלעך. ער איז געלאָפן אַרויף און אַראָפּ און געאיילט:

— „ביסטראָ“... גיכער... זייער „בלאַגאָראָדיע“ איילט זיך...

שמעון איז געשטאַנען אויף די טרעפּ, וווּ עס איז שוין גוט טונקל געווען. ער האָט געפּרוווט פאַרהאַלטן דעם „גאָראָדאָוואָי“ און אים דערמאָנען אין זיך. אָבער דער „גאָראָדאָוואָי“ האָט אים נישט דערקענט. שמעון האָט אים געמוזט דערמאָנען, ווייל דער „גאָראָדאָוואָי“ האָט געדענקט נאָר דעם רובל, וואָס שמעון האָט אים געגעבן. דערפאַר האָט ער אים אַ גלעט געטאָן מיט זיין קורצער, גראָבער האַנט:

— „כאַראַשאָ“.. „כאַראַשאָ“...

אַזוי שטייענדיק אין דעם טונקל פון דעם טוכלען, געלן הויז, האָט שמעון מיטאַמאָל דערפילט ווי וויט ער איז אַוועק פון זיין פריערדיק לעבן, ווען אַלע וועגן זענען פאַר אים געווען גלייך און אָפן און קיינער האָט אויף אים נישט געהאַט קיין רעכט.

איצט האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז אין שטאָט איז דאָ אַלנאַ, וואָס איז יונג און שטאַרק און פריי און ער ווייסט נישט אירע געדאַנקען. צוליב איר איז ער אַוועק אַהער, אין דער פרעמדער ווייט.

די טונקלקייט האָט אים פלוצלונג דערמאָנט אין יענער טונקלקייט פונעם קאָרידאָר ביי מאָטיען, וווּ ער האָט דערהערט אָלגאַס שטימע און איר גיטאַרע. אפשר איז זי איצט אויך ביי מאָטיען אין צימער. און אויב מען וועט אים איצט צונעמען צום מיליטער, וועט ער זי פאַרלירן אויף אייביק. ער האָט איצט דערזען פאַר זיך אָלגאַן, אַזאַ גרויסע, אַ מעכטיקע, אַ שפּאַנענדיקע אויף אירע יונגע, קרעפטיקע פיס. ער וועט זי קיינמאָל נישט דעריאָגן. ווי גוט איז געווען אויף די פוילישע וועגן, ווען זי איז ווי אַ קינד געגאַנגען נאָך אים. איצט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ווען מען באַפרייט אים פון דאַנען , וואָלט ער געפונען אין זיך אַזויפיל נייע כוחות, ער וואָלט גענומען אָלגאַן און זי אַ פיר געטאָן, וויט, ווייט. אויף די הענט וואָלט ער זי אַוועקגעטראָגן. ער האָט אויפגעהערט זען מענטשן אַרום זיך, ער האָט אויפגעהערט הערן דעם רעש, ווי דאָס אַלץ וואָלט פאַרגעקומען ערגעץ אין דער ווייט.

ער האָט געהערט אַ ווייבעריש געוויין, עפעס האָט ווער געחלשט, עפעס האָט עמעצער געשריגן, מען האָט געשריגן מיט אַ שווערער, גראָבער שטים.

עפּעס אַ מאָדנער, באַקאַנטער קלאַנג פון אַ נאָמען און מיטאַמאָל איז אים קלאָר, אַז מען רופט אים.

יאָ, דאָס רופט מען אים. דער „גאָראָדאָוואָי“ האָט שוין עטלעכע מאָל איבערגעחזרט זיין נאָמען. שמעון האָט אַ לויף געטאָן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וואַרפט זיך אַראָפּ פון אַ הויכן שטאָק. און ער האָט געהערט ווי זיין האַרץ קלאַפּט. עמעצער האָט געזאָגט: „ער גייט גיך“, ער האָט מורא, אַז ער וועט עפּעס פאַרשפּעטיקן.

ער האָט איצט געזוכט אין זיך זיין כוח, אין וועלכן ער האָט שטענדיק געגלויבט, און עפּעס אַ קלוגשאַפט וויינע, אַז אייגענע, וואָס ליגט אין אים באַהאַלטן, וואָס העלפט אים שטענדיק; די קלוגשאַפט, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען אויף דעם גליטשיקן וועג פון אַ בעטלער. אָבער דאָ האָט געשלאָגן עפּעס אַ פרעמדער, בייזער און אומבאַקאַנטער גייסט.

שמעון איז אַרויף אויף די טרעפּ און איז אַריין אין די ברייטע, קאַלטע אָרעמס פון דעם „גאָראָדאָוואָי“, וואָס האָט אים ווי אַ וואָרף געטאָן אין אַ ליידיקן הוילן קאָרידאָר.

דאָ זענען געשטאַנען עטלעכע האַלב= און גאַנץ=נאַקעטע מענטשן און עס האָט געשמעקט מיט אַ ריח פון אַ הקדש און אַ באָד מיט גרינע זייף, אויך די בענק און די ווענט און די טיר זענען געווען נאַקעט און שמעון האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיך אויך אויסטאָן.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער באַנק, וו עס זענען געלעגן אָנגעוואָרפן בערגלעך וועש און קליידער, און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אין דער הינטערשטער קעשענע האָט ער אין אַ טאָרבעלע זיין גאַנץ געלט. אַ קליינער, שוואַרצער גוי מיט אַ הויקער האָט אים אַ שטופּ געטאָן. אָבער שמעון האָט געוווסט, אַז איבערלאָזן זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף דער באַנק איז איצט אַ צו גרויס איינשטעלעניש. האָט ער כאַפּ געטאָן דאָס זעקעלע אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט אין דער טיר פון אַ גרויסן זאַל, וו אַרום אַ גרויסן, גרינעם טיש, ביי אַ ברענענדיקער לאָמפּ אונטער אַ ווייסן אַבאַזשור, זענען געזעסן עטלעכע מענער.

דער קליינער גוי מיטן הויקער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און אים צוגעשטעלט צו אַ ווענטל און אים אַרויפגעלייגט אַ ברעטל אויפן קאָפּ. אויסבערגעמאָסטן אים, האָט ער אים איבערגעוויגן און עפּעס געשריגן צו דעם טיש, וו עס זענען געזעסן די „נאַטשאַלסטוואָ“.

די „נאַטשאַלסטוואָ" איז געזעסן אַרום אַ גרויסן, גרינעם טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ גרויסער, זילבערנער צלם און אַ גרויסער, בייכיקער, מעשענער סאַמאָוואַר, אַרום דעם טיש זענען געזעסן דריי, איינער אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט לאַנגע פּוילישע וואָנסן, מיט געדיכטע, גרויע האָר, נידעריק געשוירן ,ווי אַ באַרשט אויפן קאָפּ. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, ווייס פּאַרטוך, פון וועלכן שמעון האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ דאָקטאָר. אין מיטן איז געזעסן אַ דיקער פּאַרשוין, אַ קיילעכדיקער, מיט אַ גרויסן גאָלן קאָפּ און גרויסע, גרויע, אַרויסגעזעצטע אויגן. אויף דער קלאַפּע פון זיין קורטן, שוואַרץ רעקל האָט געבלישטשעט אַ ווייסער צלם מיט אַ גאָלדענעם קנאָפּ אין מיטן. דער דריטער איז געווען אַ מיליטערישער — מיט גאָלדענע עפּאָלעטן.

פון דער וייטן, ביי אַ באַזונדער קליין טישל, איז געזעסן אַ קליין, האַר מענטשל, מיט אַ לאַנג, גאָלן, שפּיציקן קאָפּ, מיט אַ שטייפן, הויכן קאָלנער, וואָס האָט אונטערגעשפּאַרט זיינע גרויסע, לאַנגע אויערן.

ווען שמעון איז צוגעקומען צום טיש, האָט דער הויכער דאָקטאָר אים אָנגענומען פאַרן אַקסל, אים אַ דריי געטאָן פון אַלע זייטן, צוגעלייגט דאָס רערל צו זיין ברוסט. מיטאַמאָל האָט דער מיליטערישער מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן דערזען ביי שמעונען אין די הענט דאָס זעקל און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס טראָגסטו דאָ?...

— דאָקומענטן... — האָט שמעון געענטפערט, נישט קלערנדיק.

דער מיטלסטער, מיטן גרויסן קאָפּ, האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

„— „גאָספּאָדאַ"... עס איז שפּעט... עס איז שפּעט... איך קאָן נישט... מען וואַרט אויף אונדז... אַננאַ איוואַנאָווגאַ וועט זיך באַליידיקן... שנעלער... שנעלער...

— שוין דער לעצטער.. „וואַשע בלאַגאָראָדיע". . — האָט דער קליינער מיטן הויקער געמאָלדן, שטייענדיק גלייך, מיט די הענט אויסגעצויגן.

— גיכער.. גיכער... — האָט געזאָגט דער מיליטערישער און זיך אויפגעהויבן. דער דאָקטאָר האָט עפּעס געזאָגט צום קיילעכדיקן מיטן צלם אויף דער קלאַפּע און יענער האָט זיך אנגערופן צו שמעונען:

— וואָס איז דיין אַרבעט?... אַ שניידער?... אַ שוסטער?... צי אַ „קופּיעץ?...

שמעונען האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק:

איך אַרבעט... איך מאַך פּעלצלעך... פֿאַר אונדזערע סאָלדאַטן.. אויפֿן פראָנט...

דער קיילעכדיקער האָט אַ זאָג געטאָן צום מיליטערישן:

— ער אַרבעט „נאַ אַבאָראָנו"... פֿאַרן „וואָיסק"...

דער מיליטערישער האָט זיך אויפֿגעהויבן.

— מאַך... מאַך פּעלצלעך פֿאַר אונדזערע סאָלדאַטיקעס... „כאַראַשאָ"...

—אַנדריי איוואַנאָוויטש, ס'איז שפּעט... „יעי באָגו"... דאָס ווייב וועט זיך בייזערן... נו, מיר גייען...

דער קליינער גוי מיט די לאַנגע אויערן איז צוגעלאָפֿן צום מיליטערישן, האָט אים עפּעס געזאָגט, דער מיליטערישער האָט אויסגעשריגן:

— „נאַ גאָד"... אויף אַ יאָר...

אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן. עס איז געוואָרן אַ גערודער, דער הויקער האָט אַריינגעטראָגן אַ פּאַק פֿוטערס און גענומען אָנטאָן די „נאַטשאַלסטוואָ". דער קיילעכדיקער, מיט דעם צלם אויף דער קלאַפּע, האָט אָנגעטאָן אַ גרויס, רוסיש פֿוטער מיט אַ פּעלערינע און אַ פֿוטערנע פּעסקע אויפֿן קאָפּ. דער דאָקטאָר האָט אָנגעטאָן אַן אַלטן, צו ענגן, אָפּגעריבענעם פֿוטער, ווי אַ רבנישן טוליפּ. דער מיליטערישער האָט געקלונגען מיט די שפּאָרן און דער „גאָראָדאָוואָי" איז געשטאַנען „סמירנאָ" מיט דער האַנט ביים היטל „פּאָד קאַזיראָק" און די „נאַטשאַלסטוואָ" איז מיט אַ רעש און געקלינגעריי אַרויס פֿונעם צימער.

שמעון האָט זיך אָנגעטאָן. דער קליינער מיט די גרויסע אויערן האָט געקוקט אויף אים מיט זיינע בלאַסע, טרוקענע אויגן און אים דערלאַנגט אַ גרין פּאַפּירל.

„אַ יאָר... אַ יאָר פריי... אַ יאָר? — האָט געקלאַפּט אין שמעונס האַרץ און מוח, ער האָט געוואָלט עמעצן אָנזאָגן. אויסשרייען. און ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז ער האָט נישט וועמען. ער איז אַרויס פֿונעם געלן הויז. ער האָט שוין קיינעם נישט געזען. עס איז געווען טונקל. אַ פֿרישער, לעבעדיקער ווינט האָט געבלאָזן און אויפֿן הימל האָבן געפינקלט שטערן.

*   *
*

אין דעם קורצן, פּראָסטיקן טאָג איז אויך אָלגאַ אויפגעשטאַנען נאָך אַ נישט דערשלאָפענער און אומעטיקער נאַכט. און צום ערשטן מאָל האָט אָלגאַ לאַנג געוויינט מיט אַזעלכע וויטיקלעכע, קיינמאָל נישט-געפילטע טרערן, ליגנדיק אויף איר קורץ, דערוויילע געלעגער ביי פאַניען אין צימער.

כמעט ביז פאַרטאָג האָט פאַניע גערעדט צו איר. און עס האָט לאַנג געדויערט ביז וואַנען אָלגאַ האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז אין דעם אויסגעוואַרעמטן צימערל מיט די געצירטע ווענט, ווו פאַניע האָט אַריינגעטראָגן אַזויפיל גוטסקייט צו איר, ווו זי האָט זי אַזויפיל געלערנט און צוגעזאָגט פאַר איר אַלץ צו טאָן, אַרויספירן זי אויף אַ ליכטיקן וועג — איז צווישן פאַניעס ווייסן בעט און איר געלעגער אויסגעוואַקסן עפּעס אַ טונקעלער, שלעכטער שאָטן. און כאָטש פאַניע האָט זי אַלץ גערופן „אָלעטשקאַ" און נישט גערעדט צו איר קיין שלעכטס, האָט אָלגאַ איצט דאָך געפילט, אַז זי איז דאָ איבעריק, אַז זי האָט דאָ געמאַכט עפּעס אַ שאָדן, נישט צו פאַרריכטן, און ווי אַ שטיק פון דעם שאָדן, עפּעס אַ שטעכיקער, שפּיציקער שפּליטער, האָט זיך אַריינגעקריגן צו איר אין דער ברוסט.

דאָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכדעם ווי פאַניע האָט זי געטראָפן ביי מאָטיען און אָלגאַ האָט אויף איר אופן פאַרשטאַנען, אַז פאַניע איז אייפערזיכטיק. אָלגאַ האָט נישט איינמאָל שוין געפילט ווי מען איז אייפערזיכטיק אויף איר, און שטענדיק האָט דאָס ביי איר אַרויסגערופן אַ מאָדנע באַפרידיקטקייט. זי האָט קיינמאָל נישט געקלערט, אַז דערין איז דאָ עפּעס שלעכטס.

ווען קאָלקאַ האָט זי פאַרלאָזן, האָט זי געפילט, אַז דאָס האַרץ ווערט איר צעריסן פון בענקשאַפט. זי האָט אָבער קיינמאָל נישט געקלערט, אַז קאָלקאַ איז איצט מיט אַן אַנדערער. זי האָט זיך אפילו נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ערגעץ זאָל זיין אַזעלכע, מיט וועלכע קאָלקאַ זאָל וועלן זיין. אָלגאַ האָט נאָר געוואָלט צוריק באַקומען קאָלקאַן, ער זאָל צו איר צוריקקומען. דערפאַר האָט זי לאַנג נישט פאַרשטאַנען, וואָס פאַניע האָט צו איר גערעדט, און ווען זי האָט פאַרשטאַנען, האָט זי זיך פאַר אַלעמען פאַרשעמט, ווי זי וואָלט זיך געפונען נאַקעט אויף דער גאַס.

אין יענעם אָוונט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך צעשיידט מיט שמעונען, איז זי ווי שטענדיק געגאַנגען צו פאַניען. זי איז אַריין צו די אַלטע קאָלי-

נעם, צו פֿאַניעס עלטערן, ווו זי האָט ווי שטענדיק צוגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר, געגרייט די בעטן פֿאַר די אַלטע לייט. עס איז איר אַפּילו פֿריילעך געווען דערפֿון, וואָס שמעון האָט צו איר גערעדט אויפֿן וועג, וואָס ער האָט איר דערמאָנט זייער וואַנדערן און איר געזאָגט, אַז ער האָט זי ליב.

דערנאָך, ווען די אַלטע קאַלינעס האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן און זי האָט די צוויי אַלטיטשקע געלאָזט אינעם לעצטן שטיבל, ווו עס האָט געבליצלט דאָס רויטע לעמפּל, איז איר מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן פֿון די קרעכצן, וואָס די אַלטע האָבן אַרייַנגעשיקט אין דער אָוונט־שטילקייט. יעדן אָוונט, ווען זי האָט די אַלטע באַזאָרגט, האָט זי געפֿילט ווי זיי קלאַמערן זיך אין איר, ווי זי וואָלט זיי געלאָזן געבונדענע שווימען איבערן ים, געבונדענע פֿון זייער שוואַכקייט און עלטער. ווען אָלגאַ איז אַרויס אינעם פֿינצטערן פֿאָדערהייזל, איז איר א שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפֿן זי האָט זיך דערשראָקן, געבליבן שטיין און דורכן קליינעם פֿענצטערל געזען דאָס טונקעלע געסל מיט די שיטערע, בלינצנדיקע לאַמטערן אויף דער ליידיקער אומעטיקער גאַס.

דעמלט האָט זיך אָלגאַ דערפֿילט עלנט און ס'איז איר אומעטיק געוואָרן. זי האָט זיך דערמאָנט אין אָדעס, אין די פֿריילעכע געסלעך פֿון דער „מאָלדאַוואַנקע", ווו ס'איז ליכטיק ביי די גרעקן אין די געוועלבער, ווו מען פֿאַרקויפֿט געבראָטענע ניסלעך און זיסקייטן, ווו מען שפּילט אויף באַלאַלייקעס און גיטאַרעס, ווו מען זינגט פֿריילעכע לידלעך וועגן דער „אָדעסאַ מאַמאַ".

זי איז אַריין אין צימער צו פֿאַניען. פֿאַניע איז געזעסן אָנגעטאָן אינעם פֿוטערנעם היטעלע אויפֿן קאָפּ, אינעם מאַנטל. זי האָט, ווי אַלע אָוונט, געפֿרעגט וועגן די אַלטע און אָלגאַ האָט איר געזאָגט, אַז די „סטאַרושקאַ", די אַלטע מאַמע און דער „דיעדושקאַ" זענען שוואַך. פֿאַניע האָט זיך פֿאַרשמעלט דאָס פּנים מיט די הענט און זיך ווידער צעוויינט.

אָלגאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר. זי האָט איר געוואָלט זאָגן עפּעס גוטס, אָבער זי האָט נישט געפֿונען קיין ווערטער. דעמלט האָט פֿאַניע פּלוצלונג געזאָגט:

— אָלעטשקאַ.. דו זעסט, אַז איך בין אַליין... מיינע טייערע טאַטע־מאַמע זענען אַלט און שוואַך. איך האָב נישט קיינעם.. נאָר איין מענטש. מיין מאָטיע... איז צוליב דיר האָב איך הייגט געוויינט...

— פֿאַרוואָס? צוליב מיר? —האָט אָלגאַ געפֿרעגט — איך האָב דיר עפּעס שלעכטס געטאָן,...

— איך ווייס נישט, אָלעטשקאַ... — האָט פאַניע געזאָגט — איך ווייס נישט.. אָבער דו האָסט קענען מיר נישט גוט געהאַנדלט... דו ביסט שוין נישט קיין קינד... דו ביסט אַ יונגע פרוי... און דו ווייסט, אַז די מענער זענען... אַפילו די בעסטע זענען נישט ערנסט... ווען עס האַנדלט זיך... דו פאַרשטייסט... כאָטש מיין מאָטיע איז אַן אַנדערער... דו האָסט נישט באַדאַרפט גיין צו אים אין צימער...

אָלגאַ איז שטיל געבליבן. עפּעס אַ להכעיס האָט זיך אויפגעהויבן אין אָלגאַס ווילד האַרץ. פאַניע האָט לאַנג גערעדט צו איר און צום סוף געזאָגט:

— דו, אָלעטשקאַ, האָסט דאָך אַ מענטש... אָט דער... ווי הייסט ער... שמעון... ער האָט דיך ליב... און דו פאַרשאַפסט אים ליידן...

אָלגאַ האָט געוואָלט דערציילן אַלץ, ווי זי האָט מיט איר פאָטער, מיט אירע ברידער געוואַנדערט, געקומען קיין פוילן, אַז דער „באַטקאַ“ און די ברידער זענען אָדעסער „שאַרמאַנשטשיקעס“, שפּילן אויף די הייף. אָבער זי האָט מורא געהאַט, אַז פאַניע וועט זיך דעמלט פאַר איר דערשרעקן, ווי אַלע פרעמדע מענטשן, וואָס האָבן שטענדיק מורא געהאַט פאַר זיי. זי האָט געוואָלט זאָגן, אַז מאָטיע איז אַ גוטער, אַז זי האָט נאָר געוואָלט אים פאָלגן, אַז ער איז אַ גוטער ווי אַ לערער. אָבער עפּעס אַן אַנדער געפיל פון פאַרדרוס האָט זי פלוצלונג באַהערשט. זי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט געקלערט: „איך וועל גיין מיט שמעונען... אָדער איך וועל גיין אויף דער מלחמה ווי אַ שוועסטער“...

פאַניע האָט לאַנג געשוויגן און צום סוף געזאָגט:

— יאָ, אָלעטשקאַ... איך מיין, אַז אַמבעסטן וועט זיין, ווען מיר וועלן זיך שיידן... איך האָב צו דיר נישט קיין פיינטשאַפט... אָבער איך האָב אים צופיל ליב...

דעמלט האָט זיך אָלגאַ צעוויינט. ווייל זי האָט זיך דערמאָנט אין קאָלקאַן, וואָס איז שוין אַן אָפיציר, ערגעץ אויף דער מלחמה.

אַזוי איז זי געבליבן ביז אינדערפרי אין אַ פאַרוויינטן דרימל. באַלד אינדערפרי איז זי אַוועק אויפזוכן שמעונען. זי האָט קוים געפונען זיין „סטאַנציע“, ווו מען האָט איר געזאָגט, אַז שמעון איז אַוועק פאַרטאָג. אָלגאַ האָט איינגעפּאַקט אירע עטלעכע זאַכן, מיט דער גיטאַרע, גרייט געמאַכט זיך אַוועקצוגיין. זי האָט נאָר געוואַרט אויף שמעונען. פאַניע איז

אַוועק צו דער אַרבעט. זי האָט זיך דריי מאָל אומגעקערט צוריק, געקוקט אויף אָלגאַן, ווי זי וואָלט איר געוואָלט עפּעס וואָס זאָגן. צום סוף האָט זי דורך טרערן געזאָגט:

— אָלעטשקאַ... איך בין דיר נישט קיין שונא... נעם ביי מיר אַ ביסל געלט... עס וועט דיר צונויץ קומען... אָבער די אָלטיטשקע זאָלסטו גאָרנישט זאָגן...

און זי איז אַוועק.

אָלגאַ איז אַריין צו די אַלטע לייט און, ווי יעדן טאָג, ביי זיי אויפגערוימט די צוויי שטיבלעך, איינגעהייצט און געמאַכט פאַר זיי טיי. דאָס האַרץ איז ביי איר געווען פאַרקלעמט. זי איז אַלעמאָל אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב זוכן שמעונען. אָבער שמעון האָט זיך נישט באַוויזן. נאָך האַלבן טאָג האָט מיטאַמאָל אויפגעשיינט די זון. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט פּלוצלונג דערהערט מוזיק. זי האָט געקלערט, אַז דאָס גייען זעלנער אויפן פראָנט. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין מיליטערישע מוזיק. דאָס האָט געשפּילט אַ טראָמבאָן, אַ האַרמאָשקע מיט אַ גיטאַרע, אויך אַ פלייט האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעריסן מיט אַ געדרייטן טריל. אָלגאַ האָט זיך איינגעהערט און מיטאַמאָל האָט עפּעס ווי אַ הייסע זאַך געריירט איר האַרץ. מען האָט געשפּילט דעם ציגיינער־ראָמאַנס „אָטשי טשאָרניאַ“, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן איר קוישעלע, זיך אָנגעטאָן, געכאַפּט די גיטאַרע און אַ לויף געטאָן אַראָפּ אין הויף. זי האָט נישט געקאָנט כאַפּן פון וועלכן פון די אַרומיקע הייפלעך עס הערט זיך דאָס שפּילן. זי איז אַראָפּ אויף דער גאַס און זי האָט דערזען ווי קינדער לויפן פון אַלע זייטן.

— ווו שפּילט מען?... — האָט זי אויסגעשריגן.

און זי האָט זיך געלאָזט אין אַ הויפל אַריין.

עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז די זון איז אַליין ליכטיקער געוואָרן. עס האָט געשיינט און געשטראַלט, די זון האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויפן מעשענעם טראָמבאָן, וואָס האָט געבליצט מיט ווייסן גאָלד. די שפּילער זענען געווען אָנגעטאָן אין קורצע, בלויע, רוסישע „פּאָדיאָוועקעס“, אין הויכע שטיוול און ווייסע, קאַראַקולענע היטלעך. דריי הויכע יונגען און איינער אַ קלענער, אַ ברייטער, אַ גרויער, מיט אַ רויט, אָנגעבלאָזן פּנים, האָט געבלאָזן אין דער פלייט. אָלגאַ האָט אַ לויף געטאָן און אַ פּאַל געטאָן צוריק.

די מוזיק האָט זיך איבערגעריסן, עס איז געוואָרן שטיל און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ רעוועדיק געשריי:

— אָלגאַ... טאָכטער...

אָלגאַ האָט פאַרלוירן איר היטעלע, די גיטאַרע איז געלעגן אויפן שניי. ביידע ברידער האָבן געהאַלטן אָלגאַן אויף די הענט און דער „באַטקאַ“ האָט געכליפּעט.